מלוש
(איסר מוסעלעוויטש)

# דער בונט

פון דעם לעבן פון די
יידישע היי־פּיקערניקעס
אין די „ווייט־מאונטענס"

פארלאג ח. בזשאזא, ווארשע, 1936

# דער בונט

I

מען דערציילט, אז מיט א יאר דרייסיק צוריק איז אן אָרעמער פוילישער ייד פון באָסטאָן געקומען אין ניו־העמפשייער סטייט און זיך באַזעצט מיט זיין פאַמיליע אין ליטלטאָן. ער האָט געהאַט א פרוי מיט דריי קליינע קינדער. דאָרט האָט ער געקויפט א פערד מיט א וואָגן און גענומען ארומפאָרן איבער די איינזאַמע פאַרמס און פאַרשלאָפענע שטעטלעך און איינקויפן „דזשאָנק“ — פאַרשיידענע אַלטע און צעבראָכענע זאַכן, וואָס האָבן נאָר געהאַט א שטיקל ווערט. אזוי האָט ער געפעדלט א יאָר און צוויי און די רואיקע איינוואוינער פון די „ווייט מאַונטענס“ האָבן דעמדאָזיקן „דזשו“ ליב באַקומען פאַר זיין ערלעכן און גוטמוטיקן כאַראַקטער און גערן מיט אים געהאַנדלט. זיי האָבן געוווּסט, אז ער וועט נישט אָנרירן קיין שטיקל פאַראָסטעטע אייזן אויפן וועג און וועט נישט עפענען קיין טיר פון א הויז, ווו קיינער איז נישטאָ.

און אָט האָט זיך דעם יידן געמאַכט אָפּצוקויפן אן אַלטע פאַרם מיט גאַנצע הונדערט און זעכציק אַקער לאַנד. די פאַרם איז געלעגן אויף א הויכן פלאַץ, נישט ווייט פון א וועג, וואָס לויפט קיין ווייטפיעלד. ער האָט עס געקריגן פאַר א ביליקן פרייז און אויף גוטע באַדינגונגען. דערצו האָט אים נאָך דער אַלטער פאַרמער ענדע זומער אומגעקערט דריי הונדערט דאָלאַר פאַר ערלויבן אראָפּצונעמען דעם שניט. דער ייד האָט אויסגענוצט דאָס געלט אויף איבערצובויען דאָס אַלטע הויז, פאַריכט דעם גרויסן רויטן שטאַל און דורכגעלייגט א וועג צוםברייטן סטייט־ראוד. אז אַלץ איז געוואָרן פאַרטיק, האָט דער פעדלער גענומען זיין פרוי

מיט די קינדער און זיי געבראכט אויף דער פארם אין דער נייער היים.

לאנגזאם האבן זיך אוועקגעצויגן נאך א פאר יאר. פאר דער צייט האט דעם פעדלערס פרוי געדארפט האבן א פערט קינד. איז זי אוועק אין וויטפיעלד אין שפיטאל און געבוירן א מיי־דעלע. די מוטער איז אפגעלעגן צוויי וואכן און געקומען אהיים, נאר דאס קינד איז פארבליבן אין שפיטאל, ווייל דער דאקטאר האט געזאגט, אז די בייבי וועט שטארבן, אויב מען וועט זי נעמען אהיים. זעקס וואכן האט מען דאס עופעלע דארט אפגעהאלטן. דערנאך האט מען דעם פעדלער געלאזט וויסן, אז זי איז שוין געשטארבן און ער זאל באשטעלן אן „אנדערטייקער". האט ער באשטעלט דעם „אנדערטייקער" און זיי האבן אפגערעדט זיך צו טרעפן ביים וואקזאל און פון דארטן פירן דאס קינד צו א יידישן בית עולם קיין באסטאן. אבער ער און זיין פרוי האבן ביים סטיישאן דעם „אנדערטייקער" נישט געטראפן. זענען זיי אוועק־געגאנגען אין שפיטאל. ביים אריינגאנג האבן זיי באגעגנט דעם דאקטאר און ער האט זיי געזאגט: עס איז „פאני". די בייבי איז נעכטן געשטארבן און היינט אטעמט זי ווידער. האבן זיי גע־דונגען א שליטן און געבראכט דאס קינד אהיים. אויב שטארבן — זאל עס שטארבן ביי דער מוטערס ברוסט. אויסגעדארט איז דאס געווען ווי א שפענדל, נאר די אויגעלעך האבן זיך ארויסגעזען. מען האט גלייך אויסגעמאלקן א יונגע קו און איר געגעבן זויגן פון א באטל, האט זי נעבעך נישט געהאט קיין כח צו ציען דאס מילך. מען האט איר ווידער געגעבן, און אזוי פאמעלעך, א טראפן נאך א טראפן, האט זי איין טאג אויסגעטרונקען א גאנץ גלאז מילך און דאס קינד האט אפגעלעבט און גענומען וואקסן.

דער פעדלער האט געדאנקט גאט און באשלאסן, אז ניו־העמפ־שייער סטייט וועט אויף שטענדיק פארבלייבן זיין היים.

און אט איז ער איינמאל ארויסגעפארן מיט זיין פערד און וואגן. עס איז שוין געווען ענדע אויגוסט. דער טאג איז געשטא־נען א קילער און די ארומיקע בערג זענען געווען איינגעטונקט אין א דורכזיכטיקן בלויען שלייער. געשמאק האבן געשמעקט די מאלינע־קוסטעס ביי די זייטן פון וועג. דער פעדלער איז געפארן פאמעלעך קיין בעטלעהעם און זיך שטיל אונטערגעזונגען א ימים־

נוראים־ניגון. אזוי זינגנדיק אונטערן נאָז איז ער אריינגעפאָרן אין שטעטל. אויף מעין סטריט איז געווען פוסט. נאָר דאָ און דאָרט אויף די וועראַנדעס פון עטלעכע קריסטלעכע האָטעלן האָבן זיך געזען איינצלנע געסט, וואָס האָבן זיך פויל אונטערגעוויגט אין „ראָקינג טשערס". דער ייד האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ קליי־נעם קאָטעדזש, איינגעהאַנדלט אַ ביסל שמאַטעס ביי אַן אַלטן פאַרמער און זיך געזעצט אויפן וואָגן צו פאָרן ווייטער. נאָר דאָ איז צו אים צוגעקומען אַ מאַן מיט אַ טשעמאָדאַן אין האַנט. די אויגן ביים פרעמדן זענען געווען פאַרשוואָלן און אַנטצונדן און דער נאָז רויט. דער מאַן האָט געפרעגט דעם פּעדלער, צי ער איז אַ ייד און באַלד האָבן זיי זיך ביידע דערפרייט איינער מיטן צווייטן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער גאַסט ליידט פון אַ מאָדנער קראַנקהייט, וואָס מאַכט אים אַלע ווייַלע צו ניסן, אַז ער פאַרלירט אַזש זיין קאָפּ. ער קאָן נישט געפינען קיין רעטונג. און דאָס הזרט זיך איבער אַלע יאָר פון מיטן אויגוסט ביז ענדע סעפּטעמ־בער. די אויגן בייסן אים אַזוי, אַז ער ווערט ממש משוגע. אַ דאָקטאָר האָט אים געראָטן פאָרן אין די „ווייט מאַונטענס". איז ער נעכטן פאַרנאַכט געקומען אַהער און אריינגעפאָרן אין אַ האָטעל. נאָר אין מיטן דער נאַכט האָט מען אים אויפגעוועקט און געהייסן גיין. מען האָט זיך דערוווסט, דאָס ער איז אַ ייד. עס האָבן נישט געהאָלפן זיינע טענות. אַ טיף־באַליידיקטער איז ער אַוועק אין אַ צווייטן האָטעל. אָבער דאָרט האָט זיך ווי־דערהאָלט דאָסזעלבע. ער האָט אין דער פרי געמוזט פאַרלאָזן דעם פּלאַץ און איצט וויים ער נישט, וואָס צו טאָן און וווהין צו גיין.

דער מאַן האָט אויסגעזען צו זיין פאַרצווייפלט.

— פריער פון אַלץ — קריכט־אַרויף אויפן וואָגן, — האָט געזאָגט דער פּעדלער.

— וואָס־זשע וועט זיין?

— איך האָב דאָ נישט ווייט אַ פאַרם אויף אַ באַרג און די לופט איז דאָרט נאָך בעסער ווי אין בעטלעהעם. איר וועט קאָנען זיין ביי מיר.

דאָס האָט דער פרעמדער גאָרנישט דערוואַרט און זיך שטאַרק דערפרייט. פאַר אים איז דאָס געווען ממש ווי אַ נס. ער איז אַרויפגעקראָכן אויפן וואָגן און דער פּעדלער האָט אַ קער

געטאָן דאָס פערד אויף צוריק און ווידער זיך פאַמעלעך געפאָרן און שטיל אונטערגעברומט אַ ימים ־ נוראים ־ ניגון.

---

אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג האָט דער גאַסט אָפּגעלעבט אויפן באַרג. ער האָט אויפגעהערט צו ניסן, די אָנטצינדונג און די בייסעניש פון די אויגן איז אַוועק און ער האָט געקאָנט רואיק איבערשלאָפן די נעכט. וועגן דעם וואונדער האָט ער געשריבן צו זיינע אייגענע און פריינט און צו אייניקע באַקאַנטע מענער און פרויען, וואָס האָבן געליטן פון דערזעלבער קראַנקהייט. עס האָט גענומען אַ וואָך צייט און ביים פעדלער אין הויז האָבן זיך באַוויזן נאָך אַ פינף געסט. ער האָט געליגן אין אַ באַנק געלט, גע־דונגען אַרבעטער און מיט זיי זיך אַוועקגעשטעלט בויען אַ באַנ־גאַלאָ פון עטלעכע צימערן און אַריינפירן וואַסער אין גרויסן הויז. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט דער צייט וועט ער דאָ מאַכן גוטע געשעפטן. עס זענען פאַראַן אַזויפיל, וואָס ליידן פון דער מאָדנער קראַנקהייט. וועגן דעם האָבן אים דערציילט די געסט. מען דאַרף נאָר האָבן צימערן. די ,,וויט מאַונטענס'' וועלן שוין צוציען די היי ־ פיבערניקעס.

דעם צווייטן סעזאָן האָט דער פעדלער געהאַט ביי זיך אַ צען געסט. מיט אַ יאָר שפּעטער — נאָך מער. די היי־פיבערניקעס זענען נישט געזעסן רואיק. כמעט יעדער פון זיי האָט געטראַכט צו עפענען אַן אייגענעם פּלאַץ און איינער פון זיי, אַ רייכער מאַן, האָט אָפּגעקויפט אין בעטלעהעם אַ גרויס שטיק ערד און אָנגע־הויבן בויען אַ דריי ־ שטאָקיקן האָטעל מיט אַלע מאָדערנע איינריכטונגען. ער האָט עס ברייט אַנאָנסירט אין אַלע יידישע צייטונגען און אין פאַרלויף פון עטלעכע סעזאָנען איז דער פּלאַץ געוואָרן באַוווּסט. אַלץ מער און מער היי ־ פיבערניקעס און אַסטמע ־ קראַנקע האָבן אָנגעהויבן צו פאָרן קיין בעטלעהעם. דאָס פאַרשלאָפן קוראָרט ־ שטעטל האָט גיך אויפגעלעבט. דער־נאָך האָבן אַנדערע יידן גענומען בויען נאָך האָטעלן און קאָ־טעדזשעס, עפענען פאַרשיידענע סטאָרס. עס האָט זיך באַוויזן אַ יידישער בעקער, וואָס האָט געבאַקן היימיש ברויט און געשמאַקע

חלות פאַר שבתים און יום טובים. דערזעלבער בעקער איז אַרומ־געפאָרן אין אַן אַלטן פאָרדל פון קאָטעדזש צו באַנגאַלאָ מיט אַ טונעלע הערינג. מען האָט אָפּגעקויפט אַ פאַרמאַכטן קלויסטער און עס איבערגעבויט פאַר אַ בית המדרש. עס האָט זיך אויך גענומען פילן אַ נויטבאַדערפטיקייט פאַר אַ האָום פאַר די אָרעמע היי ־ פיבערניקעס און אַסטמע ־ קראַנקע, וואָס האָבן אַלץ אין אַ גרעסערער צאָל גענומען קומען קיין בעטלעהעם, זיך וואַרפן אַלעמען אין די אויגן, פאַרדרען שטיצע און אַ דאַך איבערן קאָפּ.

און אָט האָט זיך געגרינדעט אַן ענגער קאָמיטעט, וואָס האָט אָנגעהויבן שאַפן אַ פאָנד פאַר דעם געפּלאַנטן צדקה־אַנשטאַלט. מען האָט שוין גענומען זוכן אַ פאַסנדיקן פּלאַץ, ווו אויפצובויען די האָום. דער „הקדש" האָט זיך געדאַרפט געפינען וואָס ווייטער פון שטעטל, ווייל אַנדערש וועלן זיך די קבצנים תמיד אַרומ־דרייען איבער מעין סטריט און די געסט אין די האָטעלן וועלן פון זיי נישט האָבן קיין רו. מיט דעם זענען אַלע געווען איינשטימיק.

ענדלעך האָט מען אָפּגעקויפט אַ פאַרם, וועלכע האָט זיך געפונען אַ פינף מייל פון בעטלעהעם, האַרט ביי אַ וועג, און דער קאָמיטעט האָט פאַררופן אַ מיטינג אין איינעם פון די רייכע האָ־טעלן. אַ יונגער דאָקטאָר, אַ רעפאָרם ־ ראַבאַי, וואָס איז געווען אַ גוטער רעדנער, האָט געמאַכט אַן אַפּיעל פאַר געלט, ווייל מען האָט געוואָלט גלייך אַוועקשטעלן אַרבעטער איבערצובויען די פאַרם און זי צופּאַסן פאַר אַ האָום. דער דאָקטאָר האָט מיט גע־דיכטע שוואַרצע פאַרבן געשילדערט די לײַדן פון די היי־פיבער־ניקעס און באַזונדערס האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף די פּייני־קונגען פון די אָרעמע, וואָס האָבן נישט די מעגלעכקייט צו קו־מען אין די „ווייט מאָונטענס".

אין דערזעלבער צייט האָט אין קאַסינאָ פון האָטעל, ווו ס'איז פאָרגעקומען דערדאָזיקער מיטינג, געשפּילט אַן אָרקעסטער און פאָרלעך האָבן געטאַנצט. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען איינער אַ רייכער ריעל עסטייטניק מיטן נאָמען דוד סאָקאָל, וועלכן פיל האָבן געקענט אין בעטלעהעם פאַר אַ גרויסן הוליאַק, דאָן זשואַן און קאָרטן ־ שפּילער.

דער באַלעבאָס פון האָטעל האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט וועגן מיטינג און אים געראָטן צו שטיצן די אונטערנעמונג.

סאָקאָל איז געווען גוט אויפגעלייגט און אויך געוואָלט זיך אויס־פּיינען פאַר זיין דאַמע, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר יוגנט און אויסזען.

— איך גיב פינף הונדערט דאָלאַר פאַר דער געפּלאַנטער האָום, — האָט ער געזאָגט, ארומגענומען זיין דאַמע און איז אוועק מיט איר ווייטער טאַנצן.

נאָר אין א ווײַלע אַרום איז מען פון מיטינג געקומען אים רופן און ווען דער עולם האָט אים דערזען, האָבן אַלע הילכיק געפּאטשט בראַוואָ. דערנאָך האָט ער דערלאַנגט דעם פּאָרזיצער דעם טשעק אויף דער צוגעזאָגטער סומע און פאַרשפּראָכן צו געבן נאָך, אַז די האָום וועט ווערן פּאַרטיק.

שפּעטער, ווען מען האָט גענומען קלייבן באַאַמטע, איז ער נאָמינירט געוואָרן אין דער עקזעקוטיווע. נאָר צום סוף פון מי־טינג איז דוד סאָקאָל איינשטימיק אויסגעקליבן געוואָרן פאַרן ערשטן פּרעזידענט פון דעם נייעם צדקה ־ אַנשטאַלט, וואָס האָט געדאַרפט אויסגעבויט ווערן אין דעם נייעם בית־לחם.

און דאָס שטעטל איז געוואַקסן. אין פאַרלויף פון נאָך עט־לעכע יאָר איז האַלב בעטלעהעם שוין געווען אין יידישע הענט. נייע האָטעלן, קאָטעדזשעס און באַנגאַלאָס האָבן זיך צעשפּרייט אויף אַלע זייטן און איבער גאַנץ אַמעריקע האָט מען שוין גע־ווּסט, אַז ווי נאָר אין מיטן אויגוסט עס הויבן־אָן צו בליען די „גאָלדען ראַד" און „רעג וויד", איז די בעסטע רפואה פאַר די היי ־ פיבערניקעס אוועקצופאָרן אין די „ווייט מאָונטענס" און באַזונדערס קיין בעטלעהעם, וואָס רעכנט זיך פאַר דעם בעסטן פּלאַץ.

עס זענען פאַרביי א צען יאָר. א גרופּע פּאַציענטן האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן ביים הויפּט־אַריינגאַנג פון האָום פאַר אָרעמע היי־פיבערניקעס. זיי האָבן מיט אומגעדולד געקוקט אויפן וועג און אַלץ געוואַרט, עס זאָל זיך שוין באַווייזן דער קליינער טראָק, אין וועלכן עס זאָל אָנקומען דוד סאָקאָל, דער געוועזענער גביר און ערשטער פּרעזידענט פון דעמדאָזיקן אַנשטאַלט.

נאָך מיט אַפּאָר טעג פריער האָט דער מענדזשער פון האָום, א מאַן מיט א פּנים פון אַן אומעטיקן פויגל, דערציילט די פּאַ־ציענטן די נייעס, אַז סאָקאָל האָט שטאַרק געליטן אין פאַרשיי־

דענע שפּעקולאַציעס אויף וואָל סטריט. ער האָט אַלץ פאַרלאָרן און קומט איצט אַהער ווי אַן אָרעמער פון די אָרעמסטע. די אַלטע היי־פיבערניקעס, וואָס האָבן סאַקאָלן געקענט פון פריער און געוווּסט, ווי בריית און פאַרשווענדעריש ער האָט געלעבט, האָבן אָפן אויסגעדריקט זייער צופרידנהייט, אַז נישקשה, זאָל ער אויך פאַרזוכן דעם טעם פון נויט און וויסן, ווי שווער עס איז צו שטיין ביי פרעמדע טירן און בעטן אַ טובה. און אַ קליינער דאַרער אַלטיטשקער, אַ געוועזענער אַקטיאָר און קופּלעטיסט, וואָס איז תמיד גרייט געווען זיך צו טומלען אַ ביסל און מאַכן שפּאַס, האָט באַשלאָסן צו געבן דעם חשובן פּאַציענט און געפאַלענעם עושר אַ פיינעם ברוך הבא. ער האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ כאָר פון יונגע און אַלטע פּאַציענטן און גאַנצע צוויי טעג איינגעחזרט דאָס פּאָפּולערע פאָלקס־ליד, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער „אויסגעשפּילט, אוי וויי, אויסגעשפּילט".

ס'איז געווען פאַרנאַכט־צו. די זון האָט זיך געזעצט הינטער די בערג און אַ ראָזעווע רואיקייט און אַ שטילער אומעט האָט זיך צעשפּרייט איבער דער וווּנדערבאַרער געגנט.

— חברה, דער מיליאָנער קומט אָן! — האָט זיך אַ וויצל־געטאָן אַ בחורל אין ברייטע הויזן. — די מאַשין פּייפט שוין. סמירנאָ! שטעלט זיך אויס!

— אַ קרענק וועל איך זיך שטעלן! — האָט פּראָטעסטירט אַ יידענע מיט אַ שפּיציקן רויטן נאָז. — ווער איז ער! אַזאַ קבצן, ווי מיר אַלע.

— שטיל זאָל זיין! — האָט אַ געשריי־געטאָן דער אַלטיטשקער קופּלעטיסט. — אָרדענונג!

אָבער קיינער האָט זיך נישט באַוויזן און זיי האָבן ווידער געטומלט, געשפּאַסט און געלאַכט.

נאָר אָט איז טאַקע אָנגעלאָפן דער קליינער טראָק פון האָום און עטלעכע מאָל הייזעריק אָנגעזאָגט, אַז ער קומט און ברענגט מיט זיך דעם חשובן גאַסט. דער כאָר האָט זיך אָוועקגעשטעלט ביי די טרעפּ פון אַריינגאַנג. דאָס פּאָרדל האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים אַנשטאַלט, און ווי נאָר סאַקאָל איז אַרויס. פון מאַשין, האָט דער געוועזענער קופּלעטיסט זיך אַרויסגערוקט פאָראויס, אויפגעהויבן די רעכטע האַנט, אין וועלכער ער האָט ווי אַ קאַפּעל־

מייסטער געהאַלטן אַ לעפל, אַ קאָמאַנדע־געטאָן: איינס, צוויי, דריי, און אַלע האָבן אָנגעהויבן צו זינגען:

„אויסגעשפּילט, אוי ווײ אויסגעשפּילט!

אויסגעשפּילט, הייסט פּשוט: פּאַק זיך איין.

אויסגעשפּילט, אוי ווײ אויסגעשפּילט,

אויסגעשפּילט, ווינטש איך קיינעם נישט צו זײַן".

סאָקאָל איז געבליבן שטיין אַביסל צעטומלט און נישט געוווסט, ווי צו רעאַגירן אויף דעמדאָזיקן טשיקאַוון ברוך הבא. זײַן פּנים האָט זיך פאַרקרימט אין אַ מאָדנעם ווייטאָקדיקן שמייכל. ער האָט מיט פאַרדראָס געפרעגט:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ קאָנצערט?

דער כאָר איז פּלוצים שטיל געוואָרן. דער קופּלעטיסט האָט הכנעהדיק זיך פאַרענטפערט:

— מיסטער לעבן, אַ געזונט אויף אייער קאָפּ, אַז מען קומט אין „הקדש" איז מען אויסגעשפּילט.

אויף סאָקאָלס פּנים האָט זיך באַוויזן אַן אומעטיקער שמייכל.

— ס'איז אַלרייט, ס'איז אַלרייט, דאָס איז פיין צוגעטראַכט. קיין בעסערן ברוך הבא האָט מען גאָר נישט געקאָנט געבן. יאָ, ער איז אויסגעשפּילט, אויסגעשפּילט.

עס איז אָנגעלאָפן דער מענעדזשער, געגומען שרייען אויף די לײַט. נאָר סאָקאָל האָט אים באַרואיקט. עס מאַכט נישט. חברה האָבן זיך אַ ביסל לוסטיק געמאַכט. עס מאַכט נישט... און ער האָט זיך געלאָזט צום אַרײַנגאַנג פון אַנשטאַלט און נאָך אים דער אַלטיטשקער קופּלעטיסט מיט זײַן גאַנצן כאָר.

---

אַ ווײַלע שפּעטער האָט דער מענעדזשער אַרײַנגעפירט סאָקאָלן אין אַ ריין צימער, וווּ עס האָט זיך שוין געפונען אַ הויכער דאַרער יונגערמאַן מיט אַ לענגלעך פּנים און אויגן פון אַ מאַנגאָל. דאָס איז געווען חבר פּאָל, אַן אָרעמער יידישער שרײַבער, אַ מיטאַרבעטער פון אַ קאָמוניסטישער צײַטונג. דער מענעדזשער האָט זיי באַקאַנט. סאָקאָל האָט אָפן אויסגעדריקט צופרידנקייט מיט זײַן נײַעם שכן און שטאַרק געדריקט זײַן האַנט. אַ שרײַבער און אַ קאָמוניסט. דאָס איז אויסגעצייכנט. עס וועט זײַן מיט וועמען צו רעדן אַ וואָרט. זײַן איין־און־איינציקע טאָכטער איז אויך אַ רויטע.

סימפּאַטיזירט מיט דעם סאָוויעטן - פאַרבאַנד. אמת, ער איז נאָך ווייט פון צו זיין אַ באָלשעוויק. נישט אַלץ, וואָס קומט פאָר אין רוסלאַנד, איז אים צום האַרצן. אָבער די לעצטע צייט פּלאָנטערן זיך אים אין קאָפּ פאַרשידענע געדאַנקען. איינער האָט אַ סך און דער צווייטער גאָרנישט. ס'איז אַ וועלט אָן גערעכטיקייט.

חבר פּאָל האָט זיך צוגעהערט, געשמייכלט. סאָקאָלס אָפן רוסיש פּנים איז אים געפעלן געוואָרן. ס'זענען אים אויך געוועזן צום האַרצן זיינע ערשטע ווערטער. דערצו האָט ער שוין געוווּסט פון מענעדזשער, אַז סאָקאָל האָט אין זיין לעבן אַ סך דורכגעמאַכט, איז געוועזן אַ הוליאַק און געפירט ליבעס מיט פיל פרויען. חבר פּאָל איז געוואָרן נייגעריק וואָס גיכער זיך מיט אים צו באַפריינדן. ער האָט געוואָלט גלייך פאַרפירן מיט אים אַ שמועס, נאָר מען האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר און גערופן עסן וועטשערע און אין אַ פּאָר מינוט אַרום זענען זיי ביידע אַרויס פון צימער.

אין עס־צימער איז געוועזן ליכטיק און טומלדיק. די מערסטע פּאַציענטן זענען געזעסן ביי די טישן און געגעסן. אַלע האָבן נייגעריק אָנגעקוקט סאָקאָלן און ער האָט פאַרלאָרן געשמייכלט, נישט געוווּסט, וואָס צו זאָגן. נאָר דער אַלטיטשקער קופּלעטיסט האָט זיך געפילט עפּעס ווי שולדיק קעגן אָט די אָרעמע מענטשן און האָט אים פריילעך באַגריסט און דאָס האָט אים באַפרייט פון דער פאַרלעגנהייט.

— אַ גוטן אַפּעטיט, אַ גוטן אַפּעטיט! — האָט ער אַ זאָג געטאָן צו אַלעמען און פיל האָבן אים הילכיק געענטפערט:

— קומט עסן, קומט עסן!

דער מענעדזשער איז צוגעקומען און געפרעגט סאָקאָלן, ווו ער וויל זיצן. נאָר חבר פּאָל האָט אים פאָרגעשלאָגן צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ ביי דעם ,,קאָמוניסטישן'' טיש, ווו עס האָבן זיך גרופּירט רעוואָלוציאָנערע פּאַציענטן פון האָום. סאָקאָל האָט די איינלאַדונג גערן אָנגענומען. ביי דעם ,,קאָמוניסטישן'' טיש זענען געזעסן צוויי מענער און דריי פרויען. אויף איינער פון זיי האָט זיך סאָקאָל גלייך פאַרקוקט. דאָס איז געוועזן חברטע סאַשע, אַ יונגע שאַטינקע מיט אַ פיין פּנים און געשמאַקע, פולע, רויטע ליפּן, נישט קיין געפאַרבטע. זי איז אויך געוועזן גוט געבויט.

חבר פּאָל האָט פאָרגעשטעלט דעם גאַסט, ווי אַ סימפּאַטיקער־

פון קאָמוניזם, און חברטע סאַשע האָט אים גלייך פאַרוואָרפן מיט פאַרשידענע פראַגן. זי האָט געהאַט א טבע צו רעדן אַ סך און פלעגט גערן פאַרפירן אַ דיסקוסיע איבער יעדער קלייניקייט. דער־בײַ פלעגט זי אַרויסווייזן אַ סך איינגעשפּאַרטקייט און פלעגט זיך קיינמאָל נישט וועלן אונטערגעבן, כאָטש מערסטנס פלעגט זי זײַן אומגערעכט.

איצט האָט חברטע סאַשע אין דער שטיל גענומען דערציילן, אַז נעכטן האָט מען ווידער געבראַכט פון שטעטל אַ גאַנצן זאַק טשיקן־העלזלעך און פופּקעס, וואָס מען האָט אויסגעשנאָרט בײַ די רײַכע האָטעל־קיפּערס פאַר די אָרעמע היי - פּיבערניקעס פון האָום. פאַרוואָס זאָל מען נישט קויפן קיין פלייש פאַר זיי? זיי האָבן דאָך מסתּמא געגנוג געלט. אָט וועט מען זיי מאָרגן נאָך אַמאָל אונטערטראָגן אויף וואַרעמעס קאָטלעטן געמאַכטע פון הינ־נער־פּופּקעס, וואָס זענען אפשר נישט קיין פרישע.

סאָקאָל האָט זיך צוגעהערט, וואָס חברטע סאַשע רעדט און דאָס בלוט האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן אין פּנים. ווען ער איז געווען פּרעזידענט פון האָום, פלעגט פאָרקומען דאָסזעלבע. נישקשה, — האָט ער דאַן געטראַכט, — די שנאָרערס וועלן אַלץ פאַרדייען. און איצט וועט ער אַליין דאַרפן עסן די פּופּקע־קאָטלעטן. דאָך האָט ער באַמערקט, אַז פאַר זײַן צײַט איז אַזוי נישט געווען, זיך שטיל צעלאַכט און דערציילט עפּעס אַ מעשה מיט אַ גראָבער גאַליציאַנער יידענע, וואָס איז געקומען אין האָום און גלייך געפאָדערט אויף דינער אַ סטייק. דער מענעדזשער האָט איר געהייסן עסן, וואָס מען גיט, אָדער גיין געזונטערהייט. אָבער ער איז דאַן גראָד געווען אין אַנשטאַלט. די יידענע איז אים געפעלן גע־וואָרן. גיב אַהער און פאַרטיק. ער האָט גלייך געגעבן אַן אָרדער, מען זאָל אָפּרופן דעם בוטשער און אַלע פּאַציענטן האָבן אויף וואַרעמעס געהאַט סטייק.

— מיר וועלן מאָרגן טאָן דאָסזעלבע, — האָט געשמייכלט חבר פאָל.

— מען דאַרף פּראָטעסטירן, — האָט צוגעגעבן חברטע סאַשע.

נאָך סאַפּער האָט סאָקאָל אַרומגעקוקט די נײַע קיך. בײַם גרויסן, הייסן, אײַזערנעם אויוון איז געשטאַנען די קעכין, אַ יונגע

פרוי מיט פּיבּערדיקע, פּייכטע, טונקעלע אויגן און קרענקלעכע, ראָזעווע פלעקן אויף די איינגעפאַלענע באַקן. דאָס איז געווען דעם מענעדזשערס פרוי און זי האָט סאָקאָלן נאָך געקענט פון פריער. ער האָט זי פרייַנטלעך באַגריסט און דערלאַנגט די האַנט. די פרוי איז געוואָרן רויט און זיך פאַרהוסט פון אויפרעגונג. אין גאַנצן הויז איז זי געווען די איינציקע, וואָס האָט באמת רחמנות געהאַט אויף דעם געפאַלענעם נגיד. איין קלייניקייט, אליין געווען דער פּרעזידענט פון האָום און איצט האָט אים גאָט אַזוי געשטראָפט, אַז ער מוז אָנקומען נאָך שטיצע און עסן ביי אַן אומ־זיסטן טיש.

— האָט איר „ענטזשויעט" דעם סאַפּער, מיסטער סאָקאָל?— האָט געפרעגט די קעכין און אָפּגעווישט מיטן פאַרטוך די אויגן.

— אויסגעצייכנט, אויסגעצייכנט. אַלץ איז געשמאַק און גוט. אָבער אין דער אמתן האָט אים דאָס עסן געשטיקט און ער איז אַרויס זיך דורכגיין מיטן שטילן וועג, וואָס איז געלאָפן פאַרביי די האָום. ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך. זיך אַלע ווײַלע אָפּגעשטעלט, אָדער אָנגעקוקט די לייכטנדיקע גלי־ווערים אין די גראָזן ביי די קוסטעס, וואָס זענען געוואַקסן ביי די זייטן. עטלעכע פאָרלעך זענען פאַרלאָפן דעם וועג. ער האָט דערקענט חבר פּאָל און אַ קליינינקע שוואַרצע פרוי, וועלכע ער האָט געזען ביי דעם „קאָמו־ניסטישן" טיש.

— נו, ברודערקע, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן וועגן זיך,— מען וועט זיך דאַרפן נעמען אין די הענט, אויס פרויען. אָפּגע־הולטאַיעוועט. מען וועט דאַרפן אָפּזיצן דאָ די פּאָר וואָכן שאַ שטיל. אפילו זיך נישט באַווייזן אין בעטלעהעם.

2

סאָקאָל האָט זיך דערמאָנט די איבערלעבונגען פון לעצטן יאָר. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן, ווי אַ קאָשמאַר, וואָס האָט אים גע־האַלטן אין איין שטיקן און ווערגן. דאָס אומגליק איז אָנגעלאָפן מיט אַמאָל, ווי אַ שטורעם, אַלץ איבערגעקערט, פאַרטראָגן, ווי אַ וואָלקן שטויב, זיין רייכטום און עס צעשפּרייט איבער אַלע טיילן פון דער וועלט. ער האָט געקריגן איין קלאַפּ נאָכן צווייטן און נישט

געקאָנט אָנכאַפּן דעם אָטעם, קומען צו זיך. דער בראָקער האָט געפּאָדערט אַלץ נייע און נייע סומען געלט. ער איז אַרומגעלאָפן פון איין באַנק אין צווייטן און פאַרזעצט א הויז נאָך א הויז. איין מאָל האָט ער אין איין טאָג פאַרלאָרן איבער פופציק טויזנט דאָלאַר און זיך דערפילט קראַנק פון עגמת נפש. ער איז אַרויס פון בראָקערס אָפיס ווי א צעטומלטער. א קאַלטער שווייס האָט באַדעקט זיין קערפּער. די קני האָבן ביי אים געציטערט, זיך גע־בויגן פון שוואַכקייט, ווי ער וואָלט דערפילט די עלטער, וואָס האָט זיך פּלוצים אָנגערוקט אויף אים. ער איז געגאַנגען איבער די גאַסן און מורא געהאַט, אז אָט־אָט וועט ער אַנידערפאַלן און שטאַרבן פון א האַרץ־שלאַג. אין קאָפּ האָבן זיך ביי אים גע־פּלאָנטערט פאַרשיידענע ציפערן, וואָס זענען געשפּרונגען פאַר זיינע אויגן ווי פאַנטאַסטישע באַשעפענישן. ער האָט געהאַלטן אין איין רעכענען און נישט געקאָנט קומען צו קיין טאָלק. איין זאַך האָט ער קלאָר פאַרשטאַנען, אז זיין פאַרמעגן ווערט אַלץ קלענער, פאַלט אַרויס פון זיינע הענט, ווערט אַוועקגעטראָגן פון אימיצן, וואָס ווייס נישט פון קיין רחמנות און אָט־אָט וועט ער ווערן אן אָרעמאַן.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי א קאָרנער פון א טומלדיקער סטריט. אַרום און אַרום האָט געקאָכט דאָס פילפאַרביקע לעבן פון דער גרויסער שטאָט. די הויכע, שלאַנקע געביידעס האָבן אויף אים איצט אָנגעוואָרפן א מורא. ער האָט א טראַכט געטאָן: זאָל ער נעמען א טאַקסי און פאָרן א היים. ער וועט זיך פאַרשפּאָרן אין זיין צימער, איבערשלאָפן די נאַכט און מאָרגן זען צו שאַפן נאָך געלט. פאַר די לעצטע צוויי הייזער וועלן אים נאָך די בענק געבן א גרויסע סומע. אפשר וועלן זיינע אַקציעס ווידער אָנהויבן שטייגן און ער וועט ראַטעווען דאָס פאַרלאָרענע. מען דאַרף נאָר נישט אַריינפאַלן אין א פּאַניק. ער וועט זיך נעמען אין די הענט. זיין פרוי וועט ער גאָרנישט דערציילן. זי וועט אויפהויבן א געוואַלט און אים פאַרפייניקן. פאַרוואָס האָט ער זיך נישט צוגעהערט צו אירע גוטע עצות? אָט איז דער און יענער געוואָרן א מיליאָנער אין איין נאַכט ווי דורך א צויבער, ווי אין א מעשהלע: זיי האָבן אַריינגעכאַפּט אין די פויסטן דאָס גאָלדענע פויגעלע, וואָס איז

ארומגעלאָפן ארום זייערע הענט. זי וועט שוין האָבן צו אים טענות און טענות.

ניין, ער וועט איצט אהיים נישט פאָרן. זי וועט אים נישט לאָזן בלייבן אליין. אָבער וואוהין גייט מען? ווו טוט מען זיך אהין?

ער האָט ארויסגענומען דעם גאָלדענעם זייגער פון קעשענע. עס איז געווען האלב נאָך דריי. אָפּרופן זיין מעטרעסע איז געווען נאָך צו פרי. עס וואָלט געווען גוט צו פארברענגען מיט איר דעם אָוונט און די גאנצע נאכט. זיך לאָזן פארלאשטשען פון איר אזש ביז צום טויט. ער פילט זיך אזוי מיד און פוסט אויף דער נשמה, אז אים וואָלט זיך געוואָלט שטארבן.

אָבער דאָ האָט ער זיך דערמאָנט, אז די לעצטע צייט איז זי אלץ קאפריזנער און קאפריזנער מיט אים, גיט אים אָנצוהערן וועגן נייע טייערע מתנות און אז זי דאַרף האָבן געלט. איר זשעדניקייט וואקסט. זי האָט אפנים דערשפּירט, אז אים האָט אָנגעהויבן צו גיין שלעכט. און אפשר וויל זי שוין אינגאנצן פון אים פּטור ווערן? פאר איר יונגן שיינעם קערפּער קאָן זי אפשר קריגן א גרעסערן פּרייז, ווי ער צאָלט איר.

ער האָט באשלאָסן אריינצוגיין אין א רעסטאָראן און אויס־טרינקען א קאפע קאפע. ער האָט זיך געוואָלט אביסל דערוואַרע־מען, כאָטש אינדרויסן איז געשטאנען א זוניקער טאָג. עס איז געווען ענדע אָקטאָבער. ער האָט אלע ווײַלע אויפגעציטערט. ער האָט זיך א טאפּ געטאָן דעם שטערן. וואָס טוט זיך מיט אים? האָט ער פיבער?

ער איז אוועק צו בראָדוויי און געזוכט א קאפעטעריע. ער האָט געטראכט צו זיצן דאָרט ביז אזייגער פינף. ער וועט קוקן, ווי דער עולם גייט אריין און ארויס, קלינגט מיט געפעס, מיט גאָפּל און מעסער און אין דעם חלל טראָגט זיך א פרייל־עכער טומל פון זאַטקייט. ער וועט דאָרט פארפירן מיט אימיצן א האַר־ציקן שמועס, דערציילן וועגן זיין צושטאנד און אפשר קריגן א גוטן ראַט, ווי צו האנדלען ווייטער.

יאָ, ער וועט צורופן צו זיך א גאָר פרעמדן פשוטן מענטשן פון גאס. יענער וועט אים זיכער אויסהערן מיט סימפּאטיע און מיטגעפיל. מיט וועמען דען זאָל ער רעדן? אלע, אלע פריינט זיינע זוכן נאָר זיין געלט און ווילן אים נישט פארשטיין.

ער איז טויט־מיד פון אזא לעבן. זאָל אַלץ אוועקגיין מיטן רויך, צו אַלדי שווארצע יאָר! צו וואָס האָט ער געדאַרפט אזוי האָרעווען נאָכאַנאַנד און נישט האָבן קיין רו טאָג און נאַכט. אפילו הוליענדיק מיט חברים און פרויען איז ער שטענדיק געווען צע־רודערט און זיין נשמה האָט געוויינט אין אים.

סאַקאָל איז געבליבן שטיין אין מיטן טראָטואַר און א טראַכט געטאָן, אַז ער מוז זיין זייער קראַנק, ווייל משוגענע גע־דאַנקען קומען אים אין קאָפּ. מען דאַרף פאָרן אַהיים, אַהיים.

נאָך ער איז צוגעגאַנגען צו בראָדוויי און אריין אין א קאַפעטעריע. ער האָט גענומען א קאַפע קאַפע און זיך געזעצט ביי א קליין טישל. אַנטקעגן אים האָבן געגעסן אַן אָרעמע וועטשערע א מיידל מיט א בחור. ביידע קענטיק אַרבעטער. זיי האָבן געקוקט איינער אויפן צווייטן, שטיל גערעדט און געשמייכלט. ער האָט פון זיי נישט אַראָפּגענומען זיינע אויגן און זיך דערמאָנט פון דער וויטער פאַרגאַנגענהייט. ער האָט אויסגעטרונקען די קאַפע קאַפע און זיך געבראַכט א צווייטע. זיין קערפּער האָט אויפגעהערט צו ציטערן.

ער האָט אַריינגעלייגט די האַנט אין הויזן ־ קעשענע און א טאַפּ געטאָן דאָס פעקל פינף־ און צען־דאָלאַרדיקע, וואָס עס איז דאָרט געלעגן. ער האָט ביי זיך געהאַט איבער צוויי הונדערט דאָלאַר. א מאָדנער געדאַנק איז אים אַריינגעפאַלן אין קאָפּ. אָט וועט ער אוועקשענקען דעם בחור מיט דעם מיידל פופציק דאָלאַר. זיי וועט דאָס גוט צונוץ קומען. ביידע גייען אָרעם אָנגעטאָן און ביים באָי זענען די שיך אפילו צעריסן. אָבער זיי וועלן דאָך אים אָנגע־מען פאַר א משוגענעם. ער קען זיי נישט און ווייס זיי נישט. ר'האָט צוזאַמענגעדריקט דאָס פעקל געלט אין פויסט און געקוקט אויף דאָס פּאָרל מיט א פיבערדיקן בליק. אָט וועט ער זיי פאַרשלאָגן דאָס געלט. נאָך די מינוטן האָבן זיך געצויגן. ער האָט אַלץ גע־שוויגן, נישט געקאָנט אָנהויבן רעדן, געפינען פּאַסיקע ווערטער. אָבער ווען ער האָט זיך אומגעקערט צום טישל איז שוין דער בחור מיט זיין מיידל נישט געווען און אויף זייער פּלאַץ זענען געזעסן צוויי אַלטע נעגערס.

ער האָט זיי גענומען זוכן מיט די אויגן, געוואָלט נאָכלויפן. ער האָט אפילו געמאַכט עטלעכע גיכע טריט צום אַרויסגאַנג, איז אָבער פּלוצים געבליבן שטיין און ווידער א טראַכט געטאָן: וואָס

קומט דאָ פאַר מיט אים! איז ער טאַקע אויף אַן אמת אַראָפּ פון זינען? צו וואָס זאָל ער אוועקשענקען זיין געלט פרעמדע מענטשן, וועלכע ער זעט דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן? אַזאַ צעמולטער, נאַרישער ייד! ווער וויים, וואָס מיט אים אַליין וועט זיין גאָר אינ־גיכן, אויב זיינע געשעפטן זאָלן אַזוי אָנגיין ווייטער. מען דאַרף פאָרן אַהיים, אַהיים.

ער האָט אויסגעטרונקען די דריטע קאַפּע קאַפע, איז אַרויס פון דער קאַפעטעריע און אָפּגעשטעלט אַ טאַקסי. ער האָט געהאַט באַשלאָסן צו פאָרן אַהיים, נאָר געהייסן דעם שאָפער פירן אים גאָר אין אַן אַנדער געגנט, ווו זיין געליבטע האָט געוווינט. פאַר די לעצטע פאַר טעג האָט זי אים עטלעכע מאָל אָפּגערופן אין אָפיס און אַלץ געבעטן קומען. ער האָט זיך פאַרענטפערט, דאָס ער איז זייער פאַרנומען. נאָר ער וועט זיכער זיין ביי איר נאָך די וואָך, זיכער.

ער האָט זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל פון אויטאָמאָביל און האַלב פאַרמאַכט די מידע אויגן. ביים האַרצן האָט אים געצוקט. אַלע פאַר מינוט פלעגט ער מוזן אָפּכאַפּן דעם אָטעם. ער האָט באַ־שלאָסן, אַז היינט וועט ער איר דערציילן דעם גאַנצן אמת וועגן זיך. זאָל זי נישט מיינען, אַז ער איז אַ מיליאָנער. זאָל זי זיין צוגעגרייט צו אַלץ. אפשר וועט ער זי מער נישט קאָנען אויס־האַלטן. דאָס איז זייער מעגלעך. ער וועט צוערשט דאַרפן זאָרגן פאַר זיין פאַמיליע, פאַר זיין פרוי און טאָכטער. ער האָט זיך איצט אָנגעהויבן קייקלען באַרג־אַראָפּ אַלץ גיכער און גיכער צום אָפּגרונט.

אים האָט פאַרדראָסן, פאַרוואָס ער האָט פאַרפירט מיט איר אינטימע באַציאונגען, געדונגען פאַר איר אַ באַזונדערע וווינונג. ער קען זי דאָך אינגאַנצן עטלעכע וואָכן, און זי האָט אים שוין אָפּגעקאָסט איבער טויזנט דאָלאַר. צו וואָס האָט ער זי געדאַרפט אָפּנעמען ביי זיינעם אַ באַקאַנטן, וועלכער האָט אויפגעהערט דער־פאַר מיט אים צו רעדן. זאָל ער זי נעמען צוריק, דידאָזיקע פרוי, וואָס זויגט אויס זיינע כוחות מיט איר ווייסן שלאַנקן קערפּער און לייכטנדיקע גרינע, קעצישע אויגן. דאָס האָט ער צוליב איר פאַרנאַכלעסיקט זיינע געשעפטן און צופיל ריזיקירט אויף וואָל־סטריט. האָבן אים דען געפעלט אַנדערע שיינע און יונגע פרויען?

די מאשין האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים אריינגאַנג פון אַ פינף־שטאָקיקער געביידע. ער האָט זיך געסטאַרעט קיינער זאָל אים נישט באַמערקן און איז פּאַמעלעך ארויף אויפן דריטן שטאָק און שטיל אָנגעקלונגען אין אַ זייטיקער טיר פון אַ לאַנגן קאָרי־דאָר. באַלד איז אים אַ הויכע פרוי אין אַ דינעם פּעניואַר ארויס אַנטקעגן. זי האָט זיך מיט אים שטאַרק דערפרייט, ארומגענומען און געקושט אין שטערן. דערנאָך האָט ער זיך איינגעזויגן אין איר פולן זשעדנעם מויל, דערפילט די וואַרעמקייט און דעם גע־שמאַק, רייצנדיקן ריח פון פּאַרפום און שווייס אונטער אירע פּאַכ־וועס, און דאָס בלוט אין זיינע אָדערן האָט גענומען פליסן שטאַר־קער. די מידקייט, וואָס ער האָט דעם גאַנצן טאָג געפילט אין אַלע גלידער, איז פּלוצים ווי אַוועק.

— וואָס מאַכסטו? — האָט ער זי געפרעגט און נישט גע־קאָנט אָפּכאַפּן דעם אָטעם פון אויפרעגונג.

זי האָט אים אריינגעפירט אין צימער, זיך איינגעקוקט אין זיין פּנים און אַביסל פאַרוואונדערט באַמערקט, אַז ער זעט אויס בלאַס און זייער מיד. זי האָט געוואָלט וויסן, וואָס עס האָט פּאַ־סירט מיט אים. נאָר ער האָט איר פאַרזיכערט, אַז גאָרנישט. פּשוט שלעכט געשלאָפן די לעצטע נאַכט און דערפאַר פילט ער זיך אַביסל אויסגעמאַטערט.

— דו וועסט זיך ביי מיר אָפּרוען, — האָט זי געזאָגט. — פאַרבלייב די נאַכט דאָ. — ער האָט געשוויגן און פאַרלאָרן גע־שמייכלט. ער האָט זי צוגעצויגן צו זיך און ווידער געקושט.

זי איז אריין אין קיך צוגרייטן עפּעס עסן. ער האָט געקוקט אויף אירע גראַציעזע באַוועגונגען און געוואַרט מיט אומגעדולד זיי זאָלן שוין אָפּעסן. אים האָט זיך געוואָלט נאָר רוען, ליגן מיט איר און זי זאָל אים גלעטן און באַרויקן.

נאָר זי האָט געגרייט צום טיש, אויפגעשטעלט פאַרשיידענע דעליקאַטעסן און דערלאַנגט אַ פלאַש רויט ווייַן. זי האָט נאָר געוואָלט וויסן, פאַרוואָס ער זעט אויס אַזוי שלעכט און וואָס מיט אים האָט פּאַסירט. זי איז געוואָרן אויסערגעוויינלעך צאַרט צו אים. עטלעכע מאָל געדריקט זיין קאָפּ צו איר ברוסט און געקושט זיינע אויגן. זי האָט געפּאָדערט, ער זאָל עסן און טרינקען. ער מוז איר אַלץ דערציילן, אויב ער האָט זי באמת ליב.

— גאָרנישט, — האָט ערווידערהאָלט, געטרונקען דאָס וויין און געפילט ווי אַ וואַרעמקייט צעגיסט זיך איבער אַלע זיינע גלידער.

נאָר זי איז אַלץ נישט אָפּגעטרעטן. ער באַהאַלט עפּעס פון איר. פאַרוואָס איז ער מיט איר נישט אָפנהערציק? זי איז אים איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן און דאַרף וויסן, וואָס עס קומט פאָר מיט אים.

ער האָט זיך פאַרטראַכט. די שטילקייט איז געווען אַ שווערע. אַ פּאָר מינוט זענען פאַרביי. זי האָט פון אים די אויגן נישט אַראָפּגענומען. ענדלעך האָט ער שטיל אַרויסגערעדט:

— איך האָב גרויסע פאַרלוסטן אויף וואָל־סטריט. אויב אַזוי וועט ווייטער אָנגיין, בין איך רואינירט.

ער האָט אויף איר אַ קוק געטאָן, געוואַרט, זי זאָל אים נע־מען טרייסטן.

אָבער זי האָט אים פּלוצים דורכגענומען מיט אַ שטעכעדיקן בליק פון אירע לייכטנדיקע קעצישע אויגן און דאָס פולע מויל האָט זיך פאַרקרימט אין אַ מאָדנעם שמייכל.

— איך האָב עס געוווסט, — האָט זי שאַרף אַרויסגע־רעדט. — וואָס וועט איצט זיין מיט מיר?

זי איז מיט אַמאָל געוואָרן גאָר אַן אַנדערע. זי האָט אים גענומען מאַכן פאָרוואורפן, פאַרוואָס ער האָט זי צוגענומען פון איר פריערדיקן פריינט, וועלכער האָט איר געגעבן אַלץ, וואָס זי האָט נאָר געוואָלט. דערנאָך האָט זי גענומען פאָדערן, אַז ער זאָל איר פאַרזאָרגן כאָטש אויף אַ פּאָר יאָר. ער מוז איבערשרייבן אויף איר נאָמען אַ געוויסע סומע געלט. זי קאָן נישט וואַרטן ביז ער וועט ווערן אַ קבצן. ער מוז עס טאָן גלייך אָדער מאָרגן־איבער־מאָרגן. דאָס איז זיין פליכט...

ער האָט איר אויסגעהערט און גאָרנישט נישט געזאָגט. זיינע קני האָבן ווידער אָנגעהויבן צו ציטערן פון שוואַכקייט און ביים האַרצן האָט אים גענומען דריקן. ער האָט דערפילט אַ שרעקלעכע איינזאַמקייט. אים איז געוואָרן ענג אין צימער, דושנע. עס האָט ממש געפעלט לופט מיט וואָס צו אָטעמען.

ער האָט זיך אויפגעהויבן אַוועקצוגיין. נאָר זי האָט פּרובירט אים צו פאַרהאַלטן און פאַרגלעטן דעם שווערן איינדרוק, וואָס אי־

רע רייד האָבן געמאַכט אויף אים. אמת, זי איז אפשר געווען אַביסל צו שאַרף. אָבער ער דאַרף דאָך פאַרשטיין איר לאַגע.

— יאָ, יאָ, — האָט ער צוגעגעבן, — דו ביסט גערעכט.

---

אַהיים איז ער געקומען שפּעט אין אָוונט, אינגאַנצן אַ צע־בראָכענער. זיין פרוי און טאָכטער האָבן אים באַגעגנט ביים אַריינגאַנג פון זייער הויז. זיי האָט מען שוין אָנגעזאָגט וועגן דעם גרויסן פאַרלוסט. די פרוי האָט געוואָלט אים נעמען פאַנאַנדער־פרעגן, ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט, נאָר זיין אויסזען האָט זי דער־שראָקן און זי מיט דער טאָכטער זענען שווייגנדיק אַריין נאָך אים אין שטוב.

— פאַ, — האָט צו אים געזאָגט די טאָכטער, — מיר ווייסן שוין. נעם זיך נישט צום האַרצן.

ער האָט זי אַ קוש געטאָן אין קאָפּ און איז אַריין צו זיך אין צימער. דערנאָך האָט אים די פרוי שווייגנדיק געהאָלפן זיך אויסטאָן און ער האָט זיך אַריינגעלייגט אין בעט. זי האָט אים אויך געבראַכט הייסע טיי מיט מאַלינעס, ער האָט עס אויסגעטרונ־קען און זיך דערוואַרעמט. ער האָט געהייסן אויסלעשן דאָס ליכט. די פרוי האָט עס געטאָן און איז שטיל אַרויס.

— טאָמער וועסטו עפּעס דאַרפן, רוף מיך, — האָט זי גע־זאָגט אין טיר.

— קאָנסט זיך לייגן שלאָפן, — האָט ער איר געענטפערט און פאַרמאַכט די אויגן. אָבער איינשלאָפן האָט ער נישט גע־קאָנט. ער האָט אַלץ געטראַכט וועגן דער סצענע, וואָס ער האָט גע־האַט מיט זיין געליבטער פאַרן אַוועקגיין. נאָכדעם ווי זי איז פּלו־צים געוואָרן אויסערגעוויינלעך שטיל און צאַרט און לאַנג אים גע־לאַשטשעט אין אירע אָרעמס, געוואָלט פאַרשכּורן מיט איר קער־פּער, אויספירן ביי אים אַלץ, האָט זי ווידער אָנגעהויבן וועגן דעם, אַז ער זאָל זי פאַרזאָרגן מיט אַ סומע געלט. איר קול, וואָס האָט נאָך אָט־אָט געקלונגען ווייך און אָנגענעם, איז געוואָרן צו־דרינגלעך און אומגעדולדיק. זי האָט גלייך ווידער געפאָדערט אַן ענטפער, אַ פאַרזיכערונג, אַפילו אַן אונטערשריפט פון אים. ער האָט זיך ביי איר געבעטן, אַז נישט איצט זאָל זי רעדן וועגן די אַלע זאַכן. ער איז שרעקלעך מיד און וויל זיך אויסרוען און זי

זאָל אַזוי שטיל ליגן נעבן אים. ער וועט זען שפּעטער, וואָס ער קאָן טאָן. ער וועט זי נישט פאַרגעסן. ער האָט מיט זיך אַביסל געלט. זי קאָן עס נעמען און נאָך מאָרגן וועט ער איר זען צו שיקן נאָך. עס וועט איר קלעקן פאַר די קומענדיקע פאַר וואָכן. זיין מזל קאָן נאָך אַ שיין טאָן. ער דאַרף נאָר האָבן אין וואָל־סטריט איין גוטן טאָג, איין גליקלעכע שעה.

אָבער די פרוי האָט זיך נישט געוואָלט באַרואיקן. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו קריגן. זי האָט זיך צעוויינט. ער האָט זיך אָנגע־טאָן און געוואָלט אַוועקגיין. אים האָט גענומען עקלען פון איר. ער האָט זי מער נישט געוואָלט אָנקוקן. זי האָט זיך געמאַכט, אַז זי חלשט און פאַרוואָרפן דעם קאָפּ. אָבער פּלוצים איז זי אויפגעשפּרונ־גען און אים אַ וואָרף געטאָן אין פּנים, אַז אויב ער וועט זי נישט פאַרזאָרגן, וועט זי אים דערשיסן ווי אַ הונט אינמיטן דער גאַס.

ער האָט גאָרנישט געענטפערט און אַרומגעכאַפּט פון אַ שווערן אומעט זיך אָנגעטאָן און אַוועקגעגאַנגען.

אַזוי זענען זיי זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

— מען דאַרף פאַרגעסן אָן איר, — האָט ער איצט געטראַכט און זיך געסטאַרעט איינשלאָפן. אַלע, אַלע זענען זיי גלייך.

ער האָט אַ שווערן קרעכץ געטאָן, זיך איבערגעדרייט אויף דער צווייטער זייט.

עס האָט זיך אויפגעעפנט די טיר און זיין פרוי, אַ קליינינקע און אַ דאַרע, אַ פאַרזאָרגטע, האָט זיך שטיל צוגעשאַרט צו זיין בעט.

— ווילסט עפּעס?

ווידער האָט ער איר געהייסן גיין שלאָפן. אָבער זי איז נישט אָפּגעטרעטן און פאַמעלעך, מיט עקשנות, אָנגעהויבן וועגן פאַר־לוסט, געטענהט, פאַרוואָס ער האָט פריער ביי איר זיך נישט אָנ־געפרעגט, און ענדלעך זיך צעכליפּעט, אַז זי מיט איר טאָכטער וועלן נאָך אַמאָל מוזן אַרומגיין מיט אַ טאָרבע איבער די הייזער.

ער האָט אויף איר אָנגעשריגן, זיך גענומען בעטן, מען זאָל אים לאָזן צורו. זיין טאָכטער האָט דערהערט זיין רוף און אַ האַלב־אויסגעטאָענע איז זי אַריין אין צימער און אַרויסגעפירט די מוטער, און ער האָט ווידער זיך געסטאַרעט איינשלאָפן און אַלץ נישט געקאָנט.

אויף מאָרגן איז ער פאַרבליבן אין בעט. ער האָט געמוזט האָבן אַבסאָלוטע רו. אַנדערש קאָן ער לייכט קריגן אַ נערוון־צוזאַמענברוך, האָט געוואָרנט דער דאָקטאָר. אין הויז איז שטיל געוואָרן. די טאָכטער, אַ יונגע און אַ שיינע, איז פאַרשטענדלעכע, איז אַלע ווײַלע צוגעקומען צו אים, געגלעט זיין קאָפּ און זיך געבעטן נישט זאָרגן. אָט לעבן מיליאָנען אָרעמעלייט אין האַלב־פינסטערע וווינונגען און ווייסן נישט, מיט וואָס מען וועט דורכקומען דעם מאָרגנדיקן טאָג. זיי פאַרלירן אָבער נישט זייער מוט און פיל קעמפן פאַר אַ בעסערער וועלט.

— אָ, יאָ, — פלעגט ער צושאָקלען מיטן קאָפּ און אַלץ מער געטראַכט, אַז ער פירט אַ נאַריש לעבן, נישט געהאַט קיין שכל ווי אויסצונוצן זיין צייט און זיין געלט. און זיין קינד האָט אים געדאַרפט מאַכן אויפמערקזאַם אויף דעם. און ער האַלט זיך נאָך פאַר אַ קלוגן. פאַרוואָס האָט ער נישט געמאַכט קיין רייזע אַרום דער וועלט? ער האָט דאָך אין דער יוגנט תמיד געחלומט צו וואַנדערן איבער ימים און זען פאַרשיידענע לענדער און פעלקער. ער וואָלט אַ סך געקאָנט לערנען פון אַזאַ רייזע. צו וואָס האָט ער טויזנטער פאַרשוועדנט אויף זשעדנע, טעמפּע פרויען? וואָס האָט ער געהאַט פון זיי? געשטילט זיין ווילדע לײַדנשאַפט און דערנאָך אַ פוסטקייט אין האַרצן און אַן אומעט אויף דער נשמה. פאַרוואָס האָט ער דאָס געלט בעסער נישט אַוועקגעגעבן אָרעמע? ער וואָלט געקאָנט אויפטאָן אָן אַ שיעור גוטע זאַכן. אָך, ווי נאַריש ער האָט געלעבט. נאָכאַנאַנד זיך געיאָגט נאָך גרעסערע פּראָפיטן און איצט האַלט עס דערביי, אַז ער זאָל אַלץ פאַרלירן. אפשר דאַרף אַזוי זיין, כדי ער זאָל קאָנען קומען צום שכל? אָט האָט ער קיינמאָל נישט אַזוי געטראַכט, ווי איצט. זיין נשמה ווערט רייכער מיט מענטשלעכע געפילן.

און ער פלעגט ווידער צורופן זיין טאָכטער און שטיל רעדן מיט איר וועגן זיינע נייע געדאַנקען. ער האָט זיך דערוווּסט, אַז זי טרעפט זיך מיט מענטשן, וואָס זענען איבערגעגעבן דעם סאָוויעטן־פאַרבאַנד מיטן גאַנצן האַרצן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי ווייס אַ סך מער וועגן די פאַרשיידענע פּאָליטישע פּאַרטייען, ווי ער האָט דערוואַרט זי זאָל עס ווייסן.

אַלע אירע געדאַנקען זענען געווען אָנגעהויכט מיט אַ רויטן

נעפל, מיט קאָמוניזם. ער האָט אויף איר גענומען קוקן מיט גאָר אַנדערע אויגן. ער האָט באַשלאָסן, אַז אַזוי קאָן עס ווייטער נישט אָנגיין.

אָבער ווען ער איז אויפגעשטאַנען פון בעט, האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן ראַטעוועז די פאַרלאָרענע סומע אויף וואָל־סטריט און זיך נאָך מער פאַרפּלאָנטערט אין פאַרשיידענע שפּעקולאַציעס, וואָס האָבן אים נאָך נישט אײַנגאַנצן רואינירט. ער האָט געפילט אַ פּיינלעך פאַרגעניגן, ווייסנדיק, אַז וואָס אַ טאָג ווערט ער אַלץ אָרעמער. ער איז אַרומגעגאַנגען ווי אין אַ חלום, נישט אַלע מאָל פאַרשטאַנען, וואָס מען רעדט צו אים און כמעט אײַנגאַנצן פאַר־שוויגן דער פרויס טענות און טרערן. זי האָט נאָר געוואָלט וויסן, ווו זיי האַלטן. דערנאָך איז געוואָרן אַזוי שלעכט, אַז ער איז שוין געווען געצוווּנגען צו לייהען געלט אויף זײַנע אינזשורענס פּאָליסים, פאַרקויפן צירונג און אַנדערע ווערטפולע זאַכן, און ענדלעך האָט מען געמוזט אָנהויבן לעבן אויף די פּאַרדינסטן פון זײַן טאָכטער, וואָס איז געווען אַ לערערין אין אַ פּאָלקס־שול.

דאָס איז פאָרגעקומען אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט. ער האָט זיך געמוזט אָפּילו אַרויסציען פון זײַן אייגענער היים און געדונגען אַ קליינע וווינונג אין אַן אַנדער געגנט פון שטאָט, ווו קיינער האָט זיי נישט געקענט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעך־שווערע צייט פאַר אים. די פרוי איז אַרומגעגאַנגען ווי אַן אבלטע און נאָכאַנאַנד געגעגעט, געוויינט און געשאָלטן מיט טויטע קללות די יעניקע, וואָס האָבן בײַ זיי אַלץ אוועקגערויבט. די טאָכטער האָט געסטראַשעט די מו־טער, אַז זי וועט אוועק פון הויז. האָט די פרוי ענדלעך זיך פאַר־טאַיעט אין זיך און געבורטשעט אירע קללות אין דער שטיל, אַז איר מאַן זאָל נישט הערן.

סאָקאָל פלעגט שעהן לאַנג אַרומבלאָנקען איבער די גאַסן אָן אַ ציל און אָן אַ טאָלק. ער האָט אָפילו נישט געקאָנט טראַכטן. אַלץ האָט זיך בײַ אים אויסגעמישט אין קאָפּ. נאָר פון צייט צו צייט פלעגט אים דורכלויפן אַ געדאַנק, אַז מען דאַרף זיך גאָר אַ וואָרף טאָן אונטער אַן אויטאָ און דערהרגעט ווערן. אָבער דאָ פלעגט ער זיך גלייך דערמאָנען אָן זײַן טאָכטער און אירע מוטי־קע רייד און איז ווידער געגאַנגען אַהיים.

איניקע באַקאַנטע האָבן פאַר אים עפּעס יאָ געפונען אַרבעט אין צוויי שעפּער. ער האָט זיך אָבער נישט אויסגעטויגט און גע־מוזט נאָך אַ טאָג־צוויי אַוועקגיין.

עס האָט זיך געצויגן אַ בייזער ווינטער מיט בייסנדיקע פרעסט און וויינענדיקע שניי - זאַווערוכעס. אומזיסט פלעגט ער אויפשטיין אין דער פרי און גיין עפּעס זוכן צו פאַרדינען. טוויזנ־טער פאַכלייט זענען אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט. אומעטום האָט מען נאָר גערעדט וועגן שטיצע פאַר פאַראָרעמטע פאַמיליעס, פאַר־הונגערטע און היימלאָזע. ער האָט כמעט אַלע טאָג געלייענט אין די צייטונגען וועגן זעלבסטמאָרדן פון אַרבעטסלאָזע. ער האָט זיך געפילט פאַרצווייפלט.

פאַמעלעך האָט ער זיך גענומען צוגעוווינען צו דער נייער לאַגע. ער פלעגט אָפּשטופּן פון זיך דאָס פאַרגאַנגענע, וואָס איז אים נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן און אַלץ געשטערט קומען צו זיך. ער האָט אָנגעהויבן אַריינצוקוקן אין איניקע ביכער, וואָס זיין טאָכטער פלעגט ברענגען פון ביבליאָטעק. דאָס זענען געווען מערסטנס ווערק פון נייע סאָוועטישע שרייבער. ער האָט געלייענט לאַנגזאַם, נישט אַלץ פאַרשטאַנען אין ענגליש, אָבער וואָס ווײ־טער זיך אַלץ מער פאַראינטערעסירט מיט דעם נייעם לעבן, וואָס מען האָט געשילדערט.

אין די אָוונטן האָט ער זיך געטיילט מיט די איינדרוקן פון דידאַזיקע ביכער מיט זיין טאָכטער, געמאַכט פאַרשיידענע באַ־מערקונגען, קריטיקירט און געלויבט אויטאָרן. ער האָט זיך גענו־מען פילן גאָר ווי אַ נייער מענטש, וואָס האָט גייסטיקע אינטע־רעסן און זיינע טעג גייען נישט אַוועק אין פוסטקייט.

אַזוי איז אַריבער דער ווינטער, דער פרילינג, און דער זומער איז געקומען. פאַר דער צייט האָט ער אַ סך איבערגעטראַכט, גע־לייענט און איז געוואָרן שטילער און איינגעהאַלטענער אין רייד. אין אים איז פאָרגעקומען אַן איבערברוך, אַ טיפער אינערלעכער איבערברוך. אויף זיין פנים האָט זיך אָפּטער און אָפּטער גענו־מען באַווייזן אַ קלוגער אומעטיקער שמייכל פון איינעם, וואָס פאַרציים אַלץ און האָט געמאַכט שלום מיט זיך און די אַרומיקע. צו וואָס זיך אויפרעגן און האַוען? עס לוינט זיך נישט. אויב לײדן, איז פאַר עפּעס אַ גרויסן אידעאַל, וואָס זאָל ברענגען גליק

פאר אלעמען אויף דער ערד. ער וועט שוין אזוי דורכשטופן דאס ביסל יארן, וואס אים איז נאך געבליבן צו לעבן. פון הונגער וועט מען נישט שטארבן. און אט האט זיך אונטערגערוקט דער חודש אויגוסט און פונקט דעם 15־טן אין דער פרי האט אים אנגעהויבן פלאגן דער היי־פיבער. די אנפאלן זענען געווארן אלץ אפטער און אפטער. באזונדערס איז געווען שווער אין די נעכט, און קיין געלט, מיט וואס צו פארן אין די „ווהייט מאונטענס'', איז שוין נישט געווען. עס איז פשוט אויסגעקומען צו גיין אין „הקדש'', אין האום, וועלכע ער האט אליין געהאלפן גרינדן און געהאט דעם כבוד צו זיין איר ערשטער פרעזידענט. זיין פרוי האט אים געראטן טאקע צו גיין אהין. ס'איז נישט אמאליקע צייטן. ער האט זיך נישט וואס צו שעמען. ער איז נישט דער אייניציקער, וואס איז איצט געבראכן. ער האט אליין געגרינדעט דעם אנשטאלט.

עס איז אים געווען פיינלעך צו קומען אהער. דער געדאנק, אז ער איז געצוווּנגען צו גיין אין „הקדש'', האט אים שטארק געקרענקט. מען האט געדארפט זיין אין בירא פון דעם אנשטאלט און דורכמאכן א לאנגע אפליקאציע. אזוי פירט זיך דארט. אמת, פון אים וואלט מען עס נישט געפאדערט, נאר ער האט עס אליין געוואלט דורכמאכן. אן ארעמאן איז אן ארעמאן און ער דארף נישט קיין פריווילעגיעס. ער איז געווען גרייט צו בויגן דעם קאפ, ווי אלע אונטערדריקטע און באליידיקטע. ער האט גע־ווארט אין בירא אויף זיין ריי. אבער ווען דער סעקרעטאר האט אים צוגערופן, האט ביי אים ווי אפגענומען די צונג. ענדלעך האט ער עפעס גענומען שטאמלען, אז ער וויל היי־יאר זיין וואקאציע פארברענגען אין האום מיט די מענטשן פון פאלק, אזוי פשוט ווי אן ארעמאן. זאל מען אים געבן אן „אפליקיישאן'' און ער וועט עס אויספילן. מען האט אים דערלאנגט א בויגן פאפיר מיט אפגעדרוקטע פראגן און ער האט גענומען אויספילן. א שווייס האט באדעקט זיין שטערן, אין מויל איז אים געווארן טרוקן. באלד האט ער זיך באהערשט און אפילו דערציילט דעם סעקרעטאר א פאסיקן צו דעם פאל אנעקדאט און אלע אין קאנצעלאריע האבן געלאכט. און אזוי שמייכלענדיק האט ער זיך געלאזט גיין צום ארויסגאנג, און דא האט אים אפגעשטעלט א יונגע בלאנדע פרוי, פון קליינעם וווּקס, א ברייט - ביינערדיקע מיט א ליכטיק

סימפאטיש פנים. נעבן איר איז געשטאַנען נאָך אַ פרוי, אַביסל אַן עלטערע, אַ טונקעלע, אָרעם אָנגעטאָן. די בלאָנדע פרוי האָט אַ זאָג געטאָן:

— מיסטער סאָקאָל, גרים זי גאָט! — און איבער איר פּנים האָט זיך צעגאָסן אַ ליבער שמייכל.

— האַלאָ, האַלאָ, — האָט איר נייגעריק אָנגעקוקט סאָקאָל,— יאָ, יאָ, מיסעס ווייסבערג. שרהלע, איר זענט אויך דאָ?

— איך האָב אהער געבראַכט מיינע אַ באַקאַנטע, — האָט געזאָגט די בלאָנדע פרוי. — זי מוז פאָרן אין האָום. איך וועל אויך זיין אין די „ווהייט מאונטענס". איך בין געווען זייער קראַנק און מוז זיך דערהאָלן.

— אַזוי, אַזוי, — האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ סאָקאָל און זיך דערמאָנט, ווי ער האָט פאַריקן זומער אין זיין מאַשין אָפּט אונטערגעפירט קיין ליטלטאָן מיסעס ווייסבערג און איר מאַן, וועלכער ליידט פון היי־פיבער.

— איר קומט היי־יאָר אויך אין בעטלעהעם? — האָט זי געפרעגט.

— זיכער, זיכער, — האָט געזאָגט סאָקאָל און ער האָט זיך פאַרנויגט און איז אַרויס פון קאַנצעלאַריע.

אין גאַס האָט ער דערפילט, ווי אַ שווערער שטיין איז אים אַראָפּגעפאַלן פון הארצן. דער ערשטער טריט איז געווען געמאַכט און ווייטער זאָל עס שוין גיין, ווי עס גייט...

סאָקאָל איז געבליבן שטיין אין מיטן וועג, ווידער אַ קוק געטאָן אויפן הימל, דערפילט אַ מידקייט און זיך לאַנגזאַם אומגעקערט צוריק אין האָום.

3

די ערשטע נאַכט אין „הקדש" איז סאָקאָל געשלאָפן שלעכט. ער האָט זיך אָפט אויפגעכאַפּט, געלעגן מיט אָפענע אויגן, זיך דערמאָנט, ווי ער האָט אין דער פרי אין „גרענד סענטראַל" צוגעזאָגט זיין פרוי און טאָכטער אָפּצוהיטן זיין געזונט. ער וועט מער נישט שפּילן אין קאָרטן אפילו אויף פּענים, זיך נישט אויפרעגן און נישט האָבן צו טאָן מיט פרויען. ער האָט עס געמיינט

גאַנץ ערנסט, באַטש אַרויסגערעדט אין שפּאַס. זיין קליינינקע פאַרעלטערטע פרוי האָט אַלץ ווידערהאָלט, אַז ער זאָל טאַקע נישט פאַרגעסן, וואָס ער זאָגט צו. די טאָכטער האָט שטיל גע־שמייכלט און געבעטן דער מוטער נישט צו זיין אַזוי שטרענג. דערנאָך האָט ער זיך געזעגנט מיט זיי און איז אַריין אין צוג, וואָס איז באַלד אַרויס פון וואָקזאַל, דורכגעשלענגלט אַ לאַנגן טונעל און זיך געלאָזט לויפן איבער דער פרייער וועלט.

אין ליטלטאָן האָט סאָקאָלן באַגעגנט דער מענעדזשער פון האָטעל. ער האָט דעם גאַסט אַ רוף געטאָן פון וואַגאָן און זיך פאָר־געשטעלט. סאָקאָל האָט אים אָנגעקוקט און זיך דערמאָנט אָן אַ ראָב, וואָס האָט זיך שפּעט אין האַרבסט פאַרקליבן אויף אַ נאַ־קעטן בוים און שרייט אין חלל אַריין: קראַ, קראַ!

דערנאָך איז די מאַשין געלאָפן באַרג־אַראָפּ און באַרג־אַרויף. פון דער לינקער זייט האָט זיך געשפּרייט אַ גרויסער טאָל איינגע־הילט אין שאָטנס. דאָ און דאָרט זענען געלעגן איינזאַמע פאַרמס מיט פרוכטן ־ גערטנער אַרום. לייכטע, דורכזיכטיקע וואָלקנדלעך זענען געשוואומען ביים האָריזאָנט און דורך זיי האָבן זיך געזען די רונדע ראָזעווע קעפּ פון די גאָר הויכע בערג. סאָקאָל האָט גע־קוקט אויף דער געגנט, וועלכע ער פלעגט פריער ווי נישט באַ־מערקן, געאָטעמט די פרישע לופט און געפילט ווי אַ מערקווירדי־קע רואיקייט פילט אָן זיין גאַנץ וועזן.

סאָקאָל איז ווידער געלעגן מיט אָפענע אויגן. ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט איז חבר פאָלס בעט געווען ליידיק. אָבער אָט האָט ער דערהערט אַ שטיל שושקען זיך הינטער דער טיר און אַן איינגעהאַלטן פרויען ־ געלעכטער. חבר פאָל איז שטיל אויף די שפּיץ־פינגער אַריין און די נאַכט האָט זיך ווידער געצויגן. ערגעץ האָט געמעקעט אַ קעלבל, אַ הונט האָט געבילט און גע־וואָיעט, און הינטער דער וואַנט, אין אַ צווייטן צימער, האָט אַ מאַ־מע זיך געבעטן ביי אַ קינד: שלאָף, מאַמעלע, שלאָף. אַ־אַ־אַ, שלאָף, מיין קינד, שלאָף. דערצו האָט די מוטער געהאַלטן אין איין הוסטן און ציען אַ מאָנאָטאָן וויג־ליד פון שלאָפלאָזיקייט. איר שטימע האָט עפּעס געקלונגען ווי פון אַ קבר אַרויס און דער־מאָנט סאָקאָלן אין טויט. איינגעשלאָפן איז ער ערשט פאַרטאָג, און אין דער פרי, ווען סאָקאָל איז אויפגעשטאַנען, האָט זיך דער

מענעדזשער פאַרענטפערט: וואָס האָט ער געקאָנט טאָן? דאָס ווייבעלע מיטן קינד האָט מען געבראַכט אין אָוונט. דער פרעזידענט פון האָום האָט זי באַגעגנט, ווי זי גייט אַרום איבער בעטלעהעם מיטן קינד אויף דער האַנט און האָט זיך נישט וווּ אַהינצוטאָן. זי האָט הויך־פיבער און אַסטמע. נאָך אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט מען זי אַריבערפירן אין אַ צווייט חדר.

— עס מאַכט נישט, עס מאַכט נישט, — האָט געזאָגט סאָקאָל. — מיר זענען דאָ אַלע גלייך. אַ ניי געלעגער, די ערשטע נאַכט... איך וועל זיך צוגעוווינען.

אויפן פאַרוואַלטערס פּנים האָט זיך באַוויזן אַ פאַרבאַהאַלטן שמייכעלע: וואָס דען, דו וועסט זיך נישט צוגעוווינען? אַ ברירה האָסטו!

— מען דאַרף צוגרייטן פרישטיק, — האָט דער פאַרוואַלטער געזאָגט, — דער עולם איז שוין אויפגעשטאַנען. — און ער איז אַוועק אין עס־צימער.

סאָקאָל האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער וועראַנדע און געקוקט אויף די בענק, איבער וועלכע עס האָט זיך נאָך געוויכערט אַ מילכיקער פרימאָרגנדיקער נעפּל. די זון איז געשווומען הינטער פוכקע וואָלקנס. דער טוי אויף די ביימער און גראָזן האָט זיך נאָך נישט אויסגעטריקנט.

פון דער 2־שטאָקיקער נייער געבײַדע, וואָס איז נאָך נישט געווען אינגאַנצן פאַרענדיקט און צוליב וועלכער די אַדמיניסטראַציע פון האָום האָט זיך געקליבן אין מיטן סעפּטעמבער פּראַווען אַ „חנוכּת הבית״, האָבן זיך גענומען באַווייזן איינצלנע עלטערע פּאַציענטן.

דער ערשטער איז געווען אַ קליין־געוויקסיקער ייִד פון אַ יאָר זעכציק, מיט אַ גרויל־עכער באָרד און בלויע, קלאָרע, קינדערשע אויגן. דאָס איז געווען וווּנדערבאַר. צוויי פרישע פּיאָלקעס אויף אַ גרויל־עכן, שניי־בלייכן, שוין צעקנייטשטן פּנים.

זיין נאָמען האָבן די אַנדערע פּאַציענטן נישט געוווּסט. מען האָט אים גערופן דאָס שטילע שנײַדערל און ער איז געווען זייער אַ גוטער מענטש. אַלע אין דער פרי בײַם פרישטיק פלעגט ער זיך שטיל אַרײַנשאַרן אין עס־צימער, צוגיין צו די טישלעך און זאָגן יעדן באַזונדער „אַ גוט מאָרגן אײַך״. דערנאָך פלעגט ער פרעגן,

צי אימיצער וויל אויספרעסן זיין אנצוג. ער האָט עס פּאַר אַלעמען געטאָן אומזיסט.

איצט איז דאָס שטילע שניידערל צוגעקומען צו סאָקאָלן און אים געזאָגט „גוט מאָרגן אייד". סאָקאָל האָט באַמערקט זיינע קלאָרע בלויע אויגן, געענטפערט פריינטלעך אויף דער באַגריסונג און געשמייכלט. עפּעס האָט ער זיך פּלוצים דערמאָנט, אַז מיט יאָרן און יאָרן צוריק, ווען ער איז נאָך געווען אין רוסלאַנד, איז ער איינמאָל ווינטער דורכגעפאָרן אַ דאָרף און זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ פּויער נעכטיקן. און דאָרט אין כאַטע, אין אַ ווינקל, באַלויכטן פון אַן אייל-לעמפּעלע, איז געהאָנגען אַן איקאָנע פון אַ הייליקן מיט אָט אַזאַ פּנים ווי ביי דעמדאָזיקן ייד. אַזאַ מערקווירדיקע ענלעכקייט.

דאָס שטילע שניידערל איז געבליבן שטיין אויף דער וועראַנדע.

— איז אייך דאָ גוט? — האָט געפרעגט סאָקאָל, כּדי אָנצוהויבן מיט אים אַ שמועס.

— וואָס איז שייך גוט! איך האָב נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן נישט פאַרבראַכט אַזוי פיין. — האָט געענטפערט דאָס שטילע שניידערל. — דאָ איז דאָך אַן אמתער גן-עדן. צוואַנציק יאָר האָב איך געליטן פון היי-פיבער און נישט געוווסט, אַז אויף דער וועלט זענען פאַראַן ווייסע בערג. דריי מאָל אַ טאָג גיט מען מיר עסן און אַלץ אומזיסט. גאָלדענע מענטשן. און דער עולם אַרום אַזאַ פריילעכער, אַ האַרציקער. מען שפּאַסט אָפּט און מען זינגט אין די אָוונטן און אַלע זענען גוט צו מיר. איך האָב זיך חס וחלילה גאָרנישט אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן.

— יאָ, יאָ, — האָט צוגעשטימט סאָקאָל.

דערנאָך האָט דאָס שטילע שניידערל דערציילט, אַז ער אַליין קומט פון אַן אָרעם שטעטל פון פּוילן, איז שוין פערציק יאָר אין אַמעריקע און פון תּמיד אָן איז ער אַ שניידער. ער האָט צוויי טעכטער, זענען זיי פאַרהייראַט און וווינען אין שיקאַגאָ. זיין אַלטע איז אים ערשט מיט דריי יאָר צוריק אַוועקגעשטאָרבן און פון דאַן אָן לעבט ער אַליין. האָט אויף דער איסט סייד אין ניו-יאָרק אַ קליינע סטאָרקע, וואו ער לאַטעט אַלטע קליידער און פּרעסט און מאַכט, גאָט צו דאַנקען, אַ לעבן. נו, איז איצט האָט

אים עפּעס אַ יונגערמאַן, אויך אַ היי־פּיבערניק, דערציילט וועגן האָום און אַפילו ערגעץ צו גוטע מענטשן אָנגעשריבן פּאַר אים אַ בריוו. און אָט איז ער אין די ווייסע בערג. אי, ווען ער קאָן דאָ פאַרבלייבן אַ גאַנץ יאָר!

— אָבער ווינטער וואָיען דאָ זאַוויערוכעס, — האָט באַמערקט סאָקאָל.

— איז וואָס? — האָט געפרעגט דאָס שטילע שניידערל. — הייצט מען דעם אויוון און מען וואַרעמט זיך און מען קוקט אַריין אין אַ ספר. זאָל די זאַוויערוכע וואָיען!

עס זענען צוגעקומען נאָך פּאַציענטן. אַ פעטער ייד מיט אַ גרויסן בויך, וואָס האָט ליב געהאַט צו קנייפּן אונטער די פּאַכוועס די ווייבער, עסן אַ סך און פלעגט דריי מאָל אַ טאָג דאַווענען ביחידות אָן אַ זייט אויף אַ בערגל. עס האָט זיך אויך באַוויזן אַ הויכער, כמורנער, טונקעלער מאַן, וועלכער האָט געליטן פון אַ שווערער אסטמע.

באַלד איז אונטערגעקומען אויף דער וועראַנדע די „רביצין“, אַ שווער־לייביקע פרוי, מיט אַ רונד פּנים און גרויסע אַלטע זיל־בערנע אוירינגלעך, און חברטע סאַשע אין אַ בלוי קלייד, וואָס האָט פּעסט אַרומגענומען איר פיינעם קערפּער.

סאָקאָל האָט זי באַגריסט, זיך אויפגעהויבן פון זיין פּלאַץ. איצט האָט זי אים אויסגעזען נאָך שענער ווי נעכטן. דער בלויער קאָליר פון קלייד האָט געפּאַסט צו איר ווייס איידל פּנים. די האָר זענען ביי איר געווען קורץ געשוירן און האָבן זיך אַביסל געקרייזלט איבערן שטערן און אַרום די אויערן.

— האָט איר גוט געשלאָפן? — האָט זי געפרעגט סאָקאָלן און באַמערקט, אַז זיין רוסיש פּנים זעט נאָך אַלץ אויס עטוואָס מיד און בלאַס.

זיי האָבן נאָך גערעדט אַ פּאָר ווערטער און סאַשע איז אַוועק אין קיך העלפן מאַכן פרישטיק. עס איז געווען איר דיי פּאַר אַרבעט.

דערווייל האָט די רביצין פאַרפירט אַ שמועס מיטן שטילן שניידערל. זי איז אַן אַלמנה און ער איז אַן אַלמן, איז אַ גלייכע זאַך, זיי זאָלן ביידע חתונה האָבן.

— טאַקע, טאַקע, — האָט צוגעשטימט דער פעטער ייד

מיטן גראָבן בויך. עס וואָלט געווען אַ גאָלדענער שידוך. נאָר דאָס שטילע שניידערל האָט אַפילו נישט געוואָלט הערן.

— ברידער און שוועסטער, — האָט ער געזאָגט, — צוליב וואָס זאָל איך חתונה האָבן, אַז איך בין געגליכן צו אַ בלינדן, וואָס קויפט אַ בוך: ער האָט באַצאָלט דאָס געלט און דאָס בוך לייענען אַנדערע.

אַלע האָבן געלאַכט. אָבער ווייטער פאַרבלייבן אויפן וועג־ראַנדע האָט סאָקאָל נישט געוואָלט. ער האָט נישט געהאַט וואָס צו טאָן און איז אַוועק אויף אַ שפּאַציר. צו פרישטיק איז נאָך געווען אַ גוטע שעה. ער איז געגאַנגען און געטראַכט וועגן שטילן שניידערל.

אָט האָט אַ מענטש אַ לאַנג לעבן פאַרבליבן ריין ווי אַ קינד. גראָבע וויצן קלעפּן זיך נישט צו אים. ממש אַ מענטש אָן אַ גאַל. דאָס דאַרף מען קאָנען. דאָס איז אַ הויכע מדרגה.

סאָקאָל האָט באַמערקט אַ זייטיקע סטעזשקע און זיך גע־לאָזט גיין צו די אייזנבאַן־רעלסן, וואָס האָבן געדאַרפט דאָ ערגעץ פאַרביילויפן. אַ פּאָר מאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביי קוסטעס, געריסן פרישע, שמעקעדיקע, שוואַרצע און רויטע מאַלינעס. דערנאָך האָט ער דערזען די רעלסן און זיי אַריבערגעגאַנגען. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ערגעץ דאָ נישט ווייט דאַרף זיך גע־פינען דער יידישער פאַרמער, וועלכן ער האָט נאָך געקענט פון פריער, פון פאַראַיאָרן, ווען יענער האָט אים פאָרגעשלאָגן פאַר־שיידענע פלענער, ווי אַזוי אויפצולעבן די געגנט אַרום בעטלעהעם. אָט זעט זיך טאַקע זיין כאַטע. סאָקאָל איז אַראָפּ אַ בערגל און זיך געלאָזט גיין צו אים. ער האָט געטראַכט וועגן פאַרמער, אַז ער איז אַן אינטעליגענטער מענטש, קען אַ פּאָר שפּראַכן, האָט, דאַכט זיך, גוטע פעאיקייטן צו אָרגאַניזירן גרויסע געשעפטן, אָבער אַלע מאָל לאָזט זיך עפּעס אויס אַזוי, אַז די געשעפטן בלייבן ביי אַנדערע און ער האָט גאָרנישט דערפון.

דער יידישער פאַרמער, אַ נידעריקער, מיט קליינע וואָנסעס, אין שפּאַקולן, האָט סאָקאָלן באַגעגנט אויפן וועג. ער איז געווען איבערראַשט אים דאָ צו זען. נאָר גלייך האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דער געוועזענער גביר מוז זיין אויף צרות און שטייט אַפּנים איין אין האום. וואָס־זשע דען טוט ער דאָ אַזוי פרי! זיי האָבן

זיך פריינטלעך באַגריסט און זיך פאַנאַנדערגערעדט. יאָ, ער האָט נישט געמאַכט קיין טעות. סאָקאָל איז רואינירט. האָט ער אים פאָרגעשלאָגן נעמען אַ צימער ביי אים. אַלץ בעסער ווי אין „הקדש". אמת, זיין כאַטע איז אַן אַלטע. ער וועט זיך אָבער פילן ביי אים ווי אין דער היים. וועט זיין אַ מיטגליד פון דער פאַמיליע. ער איז אַ פריינטלעכער מענטש און מיינט עס מיטן גאַנצן הארצן. דאָס יאָר איז אים נאָך נישט געלונגען איבערצו־בויען זיין הויז. ער האָט אָבער אַ פּאָר ווונדערבאַרע פּלענער פאַרן קומענדיקן סעזאָן. ער איז דאָ דער איינציקער פאַרמער און די אייגנטימער פון די יידישע האָטעלן וואָלטן גערן ביי אים געקויפט אַלע גריינסן און נישט אַוועקגעגעבן דאָס געלט צו די אַנטיסע־מיטן. אַך, ווו נעמט מען אַן ערלעכן „פאַרטנער" מיט געלט! מען דאַרף אינגאַנצן האָבן אַ פּאָר טויזנט דאָלאַר. די הויפּט־זאַך — דער „פאַרטנער" זאָל זיין אַ „נאַש בראַט", אַן אייגענער מענטש.

— ווידער פלענער,—האָט געזאָגט סאָקאָל און צוגעגעבן:— וואָס מאַכט אייער פרוי? — און האָט אַ קוק געטאָן אויפן פאַר־מערם גרויע שליפן און מידן שמייכל, וואָס האָט געבלאָנדזשעט אַרום קליינינקן מויל. — איר האָט, דאַכט זיך, נישט לאַנג חתונה געהאַט?

— קומט, קומט, — האָט זיך אָנגעכאַפּט דער פאַרמער, — איך מיט מיין פרוי זענען דאָ געוועזן אַ גאַנצן ווינטער איינינקע אַליין. קומט, קומט! איר וועט זי זען.

זיי זענען אַריין אין כאַטע. אין קיך האָט זיך געהייצט דער אויוון, די יונגע באַלעבאָסטע מיט אַ גוטמוטיק פול׳ פנים איז געשטאַנען ביים פייער אַ רואיקע. זי האָט שטיל און אַביסל פאַר־שעמט באַגריסט דעם גאַסט. „אָט, מען לעבט אין נויט. אָבער עס מאַכט נישט", האָט געזאָגט איר פריינטלעכער שמייכל. מען קאָן אַזוי אויך זיין גליקלעך. אַ צווייטע שוואַרץ־חנעוודיקע פרוי מיט אַ קליין מיידעלע אויפן האַנט האָט געשמייכלט צום גאַסט מיט אירע שטאַרקע ווייסע ציין. וואָס, ער איז געקומען דינגען אַ צימער? אויסגעצייכנט. דאָ איז אין די אָוונטן אומעטיק און זי דאַרף טאַקע האָבן אַ „ראָמאַנטישן יונגנמאַן". זאָל ער דינגען דאָס חדרל, וואָס איז הינטער איר וואַנט.

— איך בין פאר איר צו אַלט, — האָט סאָקאָל דערהערט א הייזעריק קול פון א ווינקל, און דערזען א זקן פון א יאָר עטלעכע און זיבעציק, וואָס האָט געראויכערט א „קובער סיגארעט" קעגן אסטמע.

— קוקט אים נאָר אָן, — האָט געלאַכט דער פארמער, — קוים דאָס דיכעט און שארט זיך נאָך צו יונגע ווייבלעך.

סאָקאָל איז דורך די פּאָר קליינע צימערלעך און זיך אומגע־קערט אין קיך. די באַלעבאָסטע איז געשטאַנען ביים פּאָמפּ און זיך שטיל גערעדט, ווי פאר זיך, אַז זי וואָלט שוין געוואָלט דער־לעבן צו האָבן א „סינק". מער וויל זי גאָרנישט... דער פארמער האָט זי געטרייסט, אַז עס וועט אַלץ זיין און ער וועט נאָך אמאָל האָבן א גרויסן האָטעל אין בעטלעהעם. סאָקאָל האָט געוואָלט וואָס גיכער ארויס פון דער כאַטע, עס האָט געשמעקט מיט עפּעס טוכלעס און אומריינעס.

זיי זענען ארויס. דער פארמער האָט געפירט סאָקאָלן צו זיין שטאַל, וואָס האָט זיך געפונען אויף א בערגל. א פּאָר שווארצע קי זענען געשטאַנען ווי פארגליווערט ביים פארמאַכטן אריינגאַנג פון שטאַל און געקוקט טעמפּ צו די פוכקע וואָלקנס פון די ווייטע הויכע בערג. דער פארמער און סאָקאָל זענען פארביי א וואסערל. ווייסע קאַטשקעס האָבן געשריגן קוואַ, קוואַ, און גע־פירט א געשלעג מיט ראַבע. א קליין הינטל האָט עס נישט גע־קאָנט פארטראָגן און זיך געסטאַרעט זיי צו צעטיילן. יונגע קאַטש־קעלעך האָבן געפּישטשעט און געזוכט שפּייז. דער פארמער האָט געקוקט אויף אַלץ מיט ליבע און גערעדט מיט פארדראָס, אַז פון די קליינע קאַטשקעלעך זענען אומגעקומען אין וואסער מער ווי פופציק. א קו איז ווינטער געפאַלן. דאָס אַלץ קאָסט געלט. נאָר ער האָט א פּלאַן: זאָלן זיך צוזאַמענקלויבן א צען אינטעליגענטע פאַמיליעס און גרינדן אויף דעם וואונדערבארן פּלאַץ א קאָלאָניע פאר היי־פיבערניקעס. זאָל יעדערער ארייגלייגן פינף הונדערט דאָלאַר און אויסבויען א „באָנגאַלאָ" און ער וועט זיין דער אויפפּאַסער. ער איז דאָ דער ערשטער יידישער פארמער און וויל נישט אוועקגיין פונדאַנען. אָבער אזוי איז שווער. ער האָט נישט קיין געלט און עס איז נישטאָ ווו צו נעמען.

— א שווערע צייט, — האָט צוגעשטימט סאָקאָל. — איך

אליין בין אינגאנצן רואינירט און „אויסגעשפּילט״, ווי מען זינגט אין לידל.

דער פּארמער האָט אים פאַרזאָרגט אָנגעקוקט:

— טאַקע אַלץ פאַרלאָרן?

—אַלץ, אַלץ.

— און איר קאָנט אַפּילו אַ טויזנטער נישט אַריינלייגן אין דעם פּלאַן?

— אַפּילו אַ דאָלאַר אויך נישט.

— מיין גאָט! — האָט אויסגעשריגן דער פּאַרמער.

א ווײַלע שפּעטער איז סאָקאָל געגאַנגען צוריק אין האָטעל. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן זיין ערשטער טאָג דאָ, אין די ווייסע בערג פּאַראַיאָרן, ווען ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין א גוטן האָטעל אין בעטלעהעם, און זיך באַטראַכט איצט דאָ צווישן די אָרעמע האַרעפּאַשנע מענטשן. דאַן איז ער אויפגעשטאַנען שפּעט, אָפּגעגעסן א שווערן זאַטן פרישטיק און זיך גלייך געזעצט שפּילן אין קאָרטן און דערביי געהערט שמוציקע אַנעקדאָטן. דאָ האָט ער זיך באַקענט מיטן שניידער פּאָל, מיט דער שאַטינקע סאַשע, מיט דעם שטילן שניידערל און מיטן יידישן פּאַרמער, וואָס, נישט געקוקט אויף אַלע זיינע נישט־פּראַקטישע פּלענער, שטרעבט ער צו אַן ערלעך לעבן און פאַרדינט זיין שטיקל ברויט אין שווייס פון זיין פּנים. ניין, ער, דוד סאָקאָל, איז נאָך נישט „אויסגעשפּילט״ און נאָך נישט צו־אַלט אָנצוהויבן א ניי לעבן. ער וועט זיך נישט אונטערגעבן אזוי גיך. ר׳איז אַלט אינגאַנצן 50 יאָר און זעט אויס א סך יינגער. דאָס לעצטע יאָר האָט ער זיך אליין אָפּגעלאָזט און אַרויפגעשלעפּט אויף זיך די עלטער. אָבער אין דעם איז שולדיק זיין פרוי, וואָס האָט נישט געוואָלט פאַרגעסן אָן די גוטע צייטן. אָבער איצט נעמט ער פילן א נייעם כוח אין זיך. זיין קערפּער וועט דאָ זיכער געשטאַרקט ווערן. די לופט איז אַרום אזוי מחיהדיק. ער וועט זיך סטאַרען רוען א סך און קומען צו זיך.

ביים פרישטיק איז געווען פריילעך. די „רביצין״ האָט זיך נאָך אַלץ געשדכנט צום שטילן שניידערל, געשילדערט, וואָס פאַר א זים לעבן זיי וועלן ביידע פירן, און דער עולם האָט געלאַכט און זיך אַמוזירט. דער „קאָמוניסטישער״ טיש האָט אויך

אַנטייל גענומען אין שפּאַס און חבר פֿאַל האָט צוגעזאָגט, אַז דער שידוך וועט זיין געשלאָסן, צו זיין אַ מסדר קידושין, ווייל אַמאָל האָט ער געלערנט אין אַ ישיבה און האָט סמיכה אויף צו זיין אַ רב.

סאַשע, אין אַ ווייסן פּאַרטוכל, האָט סערווירט און אַלע ווילע געפֿרעגט אַן אַנדער פּאַציענט, צי מען וויל נאָך אַ פּאָרציע קאַשע אָדער אַ גלאָז קאַפֿע. זי האָט אויסגעזען זייער ליב און אירע ליפּן זענען היינט געווען עפּעס רויטער ווי תּמיד. די חברים האָבן עס באַמערקט און זיך געוויצלט אַ פּאָר מאָל אויף איר חשבון. סאָקאָל האָט אויך אויף איר געקוקט און געשמייכלט. אים איז געווען גוט אויפֿן הארצן. שוין לאַנג איז ער נישט גע־זעסן ביי אַ טיש און געגעסן אַזוי רואיק.

— אויסגעצייכנט, — האָט ער געטראַכט, — דאָ איז אויסגעצייכנט.

נאָר שפּעטער איז אים אויסגעקומען איבערצולעבן אומאַנ־גענעמע מינוטן. דאָס איז געווען אַ זייגער עלף. ער איז געזעסן אויף די טרעפּ פֿון אַריינגאַנג און זיך געוואַרעמט אַנטקעגן דער זון. נעבן אים, אין שאָטן פֿון אַן אַלטן בוים, זענען אויף אַ היל־צערנער גרינער באַנק, געזעסן צוויי עלטערע פֿרויען. סאָקאָל האָט אָנגענומען געדרימלט און דערהערט, ווי איין יידענע פֿרעגט דער צווייטער:

— זאָגט מיר, איך בעט איך, פֿאַרוואָס רופֿט מען עס די בערג די „ווייט מאַונטענס״? זיי זענען דאָך באַוואָקסן מיט גרינע בוימער. איך פֿאָר שוין קיין בעטלעהעם דאָס צענטע יאָר און ווייס עס אַלץ נישט.

— גאָר פּשוט: ס׳איז אַזוי ווי טישעלעך באַדעקט מיט ווייסע טישטוכלעך. איצט פֿאַרשטייט איר שוין?...

סאָקאָל האָט זיך שטיל צעלאַכט. נאָר פּלוצים האָט זיך דער־הערט אַ שאַרפֿער פּייף און אַ גרויסער בלויער אויטאָמאָביל, אָנ־געפּאַקט מיט פֿרויען און מענער, איז צוגעפֿאָרן צום האָום און זיך אָפּגעשטעלט ביים אַריינגאַנג. סאָקאָל האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון זיין פּלאַץ, דאָס האַרץ איז אים איינגעפֿאַלן. ער האָט דער־קענט באַקאַנטע און שוין געוואָלט זיך אָפּטראָגן, נאָר יענע האָבן אים באַמערקט און איינער פֿון די מענער האָט אַ זאָג געטאָן:

— מיסטער סאָקאָל, וואָס מאַכט איר? ווי האָט איר גע־סטאָפּט? פאַרוואָס זעט מען אייך נישט?

—איך האָב געסטאָפּט דאָ, — האָט ער ערנסט און שאַרף אונטערגעשטראָכן. — עס איז נישט אַמאָליקע יאָרן. די צייטן זענען שווערע.

— וועל, דאָס איז גאָרנישט שלעכט, בעליוו מי, — האָט אונטערגעכאַפּט דער מאַן און, ווענדנדיק זיך עלעגאַנט צו די דאַמען, צוגעגעבן: — לאָמיר גיין אָנקוקן די נייע געביידע. בעליוו מי, דאָ איז וווּנדערבאַר.

די קאָמפּאַניע האָט זיך געלאָזט צו דער נייער געביידע. סאָקאָל האָט זיי נאָכגעקוקט און דערפילט אַ שוואַכקייט אין די פיס. אָט מיט איינעם פון די מענער האָט ער נישט איינמאָל גע־שפּילט אין קאָרטן און פאַרשפּילט ביי אים גענוג געלט. און יענע דאַמע, די געפאַרבטע בלאָנדינקע מיטן הויכן בוזעם, איז מיט עטלעכע יאָר צוריק מיט אים געווען גאַנץ אינטים, ווען ער איז אין אַ לבנה־אָוונט מיט איר געפאָרן אין זיין מאַשין צו מאָונט וואַשינגטאָן. ווי האָט זי זיך עס דאַן צו אים געלאַשטשעט! איצט, הערנדיק, אַז ער שטייט גאָר איין דאָ, אין „הקדש", מיט שנאָ־רערס, האָט זי אים ווי נישט באַמערקט און איז אַוועק נאָך די אַנדערע. אפשר האָט זי אים נישט געוואָלט פאַרשעמען. נאָר אין סאָקאָלס האַרצן האָט זיך אָנגעצונדן אַ ווייטאָקדיקער כּעס און ער האָט זי אָנגערופן אין געדאַנק מיט אַ מיאוסן, באַליידיקנדיקן נאָמען. עס האָט אים אָבער גלייך באַנג געטאָן.

— מען מוז זיך נעמען אין די הענט. מען מוז זיך נעמען אין די הענט.

ער איז אריין צו זיך אין צימער. דאָרט האָט ער געטראָפן סאַשען און חבר פּאָל. זי האָט זיך שטאַרק געהיצט. אַן אויפגע־רעגטע האָט זי אויסגעזען נאָך שענער און רייצנדיקער. סאָקאָל האָט זיך פאַרקוקט אויף איר און זיין שלעכטע שטימונג איז גלייך צערונען ווי אַ לייכט וואָלקנדל ביים זון־אויפגאַנג. ער האָט גע־פרעגט:

— וואָס אַזוינס האָט פּאַסירט?

— מיר ווילן אַ שליידער־טאָן די פּופּקע־קאַטלעטן דעם מע־נעדזשער אין פּנים. — האָט זיך האַסטיק אויפגעהויבן פון פּלאַץ,

ווי ער איז געזעסן און געשריבן עפּעס, חבר פּאָל און זיינע מאָנ־
גאָלישע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן. אין אַלץ איז שולדיק דער
מענעדזשער. און דאָס האַלט זיך נאָך פאַר אַן אַנאַרכיסט.

— אַ פיינער אַנאַרכיסט! אַ קאָפּייעטשניק פון דער נאַ־
טור, — האָט זיך נישט געוואָלט באַרואיקן סאַשע.

סאָקאָל האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין בעט. ער האָט
פאַרשטאַנען, אַז דער „קאָמוניסטישער" טיש קלייבט זיך ביי
וואָרעמעס מאַכן אַ סקאַנדאַל צוליב די העלזלעך און פּופּקעס אין
גראַטן זיינע נייע פריינט נישט צו מאַכן קיין טומל. עס לוינט
זיך נישט. עס איז אַ קליינעניקייט. ער וועט בעסער איבעררעדן מיטן
פּרעזידענט און מער וועלן אַזוינע זאַכן נישט פאָרקומען. דערצו,
פאַרוואָס זאָלן די האָטעל־קיפּערס נישט אַרויסהעלפן די האָום
מיט שפּייז? פאַרקערט, עס איז זייער פיין פון זיי. מען דאַרף דאָך
נישט פאַרגעסן, אַז דער אַנשטאַלט, וועלכער איז אַזוי נויטיק פאַר
די אָרעמע היי־פּיבערניקעס און אַסטמע־ליידנדע, עקזיסטירט אויף
דאָנייישאָנס, ווי פיל אַנדערע ענלעכע אינסטיטוציעס. די אַדמיניס־
טראַציע טוט אָן צווייפל זייער אַ גוטע אַרבעט.

נאָר חבר פּאָל און חברטע סאַשע האָבן וועגן דעם ענין גע־
האַט גאָר אַן אַנדער מיינונג. זיי האָבן זיך נישט געוואָלט באַ־
רואיקן. ניין, מען טאָר נישט שנאָרן פאַר זיי קיין שפּייז. דאָס איז
אַ באַליידיקונג. זיי צאָלן צו צען דאָלאַר אַ וואָך און אַלץ ווערט
געדעקט מיט דעם געלט. אַ פרוי בעט אָן איבעריקן אָראַנדזש,
קריגט זי אַ פייג פון מענעדזשער. נישטאָ מער קיין אָראַנדזשן.
עס איבלט אייך, טרינקט־אויס אַ גלאָז וואַסער. דאָס בעסטע — אַ
וואָרף טאָן די פּופּקע־קאָטלעטן דעם מענעדזשער אין פּנים אַריין.
וואָס קאַרגט ער! וויל זיך אויספיינען פאַר דער אַדמיניסטראַציע,
אַז ער איז עקאָנאָמיש, אַז ביי אים גייט אַוועק ווייניק. און אין
אים, סאָקאָלן, רעדט דער געוועזענער קאַפּיטאַליסט, דער בורזשוי.

— מעגלעך, מעגלעך, — האָט שטיל אַראָפּגעלאָזט דעם
קאָפּ סאָקאָל און זיך פאַרטראַכט.

מען האָט אָנגעקלאַפּט און, נישט וואָרטנדיק אויף אַן ענט־
פער, אויפגעעפנט די טיר. צוויי יונגע פרויען האָבן אַריינגעקוקט
און געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז די צימערן זענען פּראַכטפול, מיט
אַ האַלב מויל זיך אַנטשולדיקט און זענען אַוועק. חבר פּאָל האָט

זיי אוועקגעשיקט צו אַלדי שווארצע יאָר. אָט אַזוי עפּנט מען זיין טיר אַלע ווײַלע און מען לאָזט אים נישט רואיק שרײַבן. דאָס טוען אַלע, וואָס קומען אָנקוקן די האָוס. עס איז ממש נישטאָ ווו זיך צו באַהאַלטן פון די באַזוכער.

זיי האָבן נאָך אַ ווײַלע גערעדט וועגן די פּופּקעס־קאָטלעטן און ענדלעך האָבן חבר פּאָל און חברטע סאַשע באַשלאָסן דאָס מאָל צו פאַרשווײַגן, ווײַל די מערסטע פּאַציענטן זענען נאָך נישט צוגעגרייט פאַר אַ פּראָטעסט. אָבער עסן וועט מען די קאָטלעטן נישט. דערצו, האָט סאָקאָל געשמייכלט, שטייט ער אויך צו. סאַשע האָט חנעוודיק אַ טרייסל געטאָן מיט אירע קורץ־געשווירענע קאַשטאַן־האָר און פאַרזיכערט סאָקאָלן, אַז מען וועט נאָך פון אים מאַכן אַן אמתן קאָמוניסט און בונטאַר.

— הלואי, — האָט ער אַ זאָג געטאָן. — איך וואָלט דאַן געהאַט אַן וואָס זיך אָנצוהאַלטן.

4

עס זענען פאַרבײַ אַ פּאָר טעג. סאָקאָל האָט זיך גענומען צוגעוווינען צו די נײַע אומשטענדן מיט זײַנע נײַע פרײַנט. די הכנעהדיק־נידערגעשלאָגענע שטימונג, וואָס האָט אים באַהערשט בײַם אָנקומען אַהער, האָט פּאַמעלעך גענומען פאַרשווינדן. ער האָט זיך שטאַרק באַפרײַנדעט מיטן שטילן שניידערל, מיטן געוועזענעם קופּלעטיסט, אפילו מיט דער „רביצין" און מיט נאָך אַ קראַנקן בלאַסן פּיינטער, וואָס האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו שרײַבן שלעכטע גראַמען און באַזינגען זײַן ביטער מזל. דערצו האָט דער אָרעמער מענטש נאָך געליטן אַ גאַנץ יאָר פון אַסטמע. פון דעמדאָזיקן פּיינטער האָט סאָקאָל אַביסל אונטערגעליטן, ווײַל יענער פלעגט אים כמעט ווי צווינגען אויסצוהערן זײַנע לאַנגע „לידער" און געפאָדערט אַ מיינונג. סאָקאָל פלעגט אים הייסן זיך ווענדן צו חבר פּאָל. יענער איז אַ שרײַבער און פאַרשטייט אַזוינע זאַכן בעסער פאַר אים.

דערפאַר איז אים געווען גוט מיטן אַלטיטשקן קופּלעטיסט, וואָס פלעגט ממש נישט אויפהערן צו שיטן מיט געזאַלצענע געשיכטעלעך און אַנעקדאָטן, פון וועלכע ער פלעגט לאַכן. אָדער

דער אַלטיטשקער פֿלעגט נאָר צוזאַמענקלויבן זיין כאָר אונטער אַ בוים און זינגען „אויסגעשפּילט״ און „ווו זענען מיינע זיבן גוטע יאָר״. דידאָזיקע סקאַרבאָווע מעלאָדיעס איז סאָקאָלן געווען אָנגענעם צו הערן און די פּשוטע ווערטער פֿלעגן אין אים אַרויסרופֿן געדאַנקען, אַז אַלץ אויף דער וועלט איז הבל הבלים, הכּל הבל און אַז ער מוז צו עפּעס זיך דערשלאָגן, געפֿינען אַן אינהאַלט אין לעבן, אַ גלויבן, וואָס זאָל אים איינגאַנצן פֿאַרשלינגען. אַנדערש וועלן זיך ציִען פּוסטע, פֿינסטערע טעג און נעכט און שווער און ביטער וועט זיין דער סוף.

באַזונדערס גערן פֿלעגט ער פֿאַרברענגען מיטן שטילן שניידערל, וואָס איז תּמיד געווען ווי פֿאַרצויבערט און אַלץ דערציילן, אַז ער איז דאָ געוואָרן אַ נייער מענטש. ער כאַפּט זיך אויף פֿאַרטאָג און זעט, ווי די ווייסע נעפּלען ליגן זיך אויף די שפּיצן פֿון די בערג, און דערנאָך גייט־אויף די זון און זיי פֿאַרשווינדן, צעגייען ווי אַ רויך. טוט ער זיך אָן און גייט אַרויס אויף אַ שפּאַציר איבערן וועג. אָט דאָ ביים האָום. די גראָזן זענען נאָך פֿייכט פֿון טוי און די שוואַרצע און רויטע יאַגדעס אויף די קוסטעס זענען פֿריש און געשמאַק. אַ טייערע וועלט. אַ זיסע וועלט.

און צום סוף:

— מיסטער סאָקאָל, אפשר ווילט איר פֿאָרט, איך זאָל אויספּרעסן אייער סוט. איך האָב נישט וואָס צו טאָן. עס וועט גאָרנישט קאָסטן.

דאָס איז אַלץ געווען אין דער פֿרי און ביטאָג. אָבער די אָוונטן האָט סאָקאָל פֿאַרבראַכט מיט זיינע נייע פֿריינט פֿון „קאָמוניסטישן״ טיש. ער האָט אַ סך געהאַלטן פֿון חבר פֿאָלן און פֿלעגט זיך גוט צוהערן, וואָס יענער רעדט. דער חברה־מאַן, האָט סאָקאָל געטראַכט, האָט אַ גוטן קאָפּ אויף די דאַרע פּלייצעס און קענטיק אַ סך געלערנט. אָבער דאָס, וואָס חבר פֿאָל פֿלעגט זיך לייכט אָנצינדן און ווערן אויפֿגערעגט פֿון יעדער קלייניקייט, איז אים געווען אַביסל נישט צום האַרצן. אין די עטלעכע טעג, וואָס זיי זענען געווען צוזאַמען, האָט סאָקאָל שוין געהאַט געלעגנהייטן עס צו באַמערקן. אויך אין חברטע סאַשען האָט ער געזען אַ שטריך, וואָס האָט אים געמאַכט אומבאַקוועם אין איר

געזעלשאפט. דאָס איז געווען איר געוווינהייט נישט צו לאָזן אַ צווייטן ענדיקן זאָגן, וואָס מען וויל, זיך אָנכאַפּן אָן אַ וואָרט, פאַרפירן גלייך אַ דיסקוסיע און ווערן צערייצט. אָבער סאַשען האָט עס אָפּט געפּאַסט צום פּנים. אירע אויגן פלעגן זיך אָנצינדן, דער פיינער קערפּער האָט נישט גערוט דערביי אַ רגע און פון די זאַפּטיקע, פוכקע ליפּן פלעגן נאָכאַנאַנד אַרויספליען הייסע, פייערדיקע ווערטער.

— אָך, ווען די פרוי דיסקוטירט וויפיקער, — האָט סאָקאָל געטראַכט. ער פלעגט אָבער נישט קאָנען אַראָפּנעמען זיינע אויגן פון איר פּנים. זיי זענען שוין צוויי אָוונטן געגאַנגען צוזאַמען שפּאַצירן נאָך וועטשערע. דאָס ערשטע מאָל האָט אים איינגעלאַדן חבר פּאָל, וועלכער איז אַוועק מיטן שוואַרצן וויי בעלע, וועלכעס סאָקאָל האָט געזען דעם ערשטן אָוונט ביים „קאָמוניסטישן" טיש. סאָקאָל מיט סאַשען זענען אַוועק הינטער זיי. געגאַנגען זענען זיי מיט דער סטעזשקע, וואָס האָט געפירט צו די אייזנבאַן - רעלסן און צום יידישן פאַרמער. דער אָוונט איז געווען אַ שטילער, אַ וואַרעמער. זיי האָבן זיך איינער דעם צווייטן נישט געקאָנט גוט זען. די פינסטערניש איבער דער ערד האָט זיך צעשפּרייט אַ געדיכטע. אָבער דער הימל איז געווען ריין און אויסגעשטערנט. סאַשע האָט גענומען סאָקאָלן אונטערן אָרעם, זיך לייכט צוגעטולעט צו אים. סאָקאָל האָט דערפילט, ווי אַ פריידיקער ציטער איז אַדורך זיין לייב.

— לאָמיר גיין פּאַמעלעך, — האָט ער געזאָגט. — זיי ווילן דאָך מסתמא נישט, אַז מיר זאָלן זיי דעריאָגן.

— ווי קלערט איר, — האָט סאַשע זיך שטיל און וואַרעם צעלאַכט.

פון דערווייטנס, פון האָוּס, האָבן זיך דערהערט שטימען. מען האָט אימיצן גערופן אויפן קול.

זיי זענען שטיין געבליבן, זיך גענומען צוהערן. סאַשע האָט זיך נאָך מער צוגעטולעט צו אים.

— וועמען רופט מען עס? — האָט סאָקאָל געפרעגט.

— דאָס שרייט דער מענעדזשער, — האָט באַמערקט סאַשע.

— אַ ווייטרים איז אַרויס פון עס-צימער פאַר דער צייט, רופט ער זי. אָזאַ זלאָב!

עס איז שטיל געוואָרן. אַ לייכט ווינטעלע האָט זיך איבער־געטראָגן איבער די קוסטעס. זיי זענען געגאַנגען ווייטער.

— מיט וואָס באַשעפטיקט זיך אייער מאַן? — האָט גע־פרעגט סאָקאָל.

— ער איז גייסטיק קראַנק און מיר לעבן נישט צוזאַמען שוין דאָס דריטע יאָר, — האָט געענטפערט סאַשע. — פריער האָט ער געאַרבעט אין אַ קנעפּל - פאַבריק. איך האָב אים קיינ־מאָל נישט געליבט.

— פאַרוואָס־זשע האָט איר מיט אים חתונה געהאַט?

— אַ סך צו דערציילן. אין אַלץ איז שולדיק מיין מוטער. איך בין נאָך געווען כמעט אַ קינד, ווען זי האָט מיר פאַרשדכנט פאַר אים. וואָס האָב איך דאַן פאַרשטאַנען?

— איר האָט קינדער?

— דריי. צוויי יינגעלעך מיט אַ מיידעלע. איך אַרבעט און מיין מוטער פּאַסט - אויף זיי בייטאָג.

— מיין גאָט, — האָט זיך אָפּגעשטעלט סאָקאָל. — ווי זשע שלאָגט איר זיך דורך?

סאַשע האָט זיך ווידער שטיל און וואַרעם צעלאַכט:

— קענטיק, אַז איר זענט נישט לאַנג פאַראָרעמט געוואָרן. מיר זענען דערצו געוווינט פון קינדווייז אָן און שרעקן זיך נישט אַזוי פאַר נויט, כאָטש אָפט איז טאַקע זייער שלעכט. נאָר מען שלאָגט זיך דורך ווי עס איז און מען קעמפט פאַר בעסערע צייטן.

סאָקאָל האָט אינסטינקטיוו צוגעדריקט איר האַנט צו זיין אָרעם.

— מען דאַרף עס קאָנען, — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

זיי זענען צוגעקומען צו אַ קליינער לאָנקע באַוואָקסן מיט גראָז. דאָרט איז געלעגן אַ גרויסער פלאַטשיקער שטיין, וואָס האָט דערמאָנט אָן אַן איינגעפאַלער מצבה.

סאַשע האָט גוט געקענט דעם ווינקל. שוין דאָס דריטע יאָר, ווי זי פלעגט קומען אַהער אין האַלב אויף דעם היי־פיבער־סעזאָן און יעדן זומער פאַרבראַכט מיט אימיצן אויף דעמדאָזיקן שטיין.. זי האָט ליב געהאַט דעם פאַרוואָרפענעם ווינקל. באַזונדערס גוט איז דאָ געווען אין זוניקע טעג. זי פלעגט זיך אויסציען, האַלב פאַרמאַכן די אויגן און זיך צוהערן, וואָס עס רעדט דער מאַן,

וועלכער זיצט נעבן איר. זיי האָבן אַלע געזוכט אירע לאַסקעס און איר געשעפּטשעט ווערטער פון ליבע און באַגייסטערונג. נאָר די אַלע ליידנשאַפטן האָבן זיך תמיד געענדיקט מיטן היי - פיבער. עס פלעגן אָנהויבן צו וויאַנען די „גאָלדען ראָד", „רעג וויד" און די אַלע אַנדערע שעדלעכע פלאַנצונגען, און מיט זיי זענען אויך אָפּגעשטאָרבן די געפילן פון די מענער צו איר. מען האָט געדאַרפט פאָרן אַהיים און זיך אומקערן צו די איינענע און נאָנטע. דערצו איז חברטע סאַשע געווען צו - אָפּנהאַרציק. זי פלעגט דערציילן וועגן איר קראַנקן מאַן און ווי אַזוי זי שלאָגט זיך אַליין דורך מיט די קינדער און דערביי דערמאָנען, אַז זי איז אַ הייסע קאָמוניסטקע, באַזוכט אַלע פאַרזאַמלונגען און דע-מאָנסטראַציעס, און אַז איינמאָל האָט זי ביי אַ פּאָליסמאַן כמעט אָפּגעביסן אַ שטיקל פינגער, ווען יענער האָט זי געוואָלט שלאָגן און אַרעסטירן.

זיי האָבן זיך אָוועקגעזעצט אויפן שטיין און זיך נאָנט צו-גערוקט איינער צום צווייטן. סאָקאָלן האָט זיך פאַרוואָלט אַרומ-נעמען די יונגע פרוי, ער איז אָבער געבליבן זיצן אומבאַוועגלעך און נאָר אַוועקגעלייגט זיין האַנט אויף אירע קני. עפּעס האָט אים געפעלט מוט עס צו טאָן. זיי זענען דאָך באַקאַנט אינגאַנצן עט-לעכע טעג. דערצו וואָלט אפשר זיין האַנדלונג זי באַליידיקט און ער קאָן נאָך כאַפּן אַ מיאוסן אָפּשניט, אָדער גאָר אַ פּאַטש אין פּנים. זי זעט אויס צו זיין פּעאיק אויף דעם.

יאָ, מען דאַרף זיין איינגעהאַלטענער, שטילער און געלאַסע-נער מיט פרויען. עס איז נישט אַמאָליקע צייטן, ווען ער האָט לייכט געקאָנט אַלץ פאַרגלעטן מיט געלט. דאַן האָט ער געהאַט אַ סך הוצאה און תמיד איז אים געלונגען זיך אַרויסצודרייען פון „טראַבעל". איצט דאַרף מען וואַרטן ביז די פרוי וועט אים קומען אַנטקעגן, זיך אָפּרופן אויף זיינע געפילן. ער וואָלט געוואָלט אי-בערלעבן אַ גרויסע אמתע ליבע, נישט קיין געקויפטע. נאָר נישט סאַשע איז אַפּנים די דאָזיקע פרוי, אין וועלכער ער וואָלט זיך געקאָנט פאַרליבן אין זיינע יאָרן, כאָטש איר אויסזען געפעלט אים שטאַרק. אָבער איר פעלט באַשיידנקייט און שטילקייט. אָט יענע האַרציקע אומבאַהאָלפנקייט פון נאַאיווע, אָפּגעשטאַנענע פרויען, וואָס אַפּעלירט תמיד אַזוי צו אים.

מיט זיין פרוי האָט סאָקאָל די לעצטע יאָרן געלעבט נישט גוט. ער פלעגט זי נישט ליידן פאַר איר יאַדען אים, פאַר איר אומגעלומפּערטער און נאַרישער אייפערזוכט, וואָס איז שטענדיק געווען בלינד. כמעט אַלע מאָל פלעגט זי אים באַשולדיקן אין באַציאונגען מיט פרויען, מיט וועלכע ער האָט זיך גאָרנישט איז טערעסירט, אָין דאָס פלעגט אים מאַכן ווילד פון כעס. וואָלט זי כאָטש געוווסט, וואָס זי רעדט. הויבט זיך פּלוצים אָן בלאָזן אויף באַקאַנטע פרויען, וואָס וויסן נישט פאַרוואָס און פאַרוועמען און עס ווערט אַ שטילע, פאַרבאַהאַלטענע קריגעריי. אַלע פרויען ווילן ביי איר צונעמען איר מאַן. אַזוי איז געווען אין די גוטע יאָרן, ווען אין הויז איז געווען פון אַלדאָס גוטס איבער גענוג. אָבער שפּעטער, איז זי געוואָרן נאָך ערגער און אָפּט גאָר אומדערטרעגלעך. אין אַ קורצע צייט איז זי געוואָרן גרוי און האָט אויסגעזען אַ סך עלטער פון אירע זעקס און פערציק יאָר.

אויף דעם היי־פּיבער־סעזאָן האָט סאָקאָל אַלעמאָל געוואַרט אָפּילו מיט אומגעדולד. דעם לעצטן זומער האָט ער שוין געהאַט פאַרלאָרן די האָפענונג, אַז ער וועט קאָנען קומען אַהער. און אָט איז ער דאָ און זיצט איצט מיט אַ יונגער פרוי אויף אַ שטיין אין דעם שטילן וואַרעמען אָוונט.

עס האָט זיך אויסגעלאָזט גוט. ער נעמט פילן אַ ניי לעבן אין זיך. ער וועט נאָך ווערן גאָר אַן אַנדערער מענטש. אפשר וועט עס קומען פון דער פרוי, וואָס זיצט נעבן אים אַדער פון אירע פריינט. זיי אַלע זענען פול מיט גלויבן און קאַמף, און אפשר וועט אים ברענגען פרייד און רו דאָס שטילע שניידערל, וואָס באַזינגט נאָכאַנאַנד מיט פּשוטע ווערטער גאָטס וועלט און איז אין זיין נויט און אָרעמקייט אויסערגעוויינלעך גוט צו אַלעמען.

— פאַרוואָס שווייגט איר? — האָט סאָקאָל פּלוצים דערהערט סאַשעס שטימע און דערפילט איר וואַרעמע האַנט אויף זיינע.

ער האָט אַ ציטער געטאָן.

— דאָ איז פייכט, — האָט ער באַמערקט.

סאַשע האָט זיך אויפגעהויבן און געזאָגט.

— לאָמיר גיין זיי אָפּזוכן.

זיי האָבן אָבער חבר פאָלן מיט דעם שוואַרצן וויבל אויפן וועג נישט באַגעגנט און זענען אַוועק צום יידישן פאַרמער. דאָרט

האָבן זיי זיך אָפּגעזוכט. ביים פּאַרמער איז געווען פריילעך. אין קיך האָט געברענט אַ גרויסער קעראָסין - לאָמפּ. די געסט האָבן געטרונקען סיידער און דער אַלטער באָרדער האָט געשפּילט אויף זיין רוסישער האַרמאָשקע און חבר פּאָל מיטן שוואַרצן ווייבל האָבן געפּרוווט כאַפּן אַ טענצל.

— לעבעדיקער, לעבעדיקער, — האָט הייזעריק און הוסטנ־דיק געשריגן דער זקן און זיך באַוועגט מיטן קערפּער אין טאַקט פון דער מוזיק.

זיי האָבן פאַרבראַכט ביים פּאַרמער מער ווי אַ שעה. דער אַלטער האָט געשפּילט פאַרשיידענע לידער און ראָמאַנסן און דערציילט, אַז זיין זון, אַ דאָקטאָר, האַלט אים אויס און ער האָט נישט קיין זאָרג. איי די אַסטמע שטיקט און מען שלאָפט נישט קיין נעכט און עס דוכט זיך אַלץ, אַז אָט - אָט רוקט זיך אָן דער סוף? נו, איז וואָס? מען קאָן זיך דען העלפן?!

זיי האָבן זיך אומגעקערט אין האָוס. חבר פּאָל האָט געוואָלט אריינגיין צו זיך אין צימער און עפּעס פאַרצייכענען, וואָס איז אים פּלוצים ארויף אויפן געדאַנק, סאָקאָל און ביידע פרויען זע־נען געבליבן אויף דער וועראַנדע וואַרטן. אין עס־צימער איז נאָך אַלץ געווען ליכטיק. דאָרט האָט זיך געפונען דער געוועזענער קופּלעטיסט, אַרומגערינגלט פון אַ צען עלטערע פרויען, און די קעכין. ער איז געשטאַנען אין מיטן חדר, זשעסטיקולירט מיט די קליינע הענט, געמאַכט גרימאַסן מיטן צעקנייטשטן פּנים און גע־זונגען פאַר די דאַמען. דורך אַן אָפן פענסטער האָבן זיך דער־טראָגן די ווערטער:

„געמאָסטן און געוויגן,
מיט טרערן אין די אויגן,
האָב איך אַ שיין ווייבעלע דערזען.
און איך האָב זיך צו איר באַלד צוגעשאַרט
און איך האָב זיך נישט אָפּגענאַרט"...

די ווייבער האָבן געקייכט פון געלעכטער, זיך געהאַלטן פאַר די זייטן. אַך, ברענען זאָל ער, דער אַלטיטשקער. הער נאָר ווע־טער. קוק אים נאָר אָן, ווי דאָס אַרבעט אויף אַלע כלים.

— ער קערט נאָך אַ וועלט, — האָט באַמערקט סאָקאָל. — זעט נאָר, ווי ער סטאַרעט זיך אויסצונעמען ביי די ווייבער.

— איין קליינקייט, — האָט געלאַכט סאַשע. — מיר האָט ער זיך שוין צוויי מאָל דערקלערט אין ליבע.

— אַ נאַר וועט ער זיין? — האָט באַמערקט סאָקאָל. — ער האָט אַ גוט געשמאַק.

חבר פאָל האָט זיך אומגעקערט. נאָך שפּאַצירן איז מען מער נישט געגאַנגען. מען איז אַריין צו סאַשען אין חדר און זי האָט פאָרגעלייענט אין רוסיש עטלעכע קורצע סקיצן פון אַ נייעם סאָוויעטישן שרייבער. דערנאָך האָט חברטע סאַשע פאַרפירט אַ דיסקוסיע און חבר פאָל האָט שטאַרק געלויבט דעם מחבר. סאָקאָל האָט געשוויגן, אים זענען די זאַכן נישט געפעלן געוואָרן. די סקיצן האָבן געקלונגען ווי אַגיטאַציע און אין זיי האָט זיך נישט אָפּגעשפּיגלט דאָס אמתע סאָוויעטישע לעבן, וואָס אים איז געווען באַקאַנט פון פיל בריוו פון אייגענע און פון פאַרשיידענע באַריכטן פון דער טעגלעכער פרעסע. סאָקאָל האָט געקלערט, אַז ער פאַרשטייט אויך עפּעס אין דעם ענין. אין די יונגע יאָרן האָט ער איבערגעלייענט אַלע ווערק פון די רוסישע קלאַסיקער און אַ געוויסע צייט זיך אַפילו געגרייט אָנצוקומען אין גימנאַזיע. נאָר נעמען אַ וואָרט און אַרויסזאָגן זיין מיינונג האָט ער נישט געוואָלט. חבר פאָל און חברטע סאַשע וואָלטן אים לייכט מסתמא צעקלאַפּט און פאַרשריגן. זיי דיסקוטירן נישט רואיק און ווערן גלייך איפּגערעגט, ווי זיי וואָלט אַלץ שטאַרק וויי געטאָן...

דערנאָך האָט מען אַרויפגעטראָגן פון קיך געקאָכט וואַסער און אין דער שטיל געמאַכט טיי, ווייל דער מענעדזשער וואָלט עס נישט דערלויבט. סאַשע און איר חברטע האָבן מיט האַלבע שטימען אָנגעהויבן זינגען אַ רעוואָלוציאָנער ליד און דעם מאַרש פון דער רויטער אַרמיי, וואָס האָט געקלונגען מוטיק, קעמפעריש און שיין. סאָקאָל האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט דעם מאָטיוו און איז געווען באַגייסטערט. סאַשע האָט געהאַט אַ גוטע שטימע און אַרויסגערעדט קלאָר און שאַרף די ווערטער:

„מי ראַזדויעם פּאָזשאַר מיראָוואָי,
צערקווי אי טורמי סראַוונאַיעם סיזעמלאָיי".

שפּעטער, ליגנדיק אין בעט, האָט אין סאָקאָלס אויערן אַלץ געקלונגען די מוטיקע ווערטער פון מאַרש:

„ווּעיד אָט טאַיגי, דאָ בריטאַנסקיד מאַרעי,
קראַסנאַיאַ אַרמיאַ ווסיעד סילנעייי.

5

סאָקאָלן האָט אַ צי געטאָן קיין בעטלעהעם. ער האָט געוואָלט טרעפן אייניקע באַקאַנטע און באַזונדערס אַ יונגע פרוי, מיט וועלכער ער איז נאָך פאַראַיאָרן געווען זייער אינטים. מילא, האָט ער געטראַכט, אַז ער איז איצט פאַראָרעמט, ווייסן דאָך שוין מסתמא פיל אין שטעטל און אפשר איז עס דערגאַנגען צו איר אויך. עס איז טאַקע אינטערעסאַנט, ווי וועט זי אים באַגעגענען. נאַרישקייטן, ער איז דאָך נישט דער איינציקער, וואָס האָט זיין גאַנץ פאַרמעגן פאַרלאָרן אין וואָל-סטריט. פאַרוואָס זאָל ער זיך פילן דערשלאָגן און דערנידעריקט. ער קאָן זיך אַרויפאַרבעטן און ווערן ווידער רייך. דאָס רעדל דרייט זיך. היינט קאָן איך ווערן רייך און מאָרגן דו אַן אָרעמאַן.

ער האָט אָבער גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען פוסטע האָפענונגען. ער וועט זיך שוין מער קיינמאָל נישט אַרויפאַרבעטן, און צו וואָס זיך שלעפן אין שטעטל, ווו אַלע וועלן אים באַדויערן, מאַכן אומעטיקע מינעס און שאָקלען מיט די קעפ און ער וועט זיך פילן ווי אַ פאַרמשפטער אויף אייביקער נויט. ניין, ער וועט קיין בעטלעהעם נישט גיין.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער וועראַנדע אַקעגן דער זון. עס איז געווען אַזייגער עלף אין דער פרי. אַ קליינע גרופּע עלטערע פּאַציענטן זענען געזעסן אין שאָטן פון אַ גרויסן בוים און געשמועסט. נישט ווייט פון זיי אַנטקעגן האָום האָבן זיך עטלעכע קינדער געשפּילט אין היי - פיבער. זיי פלעגן אַלע ווײַלע אַ פאַל טאָן צו דער ערד און אָנהויבן כלומרשט ניסן.

סאָקאָל האָט באַמערקט פון דערווייטנס, ווי דער פעטער ייד מיטן גראָבן בויך זיצט אויפן בערגל אויף אַ הילצערנעם קעסטל און שאָקלט זיך. סאָקאָל האָט זיך אויפגעהויבן און איז פּאַמעלעך אַוועק צו אים. נישט ווייט פון דאָרט האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן גראָז און זיך גענומען צוהערן.

דער ייד האָט אויף אויסווייניק מיט אַן אומעטיקן ניגון געזאָגט תהלים: — „למנצח אל הנחילות מזמור לדוד״...

סאָקאָל האָט זיך גענומען צוהערן. ער האָט נישט אַלע ווער־טער פאַרשטאַנען, נאָר די טרויעריקע קלאַנגען, וואָס דער ייִד האָט אַרויסגעזונגען, האָבן געלאַשטשעט זיין אויער און אָנגעיאָגט דע־רינערונגען פון די קינדער ־ יאָרן. עס איז אויפגעשטאַנען פאַר זיינע אויגן דער גרינער אַלטער בית המדרש, וווּ זיין טאַטע פלעגט דאַווענען און דער שמש האָט אַלע שבת, בין מנחה למעריב, גע־זאָגט אויפן קול תהלים מיט די ייִנגלעך. די מוטער פלעגט אים דערפאַר האַלזן און קושן. זי האָט אַלץ געהאָפט, אַז פון אים וועט אַרויס אַ גוטער ייִד. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי זיין פאָטער, אַ קרעמער אין אַ קליין שטעטל אין דער ליטע, פלעגט תמיד זוכן שטיקלעך גלאָז אין די געסלעך, כדי די אָרעמע קינדער, וואָס לויפן אַרום באָרוועס, זאָלן זיך נישט צעשטעכן די פיס. דאָס האָט סאָ־קאָלן איצט שטאַרק גערירט. מערקווירדיק, ווי זעלטן ער דערמאָנט זיך אָן זיינע פאַרשטאָרבענע עלטערן. אַלץ געווען פאַרטאָן אין איבּיקן הו ־ האַ. ער דערמאָנט זיך טאַקע, אַז זיין פאָטער איז געווען אַ זעלטן־גוטער מענטש און פיל אָרעמע לייט פון זייער שטעטל פלעגן צו אים אָפט קומען נאָך טובות, כאָטש ער אַליין איז געווען נישט קיין סך בעסער אָפּ פון זיי.

— „למנצח על הגתות מזמור לדוד”. — האָט אַלץ אומעטיק געצויגן דער ייִד און די ווערטער זענען זיך צעגאַנגען איבערן גרינעם בערגל און זענען אָפּגעשטאָרבן אין לאַזור פון קלאָרן, זוניקן טאָג.

סאָקאָל איז נאָך אַ ווײַלע געלעגן אויפן גראָז. דערנאָך האָט ער זיך אומגעקערט אויף דער וועראַנדע. דאָרט האָבן זיך געפונען אַ פּאָר יונגע פרויען און איינע אַן אַלטע. צווישן זיי איז געשטאַ־נען אַן איינגעהויקערטער אַלטיטשקער מיט אומרואיקע, פאַר־טרערטע אויגעלעך. דעמדאָזיקן מאַן האָבן אַלע געקענט פאַר אַ מסור. ער פלעגט דאָס מסרן און איבערגעבן דעם מענעדזשער פון האָום אַלץ, וואָס ס'קומט פאָר אין דער שטיל צווישן די פאַציענטן. איצט איז ער געשטאַנען און געמוסרט די יונגע ווײַבלעך, אַז זיי זאָלן נישט אַרומגיין מיט קיין פרעמדע מענער אין די קוסטעס און בושעס, ווייל צוליב די זינד פון די מוטערס שטאַרבן דערנאָך אומשולדיקע קליינע עופהלעך.

— נישט רעדן און נישט זינדיקן, קאָן מען דאָך פלאַצן, —

האָט אַ לאַך געטאָן איינע פון די יונגע ווייבלעך און געראַטן דעם ייִדן זיך בעסער אָפּטראָגן אויפן בערגל זאָגן תהלים. דאָרט איז זיין פּלאַץ. סאַקאָל האָט נאָך אַ ווײַלע פאַרבראַכט אויף דער וועראַנדע און ס'האָט אים ווידער גענומען ציען קיין בעטלעהעם. ער האָט באַשלאָסן צו גיין אַהין נאָכמיטאָג. נאָר ס'וואָלט געווען גוט אין אַ קאָמפּאַניע, האָט ער געטראַכט. אַזוי וועלן באַקאַנטע ווײַבער „באַדויערן" און ער וועט אויך פּטור ווערן פון איבעריקע רייד און דערקלערונגען. מען וועט זען, מיט וועמען ער שפּאַצירט אַרום, און שוין אַליין פאַרשטיין, וווּ ער שטייט איין. יאָ, ער וועט גלייך פרעגן חבר פּאָל און חברטע סאַשע, צי זיי וואָלטן געוועזן גרייט צו גיין שפּעטער קיין בעטלעהעם. האָט ער אין צימער חבר פּאָל נישט געטראָפן. אויפן קליינעם טישל איז געלעגן אַן אָפן העפט און אַ צייטל איז געווען האַלב פאַרשריבן מיט קלייניקע שיינע יידישע אותיות און ביי די זייטן פון פּאַפּיר האָבן זיך געזען עטלעכע טשיקאַווע פּנימער, אויסגעמאָלן מיט טינט. חבר פּאָל פלעגט אין מיטן שרייבן זיך אָפּט פאַרטראַכטן און צייכענען פאַרשיידענע געשטאַלטן. נישט איילנדיק האָט סאַקאָל אַריינגעקוקט אין העפט, איבערגעלייענט אַ פּאָר שורות און איז אַרויס פון חדר. ער מוז מסתמא זיין ביי חברטע סאַשע. אָבער דאָרט האָט ער אויך קיינעם נישט געטראָפן. ווּ קאָנען זיי זיין? דערנאָך האָט ער זיך דערמאָנט, אַז נאָך נעכטן האָבן זיי עפּעס גערעדט וועגן זייער לײַדנשאַפט צו נעמען זון - בעדער. זיי האָבן אים אויך געזאָגט דעם פּלאַץ, וואָס האָט זיך געפונען הינטער די בושעס, ווייט פון האָוס. זיי זענען זיכער דאָרטן. די זון וואַרעמט שטאַרק און ער האָט זיך געלאָזט גיין אַהין.

אויפן וועג האָט ער באַגעגנט דאָס שטילע שניידערל. דער אַלטער האָט געשפּאַנט מיט אַ פּראָסטן סוקעוואַטן שטעקן אין האַנט און דאָס אויסגעטאָענע רעקל געטראָגן אויף אַן אַקסל. ער האָט אויסגעזען מיד און פאַרטאָן אין גיין. סאַקאָל האָט אים אָפּגעשטעלט, געפרעגט, וווּ ער איז געווען, און פאַרגעשלאָגן זיי זאָלן זיך אַביסל צוזעצן אויפן גראָז אָפּרוען. צו וואַרעמעס איז נאָך געווען צייט.

דאָס שטילע שניידערל האָט גערן איינגעוויליקט און דער־ציילט, אַז ער איז אַוועק אַ מייל פינף פון האָוס, האָט געזען עט־

לעבּע קליינע איינזאַמע פֿאַרמס, וואָס זענען אַרומגערינגלט מיט עפּל - בוימער. בײַ איין פֿאַרם האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געבעטן אַ טרונק וואַסער, האָט אים אַ טיפֿער זקן אַרויסגעטראָגן אַ גלאָז שטאַרקן סיידער. ער האָט נישט געקאָנט אָפּזאָגן דעם גוטן מענטש, עס אויסגעטרונקען און פֿילט זיך נאָך אַלץ בגילופֿנדיק.

יאָ, דער קאָפּ דרייט זיך אים אַ ביסל. ער איז אַ קליינער טרינקער. נאָר די גוטסקייט קאָן ער נישט פֿאַרגעסן. אויך האָט אים אַ פֿרוי געגעבן אַ פּאָר רויטע געשמאַקע עפּל און אַ קינד האָט געלאַכט צו אים. עס איז געווען אַ פֿאַרגעניגן צו גיין.

סאָקאָל האָט אים אָנגעקוקט און געקוואָלן: אַ געבענטשטער מענטש. יעדע קלייניקייט פֿאַרשאַפֿט אים פֿרייד. ווי דערגרייכט מען אַזאַ מדרגה? און פּלוצים איז אים אײַנגעפֿאַלן, אַז מען דאַרף דערציילן דעם אָרעמען פּשוטן יידן אַלץ, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט די לעצטע צייט, און פֿרעגן אַן עצה, וואָס צו טאָן ווייטער. אפֿשר וועט ער אים קאָנען אָנווייזן אַ וועג, ווי אַזוי צו האַנדלען ווייטער. אָבער גלייך האָט ער אַ קלער געטאָן: וואָס קאָן מיר דער ליבער מענטש ראַטן? מ׳דאַרף געבאָרן ווערן מיט אַזאַ כאַראַקטער, ווי ער פֿאַרמאָגט, און זיך קאָנען באַנוגענען מיט גאָרנישט. דערצו האָט דאָס שטילע שניידערל כאָטש אַ שטיקל פּרנסה און שלאָגט זיך דורך ווי עס איז. אָבער וואָס קאָן ער טאָן און צו וואָס פֿאַר אַ מלאָכה קאָן ער זיך איצט נעמען. ער זאָל גאָר ווערן אַ לאַטוטניק, אָבער דאָס דאַרף מען דאָך אויך קענען.

— עס איז זייער שלעכט, אַ ביטערע צייט, — האָט געזאָגט סאָקאָל.

— מען וועט אַלץ איבערלעבן. מ׳טאָר נישט זאָרגן. — האָט געטרייסט דאָס שטילע שניידערל.

— אַבי דער גלויבן אין גאָט זאָל זיין.

— יאָ, — האָט צוגעשטימט סאָקאָל. — אַבי דער גלויבן זאָל זיין. אָבער ווו נעמט מען אים?

דאָס האָט שוין דאָס שטילע שניידערל נישט פֿאַרשטאַנען און זיך אויפֿגעהויבן. יאָ, ער וועט גיין אין האָום אַריין. ער האָט נאָך הײַנט אויסצופּרעסן אַ פּאָר סוטס און דער מענעדזשער וויל קירצן זיינע הויזן. „גאָט צו דאַנקען, ס׳וועט זיין אַ ביסל אַרבעט״.

און ער האָט זיך געלאָזט ווייטער שפּאַנען מיטן סוקעוואַטן

שטעקן אין האנט און רעקל אויפן אקסל, א קליינינקער און דארער, א שטילער און גוטער.

סאקאל איז אוועק ווייטער און א ווילע שפעטער אפגעזוכט חבר פאלן, סאשען און דאס שווארצע ווייבל. ער איז אבער צו זיי נישט צוגעגאנגען און געבליבן שטיין אונטער א בוים. ער האט נישט געוואלט צעשטערן זייער אידיליע. ביידע פרויען און דער יונגערמאן זענען געלעגן אויף קאלדרעס מוטער־נאקעט און זיך געווארעמט אקעגן דער זון. חבר פאל איז געלעגן מיטן פנים ארויף און געלייענט א בוך. נעבן אים האט געבאקט איר רעכטע זייט דאס שווארצע ווייבל. איר קערפער איז געווען ברוין ווי קו־פער. חברטע סאשע איז געלעגן מיטן פנים ארויף, דער קאפ איז ביי איר געווען פארבונדן מיט א געפארבט טיכל, זי האט געהאלטן די אויגן האלב־פארמאכט און פארזשמורעט און די ווייסע שיינע הענט פארווארפן הינטערן קאפ. איר פיין - געבויטער קערפער האט מיט זיין קלארקייט געבלאסקעט אקעגן דער זון און די ברוסט מיט די טונקל - רויטע ניפלען האבן ביי איר געסטארטשעט, ווי ביי א געזונטער יונגער בתולה. א געלער גרויסער שמעטערלינג האט ארומגעפלאטערט איבער איר רונדן בויך.

סאקאל האט אויפגעציטערט. א פאר מינוט האט ער נישט געקאנט אפרייסן זיינע אויגן פון איר נאקעט לייב. א הייסער שטראם איז אדורך זיינע אדערן און דאס הארץ האט מיט אמאל גענומען קלאפן שטארק, שטארק. ער האט געוווסט, אז זיך אזוי אויפרעגן איז פאר אים שעדלעך. זיין הארץ איז אפגעשוואכט פון די לעצטע שווערע איבערלעבונגען. ער האט זיך דערשראקן פאר דער ווילדער לײדנשאפט, וואס האט אזוי פלוצים אנגעצונדן זיין קערפער.

און אומבאמערקט האט ער זיך שטיל אומגעקערט צוריק.

6

דעמזעלבן טאג, שפעט נאכמיטאג, איז סאקאל אליין געקו־מען קיין בעטלעהעם. חבר פאל און סאשע האבן נישט געוואלט מיטפארן. דער יידישער בעקער פון בעטלעהעם, וואס פלעגט צו־שטעלן ברויט אין האוס, האט אים אונטערגעפירט צום שטעטל און אראפגעלאזט ביים פאסט - אפיס.

יאָ, אַזוי איז עס, האָט סאָקאָל געטראַכט. דאָס ערשטע מאָל וואָס ער פאָרט אַריין קיין בעטלעהעם מיט אַ זייטיקן וועג, שטיל און אומבאַמערקט, אין אַן אַלטן פרעמדן פאָרדל, ווי אַן אַמתער אָרעמאַן. אַזוי איז עס.

ער האָט באַדאַנקט דעם בעקער און איז אַ ווײַלע פאַרטראַכט געבליבן שטיין אויף די הילצערנע טרעפּ, ביים אַריינגאַנג פון פאָסט־אָפיס. דער זייגער איז געווען אַרום פיר, ווען ס'קומט אָן די דריטע פאָסט און די היי־פיבערניקעס איילן נאָך בריוו. סאָקאָל האָט געקוקט אויף דעם עולם. פיל פון זיי האָט ער געזען פאַראַיאָרן און נאָך פריער אין בעטלעהעם. די מערסטע מיטליאָריקע פרויען און עלטערע מענער, וואָס אַז מען שפּילט נישט אין קאָרטן אויף די וועראַנדעס פון די האָטעלן, פילן זיי זיך דערשלאָגן און איינזאַם.

— מיסטער סאָקאָל!

— מיסעס שטיינמאַן!

פאַר אים איז געשטאַנען די אייגנטימערין פון אַ גרויסן קאַטעדזש, רחלע שטיינמאַן, מיטן צונאָמען: „ברײנדעלע קאָזאַק”, וועלכע כמעט אַלע האָבן געקענט אין בעטלעהעם. זי פלעגט פאַרדינגען רומס און ביי איר איז תמיד געווען פול, כאָטש מען האָט געוווסט, אַז זי רעכנט טייערער ווי אומעטום. דאָס איז געווען אַ פרוי פון אַ יאָר פינף און פערציק, אַ הויכע, עטוואָס איינגעבויגן, מיט אַ שיין, אַביסל בייז פּנים און אַ מעלאָדישע שטימע, וואָס פלעגט אָפּט מורמלען ווי אַ שטיל וואַסער צווישן הויכע גראָזן.

אין בעטלעהעם האָט מען זי געהאַלטן פאַר אַ צעדרייטע און אַביסל אַ צעלאָזענע, נאָר אַלע פלעגן צוגעבן, אַז אירע געשעפטן פאַרשטייט זי שוין גאָר קלאָר. מען פלעגט זאָגן וועגן איר, אַז זי איז אַ פּראַקטישע, קאַרגע און ביטערע פרוי, אַן אויסגערעכנטע און אַ דורכגעטריבענע אין איר רומינג ביזנעס. איז פּעאיק אויסצונוצן יעדערן, אָנהויבנדיק פון אַן אָרעמען נעגער, וואָס רייניקט און ראָמט ביי איר דאָס הויז, און ענדיקנדיק מיט אַן אַלטן קראַנקן פּרעזידענט פון אַ באַנק, וועלכער גיט איר הלוואות אויף גוטע באַדינגונגען. אָבער מאַלע וואָס בייזע צינגער רעדן אין אַ קור־אָרט־שטעטל. אמת, מיט אַלעמען פלירטעוועט זי, מאַכט שפּאַס און זאָגט געלונגענע פרעכע ווערטלעך. אָבער דער־

פאַר פלעגן גערן לאַכן פון אירע וויצן די איינגעבוירענע שעמעוו־
דיקע איינוווינער פון די ווייסע בערג און זיין באַגייסטערט פאַר
איר. סאָקאָל האָט זי גוט געקענט. ער האָט ליב געהאַט צו רעדן
מיט איר, אויפפּאַסן, ווי איר מוח אַרבעט פלינק און די צונג רוט
נישט אַ מינוט. זי קאָן דערציילן וועגן אַ פּאָר זאַכן מיט אַ מאָל,
דריקט זיך אויס פאַרביק, טראַכט־צו געשעעניש און אפילו די
ביטערע ליגנס אירע זאָגט זי אַרויס אַזוי אויפריכטיק, אַז זיי
שפּרינגען און טאַנצן, ווי ריינע אמתן. אָבער אָפט מאָל איז זי אַזוי
נאַאיוו, אומגליקלעך און אומרואיק. געפעלט איר אימיצער, איז
פאַר איר דאָן גאָרנישט שווער. זי איז גרייט ממש זיך מקריב צו
זיין פאַר דעמיעניקן, וואָס זי האָט ליב, קאָן זיין איבערגעגעבן
ווי אַ הונט, געטריי ווי אַ מוטער און איז פעאיק צו פאַרשווייגן
שווערע און ביטערע באַליידיקונגען.

מיסעס שטיינמאַן איז געווען פאַרהייראַט פון אַ לאַיער, האָט
געבאָרן אים אַ זון און איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. ווי אַזוי זי
האָט ביי איר מאַן געוואַשן די פלאָרס, געטראָגן דאָס מיסט און
געקערט דעם קאָרידאָר און ער פלעגט איר אַלץ דערמאָנען, אַז זי
איז אַ פּראָסטע מויד און אָפט נאָך שלאָגן, האָבן אין בעטלעהעם
במעט אַלע געוווסט. זי פלעגט אויך נאָכאַנאַנד רעדן, אַז זי מוז
אָנשרייבן אַ פּליי פון איר אייגן לעבן און עס שפּילן. זאָל די גאַנ־
צע וועלט וויסן, ווי אַזוי אַ פּוסטער לאַיערטשיק האָט געפּייניקט
אַ יונגע, אומשולדיקע פרוי.

זי האָט זיך נאָר געוואָלט דערוויסן, אין וועלכן האָטעל סאָ־
קאָל שטייט איצט איין און מיט וועלכע פרויקע ער פירט דעם
סעזאָן אַ ראָמאַן. נאָר ער האָט זיך איידל אַרויסגעדרייט פון ביי־
דע ענטפערס. ער האָט איר נישט געוואָלט זאָגן, אַז ער איז גאָר
אין האָום. אין איין שעה וואָלט זי עס צעפּויקט איבערן שטעטל.
זי וועט זיך שוין שפּעטער אַליין דערוויסן. ער האָט מיט איר אַ
פּאָר מינוט גערעדט און געוואָלט אַוועקגיין. נאָר זי האָט אים נישט
אָפּגעלאָזט. ער מוז גלייך גיין צו איר אַהיים. זי האָט פאַר אים
אינטערעסאַנטע נייעס. זי האָט אים אָנגענומען פאַר אַ האַנט.
ערשטנס שטייט ביי איר איין דאָס בלאָנדע ווייבעלע, דעם רבס
טאָכטער, די דאַל, שרהלע. ער האָט זי פאַראַיאָרן געזען ביי איר
און זי איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן. און צווייטנס מוז זי

וויסן, צי ער איז געווען נעכטן אויפן קאָנצערט אין האָטעל וואַ־שינגטאָן. וואָס, ניין! גאַנץ בעטלעהעם קאָכט דאָך מיט איר סוק־סעס, אַ גרויסער סוקסעס! איצט ווייס זי נישט, וואָס צו טאָן? זאָל זי גיין אויפן סטיידזש אָדער ווייטער פאַרדינגען רומס צו אירע ווייבעלעך.

מיסעס שטיינמאַן האָט זיך פּלוצים אין מיטן גאַס אוועקגע־שטעלט אין אַ פּאָזע און זיך צעזונגען:

ווייבעלעך, ווייבעלעך,

אַ געזונט אין אייערע לייבעלעך!

יאָ, פריער איז זי געווען אין באַנק און דערציילט דעם פּרעזידענט, אַז זי גייט אויפן סטיידזש. ער איז געוואָרן אַ טויטער. זי פּאַסט אַוועק? יאָ, זי פּאַסט אַוועק און ווערט אַן אַקטריסע. וואָס האָט זי געשפּילט? זי האָט געשפּילט אַ פּליי, ווו אַ פרוי נעמט צו געלט ביי אַן אַלטן מאַן און גייט עס אַוועק צו איר געליבטן. זי האָט געמיינט, אַז ער ווערט צעפּלאַצט. זיין גוטע שטימונג האָט זיך גלייך געביטן. ער האָט זיך געבלאָזן און גענומען פינטלען מיט די פאַרטרערטע אויגן. האָט זי אים אַ גלעט געטאָן איבערן פּליך, אַז זי שפּאַסט, און אַלץ איז ווידער געוואָרן גוט. סוקסעס, סוקסעס. אַ גרויסער סוקסעס!

פּלוצים האָט זי אַ צאַפּל געטאָן מיטן גאַנצן קערפּער. יאָ, זי האָט שוין אַ נייעם שייגעץ מיט אַ מאַשין. ער וועט זי פירן אַפילו צום טייוול אין מיטן דער נאַכט. ער האָט זי משוגע ליב. ער, סאָקאָל, האָט זי געדאַרפט זען, ווי דער שייגעץ שלינגט זי מיט זיינע אויגן. ער איז אַז זון פון אַ פּאַרמער פון דער געגנט, איז הויך און שלאַנק, האָט אַ שטיל קול און זיין לענגלעך פּנים איז אַלע מאָל אַביסל פאַרטראַכט.

מיסעס שטיינמאַן וואָלט נאָך גערעדט און גערעדט, נאָר זיי זענען צוגעקומען צו איר קאָטעדזש. דאָס איז געווען אַ גרויס צוויי־שטאָקיק הויז, אַרומגערינגלט מיט בוימער. פון דער לינקער זייט, אויף אַ פרייען קליינעם פּלאַץ זענען געשטאַנען אַ פּאָר אויי־טאָמאָבילן, פרויען האָבן אויסגעהאַנגען וועש אויף אַ שטריק אין קינדער האָבן זיך געשפּילט אין אַ גרויסן וויג ־ שטול. אַרום איז געווען שמוציק, אָנגעוואָרפן. עטלעכע רומערקעס זענען געזעסן אויפן פּאַרטש און זיך געשאָקלט אין ראָקינג טשערס. ערגעץ

אויפֿן אויבערשטן שטאָק האָט אין אַ צימער געוווינט אַ קינד.

סאָקאָל איז געבליבן שטיין ביים אַריינגאַנג. אים האָט פֿאַר־דראָסן, פֿאַרוואָס ער האָט איצט מיסעס שטיינמאַן נאָכגעגעבן און איז געקומען אַהער. נאָר זי האָט אים פֿאַרטומלט. זי רעדט אַזוי גיך און אַזויפֿיל, אַז מען באַוויזט נישט צו באַטראַכטן, וואָס צו טאָן. מילא, ער וועט דאָ פֿאַרווײַלן אַ פּאָר מינוט און דערנאָך גיין אַביסל איבערן שטעטל. אפשר וועט ער דאָך באַגעגענען זינאָטש־קען, מיט וועלכער ער איז געווען אַזוי אינטים פֿאָריקן סעזאָן.

דאָס בילד, ווי סאַשע איז געלעגן אַ נאַקעטע אַקעגן דער זון און אַ גרויסער געלער שמעטערלינג איז אַרומגעפֿלויגן איבער איר רונדן בויך, איז אים געשטאַנען פֿאַר די אויגן און אַלץ גערייצט און געוועקט פֿאַרבאָרגענע תּאווה - פֿאַרלאַנגען.

מיסעס שטיינמאַן האָט אים געפֿירט ווייזן אירע צימערן, וואָס זי האָט איבערגעמאַכט. הייס און קאַלט וואַסער אין יעדן חדר און אַ קליין עלעקטריש אויוועלע מיט אַ סינק. זי האָט רומס פֿאַר צוויי הונדערט דאָלאַר און מער פֿאַר אַ סעזאָן. ביי איר האָבן דאָ גע־וווינט זייער פֿיינע לייט. איינער אַ דזשאָדזש און דער צווייטער אַ רעדאַקטאָר. זי האָט פֿאַרגעסן פֿון וועלכער צייטונג, אָבער אַ וועריִ נײַס מען. אָט איז שרהלעס צימער. מיסעס שטיינמאַן האָט אויפֿגעמאַכט אַ טיר. סאָקאָל האָט אַריינגעקוקט: אַ קליינינק חדרל מיט אַ קרומער, נידעריקער סטעליע, אינעווייניק ציכטיק, פֿון וועלכן עס פֿילט זיך אַ געשמאַקער ריח פֿון פּאַרפֿום.

סאָקאָל איז איר נאָכגעגאַנגען אַראָפּ פֿון די טרעפּ און ביי „בריינדעלע קאָזאַק” האָט זיך דאָס מויל נישט פֿאַרמאַכט. ענדלעך איז ער אַרויס צוריק אויפֿן פּאָרטש און לייכטער אָפּגעעטעמט.

דאָרט האָט ער געטראָפֿן מיסעס ווייסבערג, שרהלען. זי איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן דעם פּאָרענטש פֿון דער וועראַנדע און געקוקט אויף אים. זי האָט אים ווידער באַגריסט: „גרים זי גאָט” און געפֿרעגט, ווען ער איז געקומען. זיי האָבן גערעדט אַ פּאָר ווערטער.

עס איז צוגעלאָפֿן אַ ייִנגעלע פֿון אַ יאָר פֿיר מיט גראָבע בעקעלעך און זיך צוגעטוליעט צו שרהלען. דאָס קינד האָט פֿאַרבמורעט אָנגעקוקט סאָקאָלן און פּלוצים אויסגעשריגן:

— כ'האָב דיך פֿיינט!

שרהלע איז געוואָרן רויט, זיך גענומען פאַרענטפערן, אז איר יינגל איז דאָ געוואָרן ווילד, הערט זיך אָן פאַרשיידענע אויסדרוקן פון די גרויסע. אָבער סאָקאָל האָט זי באַרואיקט, איז צוגעגאַנגען צום קינד און אין עטלעכע מינוט זענען זיי געוואָרן גוטע פריינט.

— נו, האָסט מיך שוין ליב? — האָט ער געפרעגט.

— כ'האָב דיך ליב! — האָט אויסגעשריגן דאָס קינד מיט פרייד.

— זעט איר, מיסעס וויסבערג, — האָט געשמייכלט סאָקאָל.

שרהלע איז געווען צופרידן. דאָס יינגל איז אַוועקגעלאָפן זיך ווייטער שפּילן.

— אייער מאַן איז געקומען מיט אייך?

— ניין. ער וועט זיין דאָ ערשט אָנהויב סעפּטעמבער. ער איז זייער פאַרנומען. אין ניו יאָרק איז דער היי - פיבער שרעקלעך.

— און וואָס איז מיט אייך? ווען איך האָב אייך געזען אין שטאָט, האָט איר מיר, דאַכט זיך, געזאָגט, אז איר זענט געווען קראַנק.

— יאָ. איך האָב דורכגעמאַכט אַן אָפּעראַציע דאָ נישט לאַנג צוריק, — האָט שטיל צוגעגעבן שרהלע.

— פילט איר זיך שוין גוט?

— וווּנדערבאַר. די בערג - לופט איז דאָס בעסטע פאַר מיר.

זיי האָבן נאָך אַ וויילע גערעדט און ער האָט זיך מיט איר געזעגנט.

— גוד באַי, מיסעס וויסבערג.

— זייט נישט פרעמד, — האָט געבעטן שרהלע. — מיין יינגעלע האָט אייך דאָך שוין ליב.

סאָקאָל איז אַוועק זיין וועג.

7

ער האָט אָבער דערנאָך געקלערט וועגן איר. יאָ, זי האָט אים געבעטן נישט צו זיין פרעמד און דאָס האָט אים געפרייט. אים איז אויך שטאַרק געפעלן געוואָרן איר פיינקייט, וואָס זי האָט אים נישט געפרעגט, ווו ער שטייט־איין און צי איז ער געקומען

קיין בעטלעהעם אין זיין אייגענעם אויטאָמאָביל. די פרוי מאַכט זייער אַ גוטן איינדרוק און פּאַסט זיך גאָר נישט אַריין אין דער „כּאָפּטע" ווייבער פון קאַטעדזש.

סאָקאָל איז ווידער צוגעגאַנגען צום פּאָסט־אָפּיס. דאָרט האָט ער אָנגעשריבן אַ צווייטן בריוו אַהיים און פאַרזיכערט זיין פרוי און טאָכטער, אַז ער פילט זיך אין האָטעל גוט. דערנאָך איז ער פאַרביי דעם גרויסן האָטעל, ווו ער פלעגט מערסטנס איינשטיין. אַ גרופּע בחורים אין ניקערס און מיידלעך מיט אָפּגעבערענטע פּנים דער זון פּנימער האָבן געטומלט אויף דער וועראַנדע. ער איז געגאַנגען ווייטער און זיך אָפּגעשטעלט ביים יידישן בעקער. אַן אַלטער אויסגעדאַרטער מאַן, אַן איינגעהויקערטער, אינגאַנצן באַשטויבט פון מעל, איז געשטאַנען ביים שמאָלן אַריינגאַנג פון דער בעקעריי.

— ווי גייט עס עפּעס? — האָט געפרעגט סאָקאָל, — מען באַקט ברויט אַ גאַנץ לעבן, אַ?

— באַקן ברויט וואָלט געווען נישט אַזוי שלעכט. — האָט געענטפערט דער אַלטער. — ס'איז ווייניק דאָ עסערס. בעטלע־העם איז אויסגעשפּילט.

— גאָר אַזוי?

— מענטשן מאַכן נישט קיין לעבן, פאַרט מען נישט אין די „ווייט מאַונטענס". — האָט זיך דער אַלטער נאָך מער איינגע־הויקערט.

סאָקאָל איז אַריין אין אַ קליינעם לאָנטש רום און אויסגע־טרונקען אַ גלאָז קאַפע. דערנאָך איז ער אַוועק איבער מעין סטריט, זיך אַלע ווײַלע אָפּגעשטעלט ביי די גרויסע פענסטערס פון די סטאָרס, ווו מען האָט אויסגעלייגט אַלערליי סאָווענירס. אינדיאַ־נער און אינדיאַנערינס, געמאַכטע פון פאַרביקע שמאַטעס; קיישע־לעך אָנגעשטאָפּט מיט סכך און מיט ביליקע צייכענונגען פון „אַלד מען אָוו די מאַונטענס"; קאָלירטע לעדערנע טופּליעס; קונ־ציק־אויסגעשניצטע פון האָלץ קינדערשע צאַצקעס; געפלאָכטענע רעדיקולס, קעסטעלעך פון בערעזע, קאַלענדאַרן פון קאַנג און נאָך אַ סך קלייניקייטן, וואָס דערמאָנען חדשים שפּעטער מיט אומעט, אַז זומער האָט מען פאַרבראַכט גוטע טעג און שטילע אָוונטן ערגעץ ווייט פון שטאָטישן רעש און ענגשאַפט...

סאָקאָל האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַ אַן אַלטן בית - הקברות, וואָס איז געלעגן בײַם סוף פֿון מײַן סטריט. דער פּאַרקאַן איז געווען אַ נידעריקער, אַ שטיינערנער, אײַנגאַנצן באַדעקט מיט קריכנדיקע ווילדע פֿלאַנצן. די אײַנגעבויגענע מצבות זענען געווען באַדעקט מיט מאָך, פֿאַרזונקען אין הויכע גראָזן און פֿאַרביקע בלימעלעך. אויף אייניקע צלמים זענען געהאַנגען פֿאַרוויאַנעטע קרענץ. סאָקאָל האָט איבערגעלייענט אַ פּאָר אויפֿשריפֿטן אויף די ערשטע מצבות. די מענטשן האָבן דערגרייכט אַ טיפֿן עלטער און ס'האָט זיך געפֿילט, אַז געשטאָרבן זענען די פּשוטע האָרעפּאַשנע פֿאַרמער און קליינשטעטלדיקע אײַנוווינער רואיק, נאַטירלעך, אָט ווי ס'פֿאַרגייט אַ שטילער זומער־טאָג ערגעץ אין פֿעלד.

סאָקאָל האָט זיך פֿאַרטראַכט. פֿון אַלע זײַטן פֿון דער וועלט האָט זיך גערוקט אַ שטילער, ווייכער בין השמשות. די זון איז שוין פֿאַרגאַנגען. אַ לײַכט ווינטל האָט פֿאַנאַנדערגעטראָגן געשמאַקע ריחות פֿון די אַרומיקע גערטנער, פֿון די קוסטעס רויזן און בײַטן בלומען בײַ די האָטעלן.

מיט אַמאָל האָט סאָקאָלן אימיצער לײַכט אָנגערירט פֿאַר דער פּלייצע. ער האָט זיך אומגעקוקט. פֿאַר אים איז געשטאַנען זינאָטשקע, מיט וועלכער ער איז פֿאַראַיאָרן געווען זייער אינטים. מיט איר האָט זיך געפֿונען אַ פֿליכוואָטער מאַן, שוין נישט קיין יונגער, מיט אַ גאַנץ פֿעטן בויך און פֿליישיקע ליפּן. זינאָטשקע איז געווען אָנגעטאָן אין גרויע ניקערס און אַ רויטער בלוזקע. די קורץ־געשווירענע האָר צעפּודלט, דאָס טונקל־מאַט פּנים האָט געהאַט אַ פֿריילעכן און זאָרגלאָזן אויסדרוק.

— וואָס שטייט איר דאָ פֿאַר דער סעמעטערי? — האָט זי זיך צעלאַכט. — איר קלײַבט זיך שוין צו שטאַרבן?... ווען זענט איר געקומען? ·

סאָקאָל האָט זיך אַביסל פֿאַרלאָרן. זי איז טאַקע דאָ און די ערשטע אים באַמערקט. אויף דעם האָט ער זיך איצט גאָרנישט גערעכנט. און ווער איז דער דאָזיקער מאַן? זי האָט שוין אַ פּנים פֿאַרטשעפּעט אַ נײַעם העכט.

— איך בין שוין דאָ עטלעכע טעג, — האָט געזאָגט סאָקאָל. — וואָס מאַכט איר?

— אָ, פֿײַן. פֿאַרוואָס זעט מען אײַך נישט?

זי האָט אים באַקענט מיט דעם פליכעוואַטן מאַן און זיי זעגען אַלע אַוועק צוזאַמען. זינאַטשקע האָט דערציילט, אַז געקומען איז זי קיין בעטלעהעם אייערנעכטן, געוואָלט סטאָפּן אין אַ האָטעל, נאָר איר אַלטע באַלעבאָסטע מיסעס קרייזלער האָט זי באַגעגנט ביים סטיישאָן און זי האָט געמוזט גיין צו איר און זי איז איצט באמת צופרידן, ווייל אין הויז איז שטיל און זי איז דאָרט דערווייל איינע אַליין.

סאָקאָל האָט געקוקט אויף זינאַטשקען און באַמערקט, אַז זי האָט זיך אַביסל געעלטערט אין דעם יאָר. דאָך האָט זי אויסגעזען פיל יינגער, ווי זי איז געווען אין דער אמתן. אים האָט זיך אויך אויסגעדוכט, אַז זי האָט שוין אָפּגעפאַרבט אירע האָר, ווייל דער קאָליר פון זיי איז געווען נישט קיין לעבעדיקער, אָבער זי זעט אויס נאָך אַלץ רייצנדיק און גראַציעז. ער האָט געוווסט, אַז ער קאָן זי האָבן און אפשר נאָך היינט אָוונט. ער דאַרף נאָר פאַרשוויגן זיין איצטיקע לאַגע, זיך נישט אַרויסרעדן מיט קיין וואָרט וועגן דעם. ניש־קשה, ער האָט גענוג געלט אויף איר געפּטרט.

דער פליכעוואַטער מאַן איז געגאַנגען און געשוויגן און זינאַטשקע האָט באַמערקט, אַז כל־זמן דער היי־פיבער באַדער׳ט איר נאָך נישט, וואָלט זי גערן אַרויסגעפאָרן דעם אָוונט ערגעץ אין אַ געהיימען „ספּיק איזי”. ער, סאָקאָל, איז דאָך זיכער געקומען אַהער אין זיין מאַשין. צי געדענקט ער די צוויי קליינינקע טשעקאָווע מענער, וואָס זיי האָבן פאָריקן זומער געטראָפן אין אַ שיינקל, נישט ווייט פון קענעדעי? ביי איינעם זענען די גרויסע שוואַרצע וואָנסעס געהאָנגען אַראָפּ. ער האָט געהאַט קרומע פיס און אויסערגעווינלעך ברייטע, סטאַרטשענדיקע אויערן. דער אַנדערער איז געווען פעט און רונד, ווי אַ טון, און זיינע באַקן האָבן זיך געטרייסלט, ווי ביי אַ דאָרפיש מיידל. אין שיינקל איז געווען האַלב־טונקל און געהיימניספול. אפשר זאָל מען גאָר גלייך צופאָרן אַהין?

–– וועל, –– האָט געזאָגט דער פליכעוואַטער גראָבער מאַן.–– איך בין גרייט.

אָבער סאָקאָל האָט פאָרגעשלאָגן, אַז מען וועט עס טאָן אַן אַנדערש מאָל. דער היי־פיבער־סעזאָן הויבט זיך ערשט אָן.

— אָל רייט, — האָט גלייך צוגעשטימט זינאָטשקע. — איז קומט אַרויף שפּעטער צו מיר. איך וועל אין אָוונט זיין אין הויז. איר ווייסט, ווו דאָס איז?

סאָקאָל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ און געזאָגט, אַז ער דאַרף נאָך אימיצן זען. און זינאָטשקע מיטן פליכעוואַטן מאַן זענען אַוועק.

אַביסל שפּעטער איז סאָקאָל געזעסן נעבן אַ קליינער לוטערישער קירכע. אין האָוס האָט ער אָפּגערופן און געזאָגט דעם מענעדזשער, אַז ער וועט צו וועטשערע נישט קומען. מען האָט אים פאַרהאַלטן אין בעטלעהעם.

אויפן קלויסטער־טורעם האָט דער זייגער אָפּגעקלונגען זיבן מאָל. סאָקאָל האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק צו דעם געסל, ווו זינאָטשקע האָט געוווינט און וועלכעס האָט זיך געצויגן באַרג־אַרויף. ביי זיין אָנהויב זענען געשטאַנען צוויי האָטעלן, אַ יידישער און אַ קריסטלעכער, און ווייטער איינצלנע קאָטעדזשעס און עטלעכע אָרימע באַנגאַלאָס. פון דערווייטנס האָט זיך געזען דער באַרג עגעזי, אויף וועלכן עס האָט זיך איצט אָנגעצונדן און געפינטלט אַן איינזאַם פייערל.

אָט איז דאָס הויז, ווו זינאָטשקע האָט איר צימער. אַרום שמעקט מיט פערדיש מיסט, פרישע היי און ווייסע, געלע ראָמאַשקעס. דאָ געפינט זיך דער „ליאָס סטייבעל" — דאָס שטאַל מיט די פערד פאַר רייטער, ווו עס באַלעבאַטעוועט אַ דינער, שלאַנקער מעקסיקאַנער, אין אַ ברייטן הוט אויפן קאָפּ, אין שטיוול מיט הויכע ראַלזייווּת א פּליוהיזר. אַז אומרואיקער, אויף וועלכן מען ־ערציילט, אַז ער איז זייער רייך. דאָך האָט ער געלעבט מיט זיין פאַמיליע אין אַ קליין, אַלט הייזל, וואָס שטייט אויף פיר גרויסע קלעצער און אונטן לויפט אַ וואַסערל.

סאָקאָל איז אַרויף צו זינאָטשקען. נאָר זי האָט זיך נאָך נישט אומגעקערט אַהיים. אָבער מיסעס קרייזלער האָט אים פאַרהאַלטן און פאַרזיכערט, אַז זי וועט אָט־אָט אָנקומען. זי האָט סאָקאָלן געקענט גוט פון פריער, געוווסט, אַז ער איז אַ רייכער מאַן און גיט גערן אויס געלט אויף פרויען. נישט איין מאָל האָט ער ביי זינאָטשקען אין צימער געמאַכט פאַדעס און אויך זי איינגעלאַדן. אַזאַ גאַסט לאָזט מען נישט אָפּ אַזוי גיך.

זי האָט אים אַריינגעפירט אין איר צימער און געבעטן זיצן. סאָקאָל האָט זיך אַרומגעקוקט. אַלץ ווי פריער און זייער ריין. אויף די ווענט הענגען אין ראַמען רעפּראָדוקציעס פון בילדער אויף ביבלישע טעמעס: שלמה המלך נעמט־אויף אין זיין פּאַלאַץ די מלכת־שבא מיט אירע פּרינצן און קנעכט; רות קלייבט זאַנגען אויף בועזס פעלד און שמואל הנביא זאַלבט שאולן פאַר אַ קעניג; און גיסט אויף זיין קאָפּ אייל פון אַ קריגל.

מיסעס קרייזלער, אַ מיטגלידערין פון „סאַלווישאַן אַרמי", פלעגט נישט אַזוי ליב האָבן די יידן, ביי וועלכע זי פלעגט לייכט מאַכן אַ דאָלאַר. פלעגט זי מיט די מערסטע יידישע פרויען, וואָס האָבן ביי איר געוווינט, זיך שטאַרק באַפריינדן, דערציילן זיי אירע צרות און אָפט זיך קלאָגן, וואָס זי איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט איר מאַן.

זי איז געווען אַן עכטע אַמעריקאַנערין. אין די ווייסע בערג איז זי געקומען פון דער סאַוט מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק. דאַן איז זי געווען אַ יונג מיידל און געאַרבעט אַלס אַ ווייטרים אין אַ האָטעל. אין איר האָט זיך פאַרליבט אַ מאַן, וואָס האָט פאַרמאָגט עטלעכע הייזער און אַ צען אויטאָמאָבילן, וואָס פלעגן באַדינען די האָטעלן פון דער געגנט. זי האָט מיט אים חתונה געהאַט און אָפּגעלעבט צוזאַמען פופצן יאָר. קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט. דערנאָך האָט דער מאַן זיך פאַרליבט אין אַן אַנדער פרוי און זיך געגט מיט איר. דאָס איז אים אָנגעקומען נישט שווער, ווייל זי האָט נישט געהאַט קיין אייגענע, וואָס זאָלן פאַר איר זוכן גערעכטיקייט.

זי האָט אָבער פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט פאַרלאָזן בעטלעהעם און זיך באַזעצט אַנטקעגן זיין רייכן קאַטעדזש, וווּ ער האָט געלעבט מיט זיין נייער פרוי. פון איר פענסטער האָט מיסעס קרייזלער געקאָנט זען, וואָס עס טוט זיך ביי אים און ווי ער זיצט מיט זיין פרוי ביים טיש און עסט און לאַכט און האָט פאַרגעניגן. זי פלעגט וויינען פון פאַרדראָס און דאָך נישט וועלן אָפּטרעטן. נישט איין מאָל האָט זי געפּלאַנעוועט זיי אומצוברענגען, אָדער אויף זיך ברענגען דעם טויט.

אַזוי זענען אַוועק עטלעכע יאָר און די צייט האָט זי צוגעוווינט צו דעם, וואָס האָט פּאַסירט. זי האָט געקויפט אַן אויטאָ־

מאָביל, איז געוואָרן אַן אַגענטין פון לאָטס און הייזער. זי האָט זיך גענומען באַגעגענען מיט מענער און עס איז איר אַוועק נישט שלעכט. זי האָט אפילו פאַרפירט אַן אינטימע פריינטשאַפט מיט אַ מאַן, אָבער אַלץ אין געהיים, און שפּעטער תּפילה געטאָן, אַז יעזוס זאָל איר פאַרגעבן די זינד. און פון צייט צו צייט פלעגט זי באַפאַלן אַ מאָדנע אומרואיקע און שטאַרק־נערוועזע שטימונג. דאַן פלעגט זי אַרומלויפן ווי אַ צעטומלטע און אירע רומערקעס האָבן געהאַט פון איר אַ סך אויסצושטיין. אַמאָל פלעגט זי אָנצינדן דעם עלעקטרישן אויוון, אַוועקשטעלן אויפן פייער אַ ליידיק טעפּל, אָדער לאָזן לויפן דאָס וואַסער אין סינק, פאַרשליסן די קיך און אַליין אַוועקגיין, פאַרהאַקן די טיר פון באָד־רום, אַז קיי־נער זאָל נישט קאָנען אַריינגיין און דערנאָך זיך געשווירן מיט יעזוסן, אַז נישט זי האָט עס געטאָן, נאָר אימיצער אַנדערש.

מיט זינאָטשקען איז מיסעס קרייזלער געווען גאָר נאָענט און געוווסט כּמעט פון אַלע אירע סודות. זי האָט אויך געוווסט, אַז זינאָטשקע איז נישט גליקלעך אין איר פאַרהייראַט לעבן און דאָס האָט נאָך שטאַרקער געמאַכט זייער בלומרשטיקע פריינטשאַפט.

מיסעס קרייזלער האָט געמאַכט אַ „קאָפּע קאָפּע" און איינגע־לאַדן סאָקאָלן אין קיך. דאָרט האָט זיך ביים סינק געפּאָרעט אַ דאַרע פרוי פון אַ יאָר עטלעכע און פערציק מיט אַ האַרציק־קרענקלעכן אויסדרוק אויפן בלייכן פּנים. דאָס איז געווען אַ קריסטין, אַ פּיאַנאָ־לערערין, וואָס האָט געליטן פון אַסטמע. זי איז געווען זייער אָרעם און פלעגט איר ברויט מוזן פאַרדינען אַקאָמפּאַנירנדיק פאַרשידענע אַרטיסטן אויף מוזיקאַלישע אָוונטן אין די האָטעלן. זי פלעגט אויך אַלע זונטיק שפּילן אין אַ קלויסטער אויף אַן אָרגאַן.

די פּיאַניסטין האָט דערקענט, אַז סאָקאָל איז אַ רוסישער ייד. אין ניו־יאָרק האָט זי איינציקע פריינט צווישן די רוסישע יידן. אָ, די רוסן זענען אַ מערקווירדיק וווּנדערבאַר פאָלק. זיי האָבן אַ שפּרונג געטאָן פאָרויס אויף אַ סך יאָרן אין קאַמף פאַר באַפרייען דעם פּראָלעטאַריאַט, זי פאַרגעטעט לענינען און גלייכט די סטאָ־רים פון דעם טרעמפּ גאָרקי.

זינאָטשקע האָט זיך נאָך אַלץ נישט אומגעקערט. סאָקאָל האָט שוין געוואָלט אַוועקגיין נאָר מיסעס קרייזלער האָט אים ווידער

פאר'אַלטן. עס איז נאָך פרי. זי וועט אַט אַרייַנקומען.

זיי האָבן זיך אומגעקערט אין מיסעס קרייזלערס צימער. די קראַנקע פרוי האָט זיך געזעצט צו דער פּיאַנאָ און גענומען באַוועגן די דינע, ביינערדיקע פינגער איבער די קלאַווישן. עס האָבן זיך דערהערט שטילע, אָפּגעריסענע, מעלאָדישע טענער.

אָבער דאָ האָבן זיך דערטראָגן גיכע טריט און אויפן שוועל פון צימער האָט זיך באַוויזן זינאַטשקע.

זי האָט זיך אַנטשולדיקט, וואָס סאַקאַלן איז אויסגעקומען צו וואַרטן. דער גראָבער פּליכעוואַטער מאַן האָט זי איינגעלאַדן עסן אין אַ רעסטאָראַן. זי האָט אים נישט געקאָנט אָפּזאָגן. ער איז נאָך אַזוי תּמיד אָנגעבלאָזן. אָבער אין דער אמתן איז ער אַ גוטער מענטש און גלייכט זי זייער.

זינאַטשקע האָט אים אַריינגעפירט אין איר צימער און פאַר־מאַכט די טיר.

סאַקאַל האָט אַריינגעקוקט אין פענסטער, וואָס איז אַרויסגע־גאַנגען אין אַ שטיל געסל.

זינאַטשקע האָט געלאַכט: דער רייכער ייִד, וואָס האָט געוווינט אין צווייטן קאַטעדזש און פלעגט אַלע אָוונט אַרומשפּאַצירן אונטער אירע פענסטער, ווען אימיצער פלעגט זיך געפינען ביי איר, איז נאָך נישט געקומען קיין בעטלעהעם. יענער פלעגט זי ממש פאַר־פּאָלגן. ווי אַ שאָטן פלעגט ער אַרומשוועבן הינטער די פענסטער און זי מאַכן אומרואיק.

זי האָט זיך געזעצט אויפן בעט, אַרויפגעלייגט אַ פוס אויף אַ פוס און גענומען קוקן אויף סאַקאַלן, וואָס איז אַלץ געשטאַנען ביים פענסטער און עפּעס געווען פאַרטראַכט. באַלד איז זי געוואָרן אומרו־איק, ווי איר שטייגער איז געווען, אַלע ווײַלע זיך אויפגעהויבן, ווי־דער געזעצט, דערציילט, וואָס פאַר אַ מאָדנע פרוי מיסעס קרייזלער איז, און ענדלעך אַ פרעג געטאָן:

— סאַקאַל, ווו שטייט איר איצט איין?

— אין האָוס, — האָט געענטפערט סאַקאַל מיט אַ קרומען שמייכל, גלייך חרטה געקריגן און פלומרשט אין שפּאַס צוגעגעבן— ווי געפעלט אייך דער פּלאַץ?

— איר וויצלט זיך, — האָט זיך צעלאַכט זינאַטשקע. — איר זענט, דאַכט זיך, געווען דער פרעזידענט פון האָוס.

— יאָ. געווען אַמאָל, — האָט זי סאָקאָל אָנגענומען פֿאַר אַ האַנט.

— וואָס זענט איר עפּעס אַזאַ מאָדנער היינט? — האָט גע־פֿרעגט זינאָטשקע און אַריינגעקוקט סאָקאָלן אין די אויגן. — איך דערקען אייך נישט. וואָס, די ביזנעס גייען שלעכט?

— אויסגעצייכנט, — האָט געזאָגט סאָקאָל. — עפּעס האָב איך דאָס גאַנצע יאָר געבענקט נאָך אייך.

— טאַקע, דאָס גאַנצע יאָר, — האָט זי שטיל געלאַכט.

— יאָ, — האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ סאָקאָל און אַ טראַכט געטאָן: צו וואָס זאָגט ער עס, אַז זי וועט זיך אים אַזוי אויך אָפּגעבן.

זי האָט אים ליכט אַ צי געטאָן פֿאַר די האָר.

— איר זעט אויס שלעכט, — האָט זי באַמערקט.

סאָקאָל האָט איר דערציילט, ווי דער היי־פֿיבער האָט אים שטאַרק געפּלאָגט אין ניו־יאָרק. נישט געלאָזט שלאָפֿן קיין נעכט. דאַן האָט זי אים אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ, אָנגערופֿן אָרעם ייִנגל און צוויי מאָל אַ קוש געטאָן אין די ליפּן.

סאָקאָל איז געפֿאַלן מיטן קאָפּ צו איר אַקסל, געוואָלט זי אַרומנעמען, זי האָט אָבער אים ליכט אָפּגעשטויסן און מיט אַ פֿינגער בלומרשט געדראָט:

— מען דאַרף זיין אַ גוט ייִנגל און זיצן רואיק, אַז נישט וועל איך ווערן בייז און הייסן גיין אַ היים.

סאָקאָל האָט עפּעס נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס מיט זינאָטשקען איז פּלוצים געוואָרן. פֿריער פֿלעגט זי אַפֿילו אין שפּאַס אים קיינ־מאָל נישט אָפּשטויסן, אַז ער פֿלעגט זי וועלן אַרומנעמען. אפשר האָט זי זיך שוין דערוווסט, אַז ער איז געבראָכן און געפֿינט זיך אין האָום. זי וואָלט אָבער דאַן גלייך אַרויסגעקומען מיט רייד און אים בלומרשט געטרייסט. ניין, דאָס איז אַ פּשוטע שפּיל פֿון איר, קאַפּריזן פֿון אַ פֿרוי, וואָס ווייס, אַז זי געפֿעלט.

פּלוצים האָט זיך זינאָטשקע אויפֿגעהויבן, גענומען אַ וואַרעמען סוועטער און געזאָגט, אַז זי וויל אַרויס אויף אַ שפּאַציר. נישט ווייסנדיק וואָס צו טאָן, איז סאָקאָל צוגעגאַנגען צו דער טיר און גע־וואַרט, אַז זיי זאָלן אַרויסגיין. אַזוי איז אפשר בעסער, האָט ער געטראַכט. ער וועט איר אַלץ דערציילן וועגן זיך און גוד באַי. וואָס

קאָן ער האָבן איצט צו טאָן מיט אַזאַ לייכטזיניקע פֿרוי, וואָס זוכט רייכע מענער.

אָבער זינאָטשקע האָט זיך פֿאַרהאַלטן בײַם טישל, עפּעס געזוכט אין שופֿלאָדל און זיך גאָרנישט געאײַלט. ער האָט נאָכגעקוקט איר יעדע באַוועגונג, געשלונגען זי מיט די אויגן און אים האָט זיך געוואָלט זי פּלוצלונג אַ כאַפּ טאָן אין זײַנע אָרעמס. זײַן קערפּער האָט געציטערט.

— קומט שוין, — האָט ער שטיל געבעטן, — קומט.

ענדלעך האָט זי פֿאַרמאַכט דאָס שופֿלאָדל, אויסגעלאָשן די ליכט און אין דער פֿינסטער צוגעגאַנגען צו אים. ער האָט זיך נישט גערירט פֿון אָרט און זי דערפֿילט האַרט נעבן זיך:

— עפֿנט די טיר, — האָט זי געזאָגט. — וואָס שטייט איר און וואַרט? — סאָקאָל האָט זי פּלוצים אַרומגענומען און מיט אַלע כּוחות צוגעדריקט צו זיך.

— איר זענט אַראָפּ פֿון זינען, — האָט זי געשעפּטשעט. — איר זענט אַראָפּ פֿון זינען.

— — — — — — — — — — — —

שפּעטער איז זינאָטשקע געזעסן אויפֿן בעט אָנגעטאָן אין אַ דינעם פּעניואַר אָן אַרבל. סאָקאָל איז געזעסן נעבן איר און געגלעט איר קאָפּ. זי האָט גערעדט מיט אַ ביטערקייט, אַז אין אַלץ איז שולדיק איר מאַן, וואָס טרײַבט זי אַזוי צו האַנדלען און אים אָפּנאַרן. זאָל ער וויסן, אַז זי צו לאָזן גאַנצע טעג און אָוונטן אַליין טאָר מען נישט. נישקשה, אויף אים קאָן מען זיך אויך פֿאַרלאָזן. שלעפּט זיך מסתּמא אַרום איצט איבער בראָדוויי מיט פּראָסטיטוטקעס. אַ גליק האָט אים געכאַפּט: זײַן ווײַב לײַדט פֿון היי־פֿיבער און אַסטמע און דאַרף זיך דאָ פּלאָגן אין אַ קליין חדרל בײַ אַ משוגענער מיסעס.

סאָקאָל האָט געוווּסט איר לעבן און אָן אינטערעס ווידער אויסגעהערט די געשיכטע, ווי אַזוי זינאָטשקע האָט זיך אויפֿגעהאָדעוועט אין קאַווקאַז. זי האָט אַפֿילו דורכגעמאַכט עטלעכע קלאַסן גימנאַזיע און געלייענט אַ סך רוסישע ביכער. צו דרײַצן יאָר איז זי שוין געווען פֿיזיש אַנטוויקלט ווי אַ מיידל פֿון אַכצן. גימנאַזיסטן און סטודענטן פֿלעגן נאָך איר נאָכלויפֿן און ממש אײַנגעמען די כּפּרה. אָבער זי האָט זיך פֿאַרליבט אין אַ גרוזין, אַן

אָפיציר פון דער רוסישער אַרמיי. פּאַסירט האָט עס אַזוי: אַ זונטיק איז זי אַוועק מיט אַ פּאָר חברטעס אין אַ וואַלד קלויבן פּאָזשימ־קעס און שוואַרצע יאַגאָדעס. נישט ווייט פון וואַלד איז געווען אַ גרויסע קאַזאַרמע. עס זענען פאַרבייגעגאַנגען עטלעכע אָפיצירן. דער גרוזין האָט באַמערקט די שיינע יונגע „זשידאָווקע" און פאַר־פירט מיט איר אַ געשפּרעך. ער איז געווען פון נידעריקן וווּקס, נאָר שלאַנק און מיט אַ חן־גריבעלע אין קין. זי האָט אים געענטפערט אויף זיינע פראַגן. אויף מאָרגן האָט ער זי שוין גע־טראָפן אין שטאָט און איינגעלאַדן אויף אַ שפּאַציר. זי האָט נישט געוואָלט גיין. אַלע גוטע פריינט זענען רעוואָלוציאָנערן און דאָ וועט מען זי גאָר זען מיט אַן אָפיציר.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זי פון אים דערהאַלטן אַ בריווע־לע. ער האָט ביי איר געבעטן, זי זאָל קומען אין וואַלד, וווּ זיי האָבן זיך דאָס ערשטע מאָל געטראָפן. זי איז געקומען. ער האָט זיך איר דערקלערט אין ליבע און זי היים געקושט. זי האָט אים אָבער נישט געוואָלט געבן קיין קוש און דאָס, האָט ער געזאָגט, איז אים געפעלן. דערנאָך האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צו באַגעגענען כמעט אַלע טאָג. אירע חברטעס האָבן זי גענומען באַרעדן און וועגן דער גאַנצער געשיכטע האָט זיך דערוווּסט איר מוטער, וועלכע האָט איר געמאַכט אַ סקאַנדאַל און דערלאַנגט אַ פּאַטש. דאַן איז זי אַנטלאָפן פון הויז און דער אָפיציר האָט זי אָפּגעהאַלטן ערגעץ דריי טעג. שפּעטער איז זי צוריקגעקומען אַהיים. עס האָט אויסגעבראָכן די גרויסע מלחמה און מער האָט זי דעם גרוזין קיינמאָל נישט געזען.

אינגיכן האָט זי געקריגן אַן אַנדער געליבטן, אַ סטודענט. זייער פריינטשאַפט האָט זיך געצויגן אַ פּאָר יאָר. דעם סטודענט האָט מען אַרעסטירט נאָך אַ דעמאָנסטראַציע און פאַרשיקט קיין סיביר און זי איז אַוועק אַרבעטן אין איר פאָטערס געשעפט. דאָרט האָט זיך אין איר פאַרליבט דער הויפּט־בוכהאַלטער, אַ טאַטע פון עטלעכע קינדער, און נאָכאַנאַנד פאַרפאָלגט. דער סוף איז געווען, אַז ער האָט זי איינמאָל אָנגערופן חצופה און דאָס האָט געקאָסט אים זיין שטעלע.

דערנאָך איז געקומען די רעוואָלוציע. אירע עלטערן האָבן אַלץ פאַרלאָרן און נאָך געמוזט ראַטעווען זייער לעבן. ענדלעך איז זיי געלונגען דורך יאַפּאַן צו קומען קיין אַמעריקע. זי איז אַוועק

ארבעטן אין אַ שאַפּ ביי פרויען - קליידער. נאָר לאַנג איז איר נישט אויסגעקומען צו ארבעטן. דער באַלעבאָס פון שאַפּ, אַ שטילער על־טערער בחור, נישט קיין שיינער, האָט זי אָנגעהויבן נאָכגיין ווי אַ שאָטן. די ערשטע צייט האָט זי אים אָפּגעשטויסן. אָבער איין טאָג האָט זי זיך געפילט שרעקלעך אויסגעמאַטערט פון דער ארבעט און ווען ער איז ווידער צוגעשטאַנען צו איר מיט זיין ליבע, האָט זי אים פּלוצים געזאָגט, אַז זי איז גרייט חתונה צו האָבן מיט אים. דער בחור איז בלייך געוואָרן פון גליק. אָבער די הייראַט איז נישט געווען קיין גליקלעכע און אין צוויי חדשים אַרום האָבן זיי זיך געגט. דערצו האָט אפשר געפירט איר אָפנהאַרציקייט, ווייל אין דער נאַכט פון דער חופּה האָט זי איר מאַן מיט אַ זעלטענער, אומפאַר־שטענדלעכער אויפריכטיקייט אַלץ דערציילט וועגן זיך. דאָס פאַר־דריסט איר ביז היינט־צו־טאָג.

אין צוויי יאָר אַרום האָט זי ווידער חתונה געהאַט, געווען גרייט צו פירן אַ שטיל, אָן אָרנטלעך פאַמיליע־לעבן. אָבער איר מאַן האָט זי גענומען פאַרראַטן מיט אַנדערע פרויען און איצט שפּייט זי אויף דאָס גאַנצע פאַרהייראַטע לעבן. ער נאַרט זי און זי פאַרראַט אים. שלעכט איז נאָר, וואָס איר מאַן מאַכט נישט קיין לעבן און מען דאַרף זיך אונטערפלאָגן מאַטעריעל.

סאָקאָל האָט די גאַנצע צייט, וואָס זינאָטשקע האָט גערעדט, געטראַכט, אַז זי איז נישט קיין קלוגע, אַ קאַפּריזנע און אַ צעלאָ־זענע, ווי די מערסטע פרויען, מיט וועלכע ער האָט געהאַט צו טאָן. אָט, מען דאַרף זי באַקאָנען מיט סאַשען. אפשר וועט דערפון עפּעס גוטעס אַרויס פאַר איר.

סאָקאָל האָט זיך אויפגעהויבן און אַ קוק געטאָן אויפן זייגער. עס איז שוין געווען נאָנט צו עלף. אויב קיינער וועט אים נישט אונטערפירן צום האָטעל, וועט אים אויסקומען גיין צופוס און דער וועג ציט זיך טיילווייז דורך אַ וועלדל. עס וועט זיין אומהיימלעך צו גיין אַליין, כאָטש די נאַכט איז נישט קיין פינסטערע.

— איר גייט שוין אוועק? — האָט געפרעגט זינאָטשקע און פאַרהאַלטן זיין האַנט אין אירע. — קומט מאָרגן אין דער פרי מיט דער מאַשין און גיט מיר אַ רייד אויפן וועג צו מאָונט וואַשינגטאָן.

סאָקאָל האָט אַן אומעטיקן שמייכל געטאָן. זאָל ער איצט דערציילן, אַז ער איז שוין באַלד אַ יאָר אַ ביטערער קבצן און האָט

במעט ווי פארגעסן, אז ער האט געהאט אן אויטאמאביל? וואס פאר אן איינדרוק וועט עס מאכן אויף איר? אט האט זי אים פריער נישט געגלויבט, אז ער שטייט איין אין האום און אלץ געמיינט, אז ער שפאסט. ארעמע, נארישע פרוי! זי האט מסתמא געהאפט צו האבן מיט אים ווידער א גוטן טאג דעם היי - פיבער - סעזאן. אבער זי וועט זיך לייכט טרייסטן. זי וועט נאר דארפן אפזוכן אן אנדער רייכן מאן, וואס האט ליב א הוליע צו טאן און זשאלעוועט נישט קיין דאלאר.

— א, ווען איך האב א מאשין! — האט ער געזאגט מיט א קרומען שמייכל.

— איר שפאסט שוין ווידער,—האט זי אים צוגעצויגן צו זיך.

סאקאל האט א ציטער געטאן און זי לייכט אפגעשטויסן פון זיך.

— ניין, זינאטשקע, — האט ער ארויסגערעדט ערנסט, — דאס איז נישט קיין שפאס. איך האב אלץ פארלארן אין וואל־סטריט־קראך און געפין זיך אין האום. דאס איז דער ריינער אמת.

— ווארט, ווארט,— האט זינאטשקע נישט געקאנט קומען צו זיך פון איבערראשונג. אלע אירע פלענער זענען פלוצים זיך צעגאנגען ווי א רויך. ווי וועט זי איצט זיך דורכשלאגן דעם סע־זאן און דערצו האט איר אויך א ביסל פארדראסן, וואס דער גוט־הארציקער מענטש, וואס האט פיל געלט אויסגעגעבן, איז אזוי פארארעמט געווארן, דאס ער האט געמוזט גיין אין האום.

זי האט מיט מיטלייד געקוקט אויף אים.

— נו, מען דארף שפאנען, — האט געזאגט סאקאל. ער איז איצט געווען שטארק צופרידן, וואס זינאטשקע ווייס פון אלץ.

—אבער וואס קלערט איר צו טאן ווייטער?—האט זי געפרעגט.

— א סך צו רעדן וועגן דעם, — האט געשמייכלט סאקאל און צוגעגעבן: — מסתמא וועט שפעטער זיין זייער גוט. פאר מיר האט זיך איצט אנטפלעקט א נייע וועלט. נייע מענטשן האב איך גע־טראפן. — ער האט געוואלט זינאטשקען דערציילן וועגן חבר פאל, הברטע סאשע און דעם שטילן שניידערל, נאר האט זיך פארכאפט, צו וואס רעדן מיט איר וועגן דעם. זי וועט אים סיי־ווי־סיי נישט פארשטיין.

באלד האט זינאטשקע אים אויך שווייגנדיק באגלייט ביז

דער טיר. זי האָט אַלץ נישט געקאָנט קומען צו זיך פון דער איבער־ראַשונג.

---

דרויסן האָט זיך סאָקאָל דערמאָנט, אַז זינאַטשקע האָט אים נישט איינגעלאַדן צו קומען ווידער. דאָס האָט אים שטאַרק פאַר־דראָסן און ער האָט אַ טראַכט געטאָן: נאַרישער ייד, עס איז דאָך גאַנץ פאַרשטענדלעך. זי וועט דאָך נישט אונטערטראָגן איר קער־פּער אומזיסט. פאַר פאַרגעניגן דאַרף מען צאָלן געלט. איין מאָל אָפּגענאַרט און פאַרטיק. און זאָל זיין גענוג פאַר דיר...

דער פאַרדראָס איז געוואַקסן אין זיין האַרצן און ער האָט גע־נומען שפּאַנען גיכער, ווי וועלנדיק אַנטלויפן פון זינאַטשקעס הויז. אָט אַזוי טרייבט מען אים פאַמעלעך פון אומעטום אַרויס. גיי צו דיינע קבצנים, ווו דו באַלאַנגסט. ער האָט נישט מער וואָס צו טאָן אין בעטלעהעם.

פאַרבייגייענדיק אַ יידישן האָטעל, איז ער אויף אַ מינוט גע־בליבן שטיין. אויף דער לאַנגער און ברייטער ווערענדע זענען גע־זעסן אייניקע אַלטע און יונגע פאַרלעך. דורך די באַלויכטענע פענס־טער פון טיי־רום האָט ער געזען, ווי דער פּרעזידענט פון האָום מיט אַ פּאָר מיטגלידער פון דער אַדמיניסטראַציע שפּילן אין קאָרטן. דער פּרעזידענט האָט געלאַכט.

אפנים, אַז אימיצער האָט אים דערציילט אַ געלונגענעם עראָ־טישן וויץ. סאָקאָל האָט זיך דערמאָנט, ווי ער פלעגט ביז שפּעט אין דער נאַכט פאַרברענגען ביים קאָרטן - טישל און אָפּט זיך פילן פאַסקודנע און צערייצט און דערנאָך ביז פאַרטאָג נישט קאָ־נען איינשלאָפן.

— געענדיקט מיט דעם, — טראַכט סאָקאָל. — געענדיקט.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים פּאָסט־אָפיס. דאָרט איז ער אַ ווײַלע געשטאַנען און געוואַרט, אפשר וועט נאָך אימיצער פאַרביי־פאָרן מיט אַ מאַשין און אים נעמען אַהיים. עס האָט זיך נישט גע־וואָלט גיין אַליין אין דער שפּעטער שעה, כאָטש דער וועג איז אים געווען גוט באַקאַנט. אָבער אַ מאַשין האָט זיך נישט באַוויזן. מילא, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, — זאָל זיין צופוס. ער וועט זיך אַזוי שפּאַנען פאַמעלעך און טראַכטן. ער האָט איצט גענוג וועגן וואָס צו קלערן. די לבנה באַווייזט זיך פון הינטער די בערג. עס

איז געגנוג ליכטיק און עס איז גוט צו גיין אליין ביינאכט. מען דארף נאר אויסוואָרצלען די אומצופרידנקייט פון הארצן. אייגנט־לעך איז דאָך זינאַטשקע אַ גוטע פרוי. אַלץ שלעכטע אומשטענדן. זי איז בטבע נישט קיין שלעכטע. וועט גערן אַוועקגעבן דאָס לעצטע אַ נויטבאַדערפטיקן. ער האָט עס נישט איין מאָל באַמערקט אין איר. סאָקאָל איז ווידער געבליבן שטיין. ער האָט זיך געפּו־נען נעבן „בריינדעלע קאַזאַקס" קאַטעדזש. זי איז געשלאָפן אויפן פּאָרטש, אין אַ האַמאַק, איינגעוויקלט אין וואָלענע קאָלד־רעס. אין שרהלעס חדר איז נאָך אַלץ געווען ליכטיק. ער האָט געהערט, ווי איר ייִנגעלע וויינט. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי זי האָט אים באַגריסט: „גרים זי גאָט". דאָס האָט געקלונגען אַזוי פּאָלקסטימלעך, אַזוי היימיש. זי זעט־אויס צו זיין אַביסל שע־מעוודיק. אים זענען אויך שטאַרק געפעלן געוואָרן אירע צוויי דיקע בלאָנדע צעפּ, וואָס זי טראָגט פאַרפלאָכטן אויפן קאָפּ. און דער קליינער חברה־מאַן אירער גיט זיך אַזוי אַ זאָג: „איך האָב דיך פיינט". אַ טשעקאַווע ייִנגעלע, — האָט שטיל געשמייכלט סאָקאָל.

אין אַ ווײַלע אַרום איז שוין סאָקאָל געגאַנגען דורכן וועלדל. די בוימער האָבן ליכט גערוישט. אַלע ווײַלע האָט געשריגן אַן איינזאַמער נאַכט־פויגל.

סאָקאָל איז געגאַנגען רואיק און געטראַכט, אַז ער וואָלט גאָר קיינמאָל נישט געגלויבט, דאָס אים וועט אַמאָל אויסקומען שפּאַנען שפּעט ביינאַכט צופוס אין אַ האָטעל אַריין, ווו מען האַלט אים אומזיסט. און אָט שלעפּט ער זיך, ווי אַן איינזאַמער בעט־לער. אָבער דאָס איז אַפּנים דער וועג, וואָס איז אָנגעצייכנט גע־וואָרן פאַר אַלע די, וועלכע שטרעבן צו ווערן בעסערע מענטשן.

— אַזוי איז גוט, אַזוי איז זייער גוט! — האָט ער געזאָגט צו זיך.

ער האָט געגומען שפּאַנען גיכער, איז דורך דאָס וועלדל, צו־געקומען צו אַ קליינעם אייזערנעם בריק, אַריבערגעגאַנגען די אייזנבאַן־ליניע און פון דאָרט האָבן זיך באַלד באַוויזן די צוויי געביידעס פון האָטעל, באַגאָסענע מיט אַ פאַנטאַסטישן שיין פון דער לבנה.

## 8

סאָקאָל איז נישט אויפֿגעשטאַנען צו פֿרישטיק. ער האָט געקריגן אַ היי־פֿיבער־אַנפֿאַל און אין פֿאַרלויף פֿון אַ שעה געהאַלטן אין איין ניסן. דערצו האָבן אים די אויגן אַזוי געביסן, אַז עס האָט זיך ממש געוואָלט זיי אַרויסרייסן פֿון די לעכער. דערנאָך איז ער געבליבן ליגן אין בעט.

נאָר חבר פּאָל האָט אים געבראַכט אַ גלאָז טיי און דערציילט, אַז היינט צו וואַרעמעס וועט מען געבן קאָטלעטן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן פֿון די הינער־פּופּקעס, וועלכע דער מענעדזשער פֿון האָום האָט אויסגעשנאָרעט ביי די רייכע האָטעל־קיפּערס. דער „קאָמוניסטישער טיש" וועט דעם מענעדזשער די קאָטלעטן וואַרפֿן צוריק אין פּנים אַריין. אויך אַנדערע פּאַציענטן וועלן צושטיין צו זיי. מען וועט מאַכן אַזאַ סקאַנדאַל, אַז די אַדמיניסטראַציע וועט פֿאַרלירן אויף שטענדיק דעם חשק צו קאָרמענען זיי מיט פּופּקע־קאָטלעטן. אַלע זענען אויפֿגערעגט און דער געוועזענער קופּלעטיסט רייסט זיך אין קאַמף. ער האָט אַפֿילו שוין פֿאַרפֿאַסט עפּעס אַ לידל צו דער געלעגנהייט און זינגט עס פֿאַר די ווייבער.

סאָקאָל האָט געשמייכלט און שטיל באַמערקט:

— אפשר איז אַ פּלאַן, אַז מען זאָל דורכקומען אויף אַ פֿרידלעכן אופֿן. אַ סקאַנדאַל אין האָום וועט מאַכן אַ שלעכטן איינדרוק אין בעטלעהעם. די אַדמיניסטראַציע נויטיקט זיך נאָך אין אַ סך געלט צו פֿאַרענדיקן די נייע געביידע. רעדט זיך דורך מיטן מענעדזשער מיט גוטן. זאָגט פּשוט, אַז איר וועט די פּופּקע־קאָטלעטן נישט עסן און פֿאַרטיק. צו וואָס אויפֿרייצן דעם עולם צוליב אַזאַ קלייניקייט?

חבר פּאָל האָט זיך פֿאַרכמורעט. זיין הויכע דאַרע פֿיגור מיט די שאַרפֿע אַקסלען האָט אַזש אַ ציטער געטאָן פֿון כּעס. וואָס דען! ער האָט פֿאַרשטאַנען פֿריער, אַז סאָקאָל וועט אַזוי רעדן. אַלץ מיט גוטן, נאָכגעבן. אַ בונט וועט מאַכן אַ שלעכטן איינדרוק אויף די אָנגעפּרעסענע בורזשויען. עס וועט שטערן זייער רו. אָט דאָס טאַקע וויל ער!

— הייסט עס, אַז איר ווילט צו אונדז נישט צושטיין? —

האָט געפרעגט חבר פּאָל און זײַנע מאָנגאָלישע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן.

סאָקאָל האָט אויף אים געקוקט מיט מיטלייד. דער יונגער־מאַן איז זייער נערוועז, קראַנק און פאַרביטערט. ער האָט אַפּנים דורכגעמאַכט אַ שווערע לעבן. נו, יאָ, נישט פון וווילטאָג איז ער, אַ קאָמוניסט, געקומען אַהער אין „הקדש", ווו אַלץ רעגט אים אויף נאָכאַנאַנד. וואָס זאָל ער אים ענטפערן, אַז די פּריוואַטשאַפט און נאָענטקייט, וואָס נעמט איצט וואַקסן צווישן זיי, זאָל זיך נישט איבעררייסן מיטאַמאָל? דאָס האָט סאָקאָל נישט געוואָלט און דערצו איז חבר פּאָל דאָך געווען גערעכט אין דעם פאַל.

— פון „קאָמוניסטישן" טיש גיי איך נישט אַוועק, — האָט ער געזאָגט. — איך האָף אָבער, אַז צו קיין סקאַנדאַל וועט נישט קומען. מיידט עס בעסער אויס.

— מיר וועלן זען, — האָט געענטפערט חבר פּאָל און איז ארויס פון צימער.

סאָקאָל איז געבליבן ווייטער ליגן אין בעט. צו מיטאָג איז נאָך געווען אַ גוטע צוויי שעה. ער האָט געוואָלט אַביסל איינדרימלען, פאַרמאַכט די אויגן און געטראַכט, אַז אין צייט פון הייפיבער איז גוט צו רוען אַ סך און ער האָט זיך נעכטן געיאָגט קיין בעטלעהעם זוכן אַ פרוי און זיך אומגעקערט שפּעט. נו, האָט ער טאַקע אין דער פרי געכאַפּט דעם הייפיבער־אָנפאַל. יאָ, מען וועט דאַרפן וואָס ווייניקער זיך שלעפּן אין שטעטל. ווען האָט ער דאָרטן איצט! מיט זינאַטשקען איז אַפּנים אַלץ געענדיקט. אָט שרהלע האָט אים געבעטן צוקומען אַמאָל. זי וואָלט ער גערן געוואָלט זען. עפּעס אַ ליכטיקייט שטראַלט אַרויס פון איר גאַנצן וועזן.

הינטער די פענסטער האָבן זיך דערהערט שטימען. סאָקאָל האָט אַ קוק געטאָן, ווער דאָס איז און זיך גענומען צוהערן. אַ פרוי האָט גערעדט מיט צוויי מענער וועגן די פּופּקע־קאָטלעטן. זי האָט פאַרזיכערט, אַז די פּופּקעס זענען פרישע און אָנגערופן סאַשען „רויטע פּאַסקודסטוואָ", וואָס שלעפּט אַלע יונגע מענער אין די קוסטעס. און דאָס דאַרע שרייבערל, האָט געזאָגט דער מענעדזשער, וועט מען אַרויסטרייבן פון האָוס. זאָל ער פאָרן קיין רוסלאַנד מאַכן בונטן און רעוואָלוציעס. אָט האָט מען צו אים

אין צימער איינמאָל געבראַכט אַן אַלטן מאַן, האָט ער פּראָטעסטירט. דער אַלטער האַלט אין איין הוסטן און שטערט אים שלאָפן און שרייבן. ביסט דאָך אַ קאָמוניסט, אַ קעמפער פאַר די אָרעמע, איז וואָס־זשע האָסטו טענות?

— דער אַלטער פלעגט קרעכצן גאַנצע נעכט, — האָט באַמערקט איינער פון די מענער. — און אַ שרייבער דאַרף האָבן רו.

— אַזוי גאָר! אַליין אין אַ צימער מיט צוויי פענסטער! — האָט אַ געשריי געטאָן די פרוי. — זאָל ער גיין אין אַ האָטעל און צאָלן פינף דאָלאַר אַ טאָג.

מען האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. סאָקאָל האָט געבעטן אַריינקומען.

עס האָט זיך באַוויזן חברטע סאַשע. איר פּנים האָט געפלאַמט פון אויפרעגונג. זי האָט זיך געסטאַרעט אַ שמייכל צו טאָן און איז געבליבן שטיין אין מיטן צימער.

— איר ליגט גאָר, חבר סאָקאָל, — האָט זי געזאָגט. — וואָס איז אייך? — און באַלד צוגעגעבן: — איר האָט דאָך מסתמא געהערט, ווי אַ פרוי האָט זיך אויסגערעדריקט וועגן מיר היינטער אייער פענסטער, אַ?

— וועלכע פרוי? — האָט סאָקאָל זיך געמאַכט נישט ווייסנדיק. — דאָ האַלט מען אין איין פאַרבייגיין די פענסטער. מען לאָזט נישט איינדרימלען.

סאַשע האָט אים אָנגעקוקט, איז געוואָרן רואיקער. דערנאָך איז זי צוגעגאַנגען צו חבר פאָלס טישל און אַ בלעטער געטאָן אַ בוך.

— איר וועט אויפשטיין צו דינער? — האָט זי געפרעגט. — מיר האָבן באַשלאָסן צו פּראָטעסטירן.

— חבר פאָל האָט מיר שוין געזאָגט, — האָט געענטפערט סאָקאָל. — אַלץ צוליב דיזעלבע פּופּקע־קאָטלעטן?

סאַשע האָט געשוויגן. איר האָט זיך אויסגערעכט, אַז אין סאָקאָלס טאָן פילט זיך אַן איראָניע. זי האָט געמאַכט אַ טריט צום טיר.

— איך דאַרף זען חבר פאָלן, — האָט זי טרוקן אַ זאָג געטאָן.

סאָקאָל האָט זי אָנגעקוקט, זיך דערמאָנט, ווי ער האָט נעכטן

געזען איר ווייסן קערפּער אויפן גרינעם גראָז און ווי דער גרויסער געלער שמעטערלינג האָט ארומגעשוועבט איבער איר רונדן בויך.

— חברטע סאָשע, — האָט ער איר אַ רוף געטאָן מיט אַ ווייך קול, — חברטע סאָשע, איר פאַרשטייט דאָך, אַז איך בין מיט אייך. גייט נישט אוועק אַזוי גיך.

זי איז געבליבן שטיין און פּלוצים אַ פרעג געטאָן:

— ווו זענט איר דאָס נעכטן געווען אַ גאַנצן אָוונט? מיר האָבן אייך ארומגעזוכט. מיר זענען ווידער געווען ביים יידישן פאַרמער און דער אַלטער האָט געשפּילט אויף זיין האַרמאָשקע.

— גאָר אַזוי?!

זי האָט אים דערציילט, ווי דער אַלטער האָט געשפּילט און זי האָט געטאַנצט אַ רוסישע קאַמאַרינסקע. דערנאָך האָט דער פאַרמער ארויסגעבראַכט סיידער פון קעלער און אַלע זענען געוואָרן בגילופימדיק. עפּעס פילט זי זיך די לעצטע טעג מאָדנע און עס האָט זיך געוואָלט אַביסל פאַרגעסן אָן די שטענדיקע נויטן. זי קריגט אַזעלכע שלעכטע בריוו פון דער היים. די מוטער איז אַליין אָרעם און קאָן איר נישט העלפן, און זי, סאָשע, האָט דעם זומער ווייניק געאַרבעט. דעם אמת געזאָגט, האָט זי פריער, איידער זי איז געקומען אין האָום, געטראַכט צו גיין אין אַ האָטעל אַרבעטן. זי קאָן זיין אַ גוטע ווייטרעס. אָבער איצט ווילט זיך איר עפּעס נישט אוועקגיין פון האָום. זי האָט דאָ געטראָפן גוטע חברים, מיט וועלכע עס איז פּשוט אַ פאַרגעניגן צו דיסקוטירן פאַרשיידענע פראַגן. חבר פּאָל איז אַ וווּנדערבאַרער מענטש.

— דאָס איז אמת, — האָט צוגעגעבן סאָקאָל.

— און אייך געפעלט דאָ?

— פרעגט שוין גאָרנישט.

— הייסט עס, אַז איר גלייכט מיך אויך? — האָט אים מיט אַ שמייכל איבערגעשלאָגן סאָשע.

— ווי קלערט איר? — האָט שטיל געלאַכט סאָקאָל. — איר האָט אַ פיין פּנים און זענט וווּנדערבאַר געבויט. ערשט נעכטן האָב איך געזען, ווי איר האָט גענומען אַ זון־באָד.

ער האָט גענומען שילדערן דאָס בילד, ווי זי איז געלעגן אויפן גראָז, און חברטע סאָשע האָט זיך גערויטלט און געלאַכט. איר

מאַן און די אַנדערע מענער, מיט וועלכע זי איז געווען באַפריינ־
דעט, האָבן קיינמאָל נישט גערעדט אַזוי צו איר. אָ, ער, סאָקאָל,
ווייס, ווי זיך צו באַגיין מיט פרויען. אָבער מיט איר דאַרף מען
אַזוי נישט רעדן. זי האָט פיינט קאָמפּלימענטן, כאָטש זי איז
שטאַרק צופרידן, וואָס זי געפעלט אים אַזוי. זיי וועלן זיין גוטע
חברים און צוזאַמען נאָך קעמפן פאַרן קאָמוניזם.

— דאָס וואָלט געווען גאָר גוט, — האָט צוגעשטימט ערנסט
סאָקאָל. — אָבער ווי באַפרייט מען זיך פון דאָס אַלטע און פאַר־
פוילטע, וואָס איז נאָך אַלץ אין מיר. פאָרט אַ געוועזענער בור־
זשוי.

— מיט אַ געוועזענעם קאָן מען נאָך עפּעס אויפטאָן, —
האָט געזאָגט מיט אַ שמייכל סאַשע. — וואַרט נאָר, מיר וועלן
פון אייך מאַכן אַ נייעם מענטש.

זיי האָבן נאָך אַ ווײַלע גערעדט אויף דערזעלבער טעמע און
דערנאָך איז סאַשע אַוועק העלפן אין קיך. סאָקאָל איז אַראָפּ פון
בעט, זיך אָנגעטאָן. ער האָט געטראַכט, אַז ער האָט אפשר אַביסל
איבערגעכאַפּט די מאָס מיט סאַשען. נישט געדאַרפט איר דער־
ציילן, דאָס ער האָט זי געזען אַ נאַקעטע און די קאָמפּלימענטן
זענען געווען איבעריק. דאָס איז אַן אַלטער צוגאַנג צו פרויען.
מיט זינאַטשקען און אַנדערע האָט ער אַזוי געדאַרפט רעדן, אָבער
סאַשע איז פּשוט, ערלעך און אויפריכטיק. דאָך איז איר געווען
אָנגענעם צו הערן, אַז זי געפעלט אים. איצט וועט זיין אַ סך
לייכטער זי צו געווינען. מיט זינאַטשקען איז דאָך אויס...

ער האָט אַ קוק געטאָן אין שפּיגל. זיין פּנים איז געוואָרן
אָפּגעברענט פון דער זון, האָט אויסגעזען פריש, געזונט, און ביי
די שליפן האָבן זיך ווײַניקער געזען די גרויע הערלעך. עס זע־
נען, דאַכט זיך, אויך געוואָרן ווײַניקער קנייטשן אויפן שטערן.
אַוועק פון דער היים און ער האָט אויפגעלעבט. נישטאָ ווער עס
זאָל אים נעגן. עס איז באמת אַ פאַרדראָס, פאַרוואָס דער היי־פי־
בער־סעזאָן ציט זיך אינגאַנצן ביז דעם ערשטן אָקטאָבער. ער
וועט זיך סטאַרען וואָס קליגער און אָנגענעמער אויסצונוצן די
עטלעכע וואָכן, וואָס זענען אים פאַרבליבן דאָ צו זיין. ס'זעט
אויס, אַז ער געפעלט סאַשען און אפילו דעם רבֿ טאָכטער שרה־
לען. געפאָרן אַהער אַן אויסגעשפּילטער, אַ צעבראָכענער, אַן

האָפּענונגען אויף עפּעס בעסערס און אָט רוקן זיך גאָר צו אים גוטע און גליקלעכע טעג.

סאָקאָל איז אַרויס אויף דער קליינער וועראַנדע פון דער אַלטער געבײַדע, ווו דאָס עס־צימער האָט זיך געפונען. דאָרט האָבן זיך פאַרזאַמלט כמעט אַלע פּאַציענטן און געוואַרט אויף דער מיטאָג ־ שטונדע, ווען דער פּראָטעסט קעגן די שלעכטע קאָטלעטן האָט זיך געדאַרפט אָנהויבן. אייניקע האָבן געלייענט, געשפּילט אין שאַך און דאָמינאָ און חבר פּאָל האָט דיסקוטירט מיט אַן אַרבעטער און נאָכאַנאַנד דערמאָנט די שונאים, וואָס פאַרשפּרייטן מיאוסע ליגנס און פּראָוואָקאַציעס קעגן סאָוויעטן־פאַרבאַנד און אירע פירער. דערבײַ האָט ער, ווי תּמיד, אַז מען איז מיט אים נישט געווען אײַנפאַרשטאַנען, זיך שטאַרק אויפגערעגט און נישט געהאַט קיין געדולד אויסצוהערן דעם קעגנער.

צו סאָקאָלן איז צוגעקומען דער געוועזענער קופּלעטיסט, אים באַגריסט און געמאַכט אַ מינע, וואָס האָט געזאָלט באַטײַטן, אַז ער גרייט זיך צום קאַמף און עס וועט בײַם דינער זײַן ששון ושמחה. דערנאָך האָט זיך אויך אונטערגערוקט דאָס שטילע שנײַדערל מיט זײַן האַרציקן „גוט מאָרגן” און געפרעגט בײַ סאָקאָלן, פאַרוואָס מען האָט אים נישט געזען בײַם אָנבײַסן. סאָקאָל האָט מיט אים נאָך אַ ווײַלע גערעדט, זיך צוגעהערט, ווי חבר פּאָל דיסקוטירט נאָך אַלץ, און איז דערנאָך אומבאַמערקט אַרײַן אין עס־צימער. ער האָט געוואָלט זיך דורכרעדן מיטן מענעדזשער און, אויב מעגלעך, פאַרמײַדן אַ סקאַנדאַל. דאָס וואָלט געווען גאָר גוט, ווײַל ער האָט זיך געפונען אין אַן אומאָנגענעמער לאַגע און נישט געוווסט, ווי צו האַנדלען. צושטיין אָפן צום פּראָטעסט, האָט ער נישט געהאַט קיין מוט, כאָטש ער האָט צוגעגעבן, אַז די פּאַציענטן זענען גערעכט. און שטיין אָן אַ זײַט, איז פאַר אים אויך געווען שווער. וואָס וועט דאַן זאָגן חבר פּאָל און איבערהויפּט סאַשע. ער האָט דאָך איר מיט אַ צוויי שעה צוריק פאַרזיכערט, אַז ער איז מיט זיי. דערצו איז אים עפּעס אויסגעקומען אַ ביסל נאַריש די גאַנצע געשיכטע. יאָ פּופּקע־קאָטלעטן, נישט פּופּקע ־ קאָטלעטן. וואָס איז די נפקא־מינה. עסט מען עפּעס אַנדערש.

דעם מענעדזשער האָט ער געטראָפן אין קיך. זײַן פּנים פון

אַן אומעטיקן פויגל איז געווען אַנגעכמורעט נאָך מער ווי תּמיד. ער האָט שוין געוווּסט וועגן סקאַנדאַל, וואָס פאַרקאָכט זיך און פאַרשטאַנען, אַז די אָנפירערס זענען חבר פּאָל און חברטע סאַשע. ביידע האָט ער געהאַסט פאַר זייערע שאַרפע ענטפערס, וואָס זיי פּלעגן אים תּמיד געבן און פאַר נישט־וועלן זיך אונטערוואַרפן דער דיסציפּלין פון האָוס. דערצו האָט דער מענעדזשער, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן אַנאַרכיסט, נישט געקאָנט פאַרטראָגן קיין קאָמוניסטן און אָפּט ביטער געזידלט די סאָוויעטישע מאַכט. און חבר פּאָל און סאַשע זענען דאָך אין האָוס געווען די פאָר־שטייער פון קאָמוניזם.

סאָקאָל האָט אים אָפּגערופן אַן אַ זייט און פאַרזיכטיק מיט אַ שולדיקן שמייכל, וואָס ער מישט זיך אפשר נישט אין זיינע ביזנעס, אַ פרעג געטאָן וועגן די פּופּקע ־ קאָטלעטן. קאָן מען דען נישט צוגרייטן פאַר דינער עפּעס אַנדערש און פאַרמיידן אַ סקאַנ־דאַל? ער, מיסטער סאָקאָל, דער ערשטער פרעזידענט פון דעמדאָ־זיקן אַנשטאַלט, וואָלט אים געראַטן עס צו טאָן. עס וואָלט געווען בעסער פאַר אַלעמען.

— איר האַלט אויך מיט זיי, מיסטער סאָקאָל? — האָט זיך אַרויסגעריסן ביים מענעדזשער, און זיין פּנים פון אַן אומעטיקן פויגל האָט זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט. — איר ווייסט דען, וואָס פאַר אַ חברה דאָס איז? זיי האָבן דאָך חרוב געמאַכט רוסלאַנד.

— דאָס איז אַן אַנדער פראַגע, — האָט אים איבערגעשלאָגן סאָקאָל און פּלוצים זיך אויך דערפילט אַביסל אויפגערעגט. — איך וויל פאַרמיידן אומאָנגענעמלעכקייטן. איר דאַרפט נישט זיין אַזוי נאַריש איינגעעקשנט. איר פאַרשטייט! איך בין דאָך איצט אויך אַן אָרעמער פּאַציענט, אַ קבצן ווי אַלע קבצנים. מיר עסן אַלע פון איין טאָפּ. איר פאַרשטייט?!

— וואָס איז דאָ צו פאַרשטיין? זיי דאַרפן עסן, וואָס מען גיט זיי. אַלע זענען צופרידן און נאָר די „כאָווירימלעך" מאַכן טראָבל די גאַנצע צייט. איך וועל זיי אָבער איינברעכן. דאָ איז נישט יוניאָן סקווער. איך וועל זיי איינברעכן!

— איר וועט זיי אפשר קאַליע מאַכן דעם מאָגן מיט פאַר־עפּושטע קאָטלעטן, — האָט געזאָגט סאָקאָל און איז אַרויס פון קיך.

דאָס קורצע געשפּרעך מיטן מענעדזשער האָט סאָקאָלן צערודערט. גלייך האָט ער אים געגעבן אָנצוהערן, אַז ער, סאָקאָל, איז שוין אַראָפּ פון דער גדולה און דאַרף זיין צופרידן, וואָס מען ג־ט אים עסן אומזיסט. יאָ, אַזוי איז עס. יעדער פּאַסקודניאַק קאָן דיר איצט קריכן אויפן קאָפּ.

דערזען אַ פרייען ראָקינג טשער האָט זיך סאָקאָל אַוועקגעזעצט. באַלד האָבן אים אַרומגערינגלט דאָס שטילע שניידערל, דער אַלטיטשקער קופּלעטיסט און נאָך אַ פּאָר פּאַציענטן. מען האָט ווידער גענומען שמועסן וועגן דעם פּראָטעסט, וואָס האָט געזאָלט פּאָרקומען ביים דינער. עס האָבן זיך אויך שטיל צוגעשאַרט עטלעכע פרויען, יונגע און אַלטע, און מיט זיי דער פעטער ייד מיטן גרויסן בויך.

סאָקאָל האָט אַלעמען אויסגעהערט, געוואָלט וויסן, ווי איז די שטימונג ביי די פּאַציענטן בנוגע דעם פּראָטעסט. וועלן זיי טאַקע זיך צוהערן צו חבר פּאָלן, אָדער די גאַנצע געשיכטע גייט זיי נישט אָן. אָבער דער געוועזענער קופּלעטיסט האָט זיך געקאָכט און אָפּן דערקלערט, אַז ער וועט מאַכן דעם גרעסטן סקאַנדאַל. ער איז אַן אַקטיאָר, אַ קינסטלער, האָט געזונגען אין די בעסטע יידישע טעאַטערן. ער וועט זיך נישט לאָזן קריכן אויפן קאָפּ. ער שטייט צו צום פּראָלעטאַריאַט, צו די קאָמוניסטן. דאָס שטילע שניידערל האָט פאַרשעמט געשמייכלט און עפּעס ווי איינגאַנצן נישט פאַרשטאַנען, וועגן וואָס אַלע רעדן דעם גאַנצן פרימאָרגן און וועמען האָט מען דאָ באַליידיקט. ער דאַנקט גאָט און אַלעמען פאַר אַלץ, וואָס מען גיט אים. וואָס האָט דאָ אַזוינס פּאַסירט? עס האָט אויך געבורטשעט דער פעטער ייד מיטן גרויסן בויך, אַז מען גיט אין אַלגעמיין אין האָום ווינציק עסן און ער גייט תמיד אַרום אַ האַלב־הונגעריקער. די כאָליערע האָט געמעגט כאַפּן דעם מענעדזשער שוין פון לאַנג. ווייל זיך אויספּיינען פאַר דער אַדמיניסטראַציע, אַז ביי אים גייט אַוועק ווייניק. אַ גרויסער עקאָנאָם. קאָכט אַלע טאָג בעבלעך און דאָס גיט מען נישט צו זאַט. דערנאָך האָט אַ פרוי זיך באַקלאָגט, אַז מען דערלאַנגט נישט צום טיש גענוג סאַלאַט. אַ צווייטע האָט גערעדט מיט כעס, אַז אויב מען גיט איר טשאַריטי, טאָ פאַרוואָס צווינגט מען זי צו אַרבעטן גאַנצע טעג אין קיך? אין אַ האָטעל וואָלט זי געקריגן באַצאָלט

פאַר איר קאַטאַרזשנער אַרבעט. איין גאָט ווייס, ווי די פּאָר דאָ־לאַר וואָלטן איר צונוץ געקומען.

כּמעט אַלע האָבן געהאַט טענות און זיך געפילט באַליידיקט פון דער פּאָדלער אָרדענונג, וואָס צווינגט איינעם צו נעמען צדקה אין דעם צווייטן צו געבן.

נו, האָט איצט געטראַכט סאָקאָל, חבר פּאָל וועט האָבן אַ ליכטן דזשאָב. עס זעט אויס, אַז ער האָט נאָר געדאַרפט אונטער־וואַרפן אַ פונק און זיי וועלן זיך שוין אָנצינדן. די מערסטע פּאַ־ציענטן וועלן מסתּמא ביים דינער צושטיין צום פּראָטעסט. אָבער ווי זאָל ער האַנדלען? יאָ, ער מוז זיין מיט זיי, מיט חבר פּאָלן, מיט סאַשען און די אַנדערע. מיט זיינע פריערדיקע פריינט האָט ער איבערגעריסן אויף שטענדיק. זייערע וועגן גייען זיך איצט פאַנאַנדער. ער וועט אָפן זיי זאָגן, אַז זיי האַנדלען נישט גוט. מען קאָרמעט נישט מענטשן מיט פאַרשטונקענע פּופּקעס. דאָס איז אַ באַליידיקונג. מען שנאָרט נישט קיין שפּייז. דאָס איז נישט קיין קלייניקייט, ווי ער האָט פריער געטראַכט. דאָס באַ־ווייזט, וואָס פאַר אַ באַציאונג די פאַרמעגלעכע האָבן צו די־יעני־קע, וואָס נויטיקן זיך אין צדקה. יאָ, חבר פּאָל איז גערעכט, חבר פּאָל איז גערעכט!

סאָקאָל האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין פּלאַץ, זיך געוואָלט אַביסל דורכגיין, באַרואיקן. ער האָט געפילט, ווי זיינע נערוון ווערן צערייצט און עפּעס שטיקט אים אין האַלז. ער האָט געמאַכט אַ צוואַנציק טריט און דערזען, ווי חבר פּאָל שטייט הינטער אַ בוים, אַ הויכער, אַ דאַרער, און רעדט צו אַ גרופּע פּאַציענטן, וואָס זיצן אויף אַ באַנק נעבן אים.

סאָקאָל איז פאַרביי, געהערט, ווי חבר פּאָל רעדט זיי איין, אַז זיי זאָלן צושטיין צום פּראָטעסט. דערנאָך איז סאָקאָל פּאַמע־לעך אַרומגעגאַנגען די נייע געביידע פון האָום און איז אַרויס אויפן סטייט ראוד. ער איז אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר מינוט און אַנט־קעגן איז אָנגעקומען אַ גרויסער אויטאָמאָביל. סאָקאָל איז גע־בליבן שטיין אָן אַ זייט און אַריינגעקוקט אין מאַשין, וואָס איז געווען אָנגעפּאַקט מיט מענער און פרויען, צווישן וועלכע ער האָט באַמערקט שרהלען. איר ליכטיק פּנים האָט אַ שיין געטאָן פּאַר זיינע אויגן. אַ פריידיקער ציטער איז אדורך זיין האַרץ. יאָ, דאָס

איז זי. מען פֿאָרט מסתּמא אָנקוקן די האָום, האָט אַ טראַכט געטאָן סאָקאָל, און די פֿרייד האָט זיך פּלוצים אויסגעלאָשן. ער האָט נאָכגעקוקט דעם אויטאָמאָביל, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַם אַרײַנגאַנג פֿון דער נײַער געבײַדע. זאָל ער זיך אומקערן צו טרעפֿן זיך מיט איר? זיכער, זאָל זי וויסן, ווו ער געפֿינט זיך און פּטור אַן עסק! ער וויל זיך דאָך באַגעגענען מיט איר און עס איז בעסער, אַז זי זאָל אַלץ וויסן וועגן אים פֿריער. און אפֿשר האָט איר באַלעבאָסטע, וועלכע ווייס אַלע פּליאָטקעס און נײַעסן פֿון בעטלעהעם, איר שוין פֿריער דערציילט וועגן אים? „בריינדעלע קאָזאַק" וועט נישט צעפּויקן אַזאַ וויכטיקע געשעעניש?

יאָ, ער וועט גיין צוריק און זיך טרעפֿן מיט איר. ער וויל זי זען. פֿאַרוואָס פֿילט ער אַזאַ ציטער אין זײַן האַרצן?

סאָקאָל האָט זיך אומגעקערט אין האָום, זיך געזעצט אויף די טרעפּ פֿון דער נײַער געבײַדע וואַרטן. אימיצער האָט אים געזאָגט, אַז די געסט זענען אַוועק אָנקוקן די צימערן.

ער איז געזעסן און געקוקט צום גרויסן בוים, ווו חבר פֿאָל האָט נאָך אַלץ גערעדט פֿאַר די פּאַציענטן. פֿון די אָפֿענע פֿענסטער פֿון צווייטן שטאָק האָט זיך דערטראָגן אַ פֿרויען־געלעכטער. דאָס לאַכט, דאַכט זיך, שרהלע. יאָ, עס איז איר קול. אָט וועט זי באַלד אַראָפּגיין, אים דערזען און אָפּקערן דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט אים בכלל נישט באַמערקט. זי איז נישט פֿון די ערשטע, וואָס האָבן אַזוי געהאַנדלט קעגן אים די לעצטע צײַט.

סאָקאָל איז אָבער געבליבן זיצן און געוואַרט, שרהלע זאָל זיך באַווײַזן. אַ מאָדנע, פֿאַרבאָרגן, פּײַנלעך געפֿיל האָט אים געמאַכט שרעקלעך נײַגעריק צו וויסן, ווי אַזוי זי וועט אים דאָ באַגעגענען. אָבער אויב זי וועט זיך מיט אים אָפּשטעלן און נעמען רעדן, וועט ער איר גלײַך זאָגן, אַז ער איז אַ פּאַציענט דאָ. ווײַל אַנדערש קאָן זי נאָך מיינען, דאָס ער איז אויך געקומען אָנקוקן די האָום.

סאָקאָל האָט זיך אויפֿגעהויבן, איז אַרײַן אין גרויסן פֿאָדערשטן צימער. די ווענט זענען דאָ געווען באַהאָנגען מיט בילי־קע ליטאָגראַפֿישע רעפּראָדוקציעס פֿון די „ווהייט מאַונטענס" און מיט אַ פּאָר קליינע, מיט פֿאַנטאַסטישע קווייטן אויסגענייטע טעפּיכער. בײַ די זײַטן זענען געשטאַנען עטלעכע טיפֿע, ווייכע

שטולן. אויף א קליינעם רונדן טישעלע איז געלעגן א דיק העפט מיט הארטע טאָוולען, ווו די געסט, וואָס האָבן געוואָלט עפּעס געבן פאַרן האָום, פלעגן דאַרפן אריינשרייבן זייערע נעמען און אַד־רעסן. אַנטקעגן האָבן זיך געזען די טרעפּ, וואָס האָבן געפירט אויפן צווייטן שטאָק. פונדאַנען האָט שרה געדאַרפט אַראָפּקומען. קיין אַנדער אַרויסגאַנג איז נישט געווען.

סאָקאָל האָט זיך אַריינגעזעצט אין א טיפן שטול.

באַלד האָבן זיך די געסט באַוויזן, צוויי דיקע פרויען און דריי מענער אין ניקערס. אַלע האָבן זיי געוועדט מיטאַמאָל. סאָ־קאָל האָט געכאַפּט איינצלנע ווערטער, אַז דאָ איז זייער פיין, די צימערן זענען א סך גרעסער, לופטיקער און שענער, ווי אין די האָטעלן. עס איז גאָרנישט שלעכט צו זיין אַן אָרעמאַן, — האָט א שפּאַס געטאָן איינער פון די מענער, — און די שפּייזן זענען דאָ פרישע, נאַרהאַפטע. מען לעבט דאָ ווי גאָט אין אָדעס... וואָס פאַר א מין ווייז מען זעט פון די פענסטער! די בערג זענען פּראַכט־פול! די אַדמיניסטראַציע איז ווערט שטאַרק געלויבט צו ווערן פאַר איר אַרבעט.

אָט לאָזט זיך אַראָפּ פון די טרעפּ שרהלע. זי זעט אים נישט, ווייל ער רירט זיך נישט פון אָרט און קוקט מיט א שטילן בליק אויף איר. זי איז אָנגעטאָן אין א קאָלירט קלייד, מיט קורצע אַר־בעל און דערמאָנט אָן א שיינער דאָרפישער שיקסע. די בלאָנדע צעפּ גיסן אָפּ מיט דעם קאָליר פון צייטיקע זאַנגען. זי וויגט זיך לאַנגזאַם ביים גיין, און דאָס גיט איר צו אַזאַ ווייבלעכן חן.

— א ליבע פרוי, — האָט א טראַכט געטאָן סאָקאָל. — זי איז א סך שענער פאַר זינאָטשקען און סאַשען.

שרהלע איז צוגעקומען צום רונדן טישל, ווו דאָס דיקע העפט איז געלעגן. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און דערזען, ווי סאָקאָל שטייט פון דערווייטנס און קוקט אויף איר. א ליבער שמייכל האָט זיך צעגאָסן איבער איר פּנים און זי האָט געמאַכט עטלעכע טריט צו אים.

— העלאָ, מיסטער סאָקאָל! וואָס מאַכט איר? ווי פאַר־ברענגט איר אייער צייט?

זיי האָבן זיך דערלאַנגט די הענט.

— אָט אַזוי, — האָט געזאָגט סאָקאָל. — פון פרישטיק

וואַרט מען אויף דינער און דערנאָך אויף סאַפּער. וואָס קאָן מען דאָ אנדערש טאָן?

— די האָום געפעלט מיר זייער, — האָט געזאָגט שרהלע.— אַרום אזא רחבות. איך וואָלט אַליין דאָ גערן געווען. דאָ זעט אויס צו זיין נישט אזוי שלעכט.

— איך ווינטש אייך נישט, — איז געוואָרן רויט סאָקאָל.

— פאַרוואָס? — האָט זיך פאַרוואונדערט שרהלע. — מיין מאַן איז אַן אָרעמער ביזנעסמאַן און מיר לעבן גאַנץ איינגעהאַל־טען. דאָ וואָלט אונז געקאָסט ביליקער. דער פּרייז איז, דאַכט זיך, צען דאָלאַר א וואָך.

— ווי פאַר וועמען, — האָט שטיל באַמערקט סאָקאָל און נישט געקאָנט אָפּרייסן זיינע אויגן פון איר. — דערצו נעמט מען דאָ נישט אַלעמען אריין. מען דאַרף שוין זיין אַ גוטער קבצן. אָט, צוםביישפּיל, אזא ווי איך.

— נו, — האָט זיך אָנגעכאַפּט שרהלע. — איך האָב גע־הערט א סך גוטעס וועגן אייך. מען האָט מיר דערציילט, אַז איר האָט געגעבן א סך צדקה. מעג מען אייך איצט אביסל אומקערן און מיט כבוד. דאָס איז נישט מער ווי רעכט.

— איר זענט א ליבע פרוי, — האָט געזאָגט סאָקאָל, גערירט פון אירע ווערטער. — מענטשן פאַרגעסן אָבער, וואָס מען טוט פאַר זיי. און אַז מען האָט נישט, פילט מען זיך טאַקע דערשלאָגן.

— דאָס איז אמת, — האָט שטיל צוגעגעבן שרהלע, — איר דאַרפט זיך אָבער נישט פילן שלעכט. גאָט וועט אייך נאָך העלפן.

— גאָט! איר קלערט אזוי?

— פאַרוואָס נישט? — האָט זי זיך נאאיוו פאַרוואונדערט.

די מענער, וואָס זענען געשטאַנען אַן א זייט, האָבן א רוף געטאָן שרהלען פאָרן צוריק.

— איר וועט נאָך דאָ זיין? — האָט געפרעגט סאָקאָל.

— זיכער. און אַז איר וועט קומען קיין בעטלעהעם, באַזוכט אונז. ביי אונז איז אָפּט פריילעך. מיסעס שטיינמאַן אַמוזירט שטאַרק אַלעמען. זי גייט שוין ווידער אויפן „סטיידזש”.

— איין קליניקייט, „ברייגדעלע קאַזאַק”, — האָט שטיל

און צופרידן זיך צעלאכט סאקאל. ער האט זיך געפילט גליקלעך, וואס שרהלע האט זיך געהאלטן אזוי מענטשלעך - פיין און אים פארשפארט שפיכות דמים...

---

א האלבע שעה פאר מיטאג האט דער מענעדזשער אפגערופן דעם פרעזידענט פון האום און אים דערציילט, אז חבר פאל און די אנדערע קאמוניסטן קלייבן זיך היינט צו מאכן טראבל ביים עסן און העצן אלעמען צו אן אמתן בונט. אט דידאזיקע שלעפער, וואס האבן אין דערהיים אפט נישט מיט וואס דורכצוקומען א טאג, געפעלט נישט דאס עסן דא. טראג זיי אונטער אלע טאג פארציעס טשיקן אדער געבראטענע טייבעלעך. פרישע, געשמאקע קאטלעטן פון הינער־פופקעס און העלזלעך קאנען זיי נעבעך נישט פארדייען! דערביי האט ער אויך אנגערעדט אויף חבר פאלן און אים געשילדערט ווי א שרעקלעכן בונטאר, וואס קאן אנציגדן גאנץ אמעריקע מיט א רעוואלוציאנער פייער.

דער פרעזידענט האט געענטפערט: וואס, א בונט!? ער וועט גלייך צונויפרופן א ספעציעלע זיצונג פון דער עקזעקוטיווע און האלב נאך איינס וועלן זיי אליין זיין אויפן פלאץ. און וואס איז שייך דאס שרייבערל, וועט מען זיך שוין מיט אים געבן אן עצה. ער וועט זיך מוזן האלטן רואיק, אז נישט זאל ער גיין ניסן אויף יוניאן סקווער.

דער מענעדזשער מיטן גלעקל אין האנט האט זיך באוויזן אויף דער וועראנדע און גענומען קלינגען, רופן די פאציענטן עסן. אין דער ריינער, בייטאגיקער, זוניקער לופט האבן א טאנץ געטאן דינע קלאנגען און גענומען פלאפלען, אז ביים דינער וועט היינט זיין פריילעך און אינטערעסאנט. די פאציענטן האבן זיך פון אלע זייטן איינציקווייז און פארלעך א לאז געטאן אין עס־צימער. די מערסטע פון זיי האבן שוין געהאט באשלאסן די קאטלעטן נישט צו עסן און פראטעסטירן. חבר פאל, סאקאל און דאס שווארצע ווייבל האבן זיך שווייגנדיק געזעצט ביי זייער טיש. די איבעריקע פאציענטן האבן זיך אויך צעזעצט אויף זייערע פלעצער שטילער ווי תמיד. עס האט עפעס אויסגעזען, אז אלע זענען אנגעכמורעט איינער אויפן צווייטן און אט־אט וועט אויסברעכן א קריגעריי און א געשלעג.

דער מענעדזשער מיטן גלעקל אין האנט איז אדורך דאם עס־צימער און איז אריין אין קיך. די וויטריסעס האבן גענומען דערלאנגען א פארשפייז פון צעריבענע בעבלעך, ציבעלעס און אייל. דער פעטער ייד מיטן גראבן בויך האט דער ערשטער גע־בראכן די אנגעצויגענע שטילקייט און בייז א ברום געטאן:

— שוין ווידער בעבלעך אין א נאווינע.

א וויטרעס האט אים עפעס געענטפערט און שעלמיש א ווונק געטאן מיט די אויגן, ווי איינער זאגט: שווייג נישט, ברודער! דערלאנג, אז די באליערע זאל נעמען!

דער געוועזענער קופלעטיסט, וואס איז געזעסן ביים צווייטן טישל, האט זיך פלוצים האסטיק אויפגעהויבן און מיט כעס אוים־געשריגן:

— פאר וועמען האלטן זיי אונז דא?! עס קערט מיך שוין צום ברעכן פון די בעבלעך. איך וויל עס מער נישט.

אלע האבן זיך גענומען באוועגן ביי די טישלעך. עס האבן זיך דערהערט אומצופרידענע שטימען:

— ער איז גערעכט!

— אלע טאג בעבלעך!

— שטענדיק בעבלעך!

חבר פאל האט נייגעריק אנגעקוקט דעם אלטיטשקן קופלע־טיסט, געווארט, וואס דא וועט זיין ווייטער. סאקאל האט אויך געשוויגן.

— איך וועל עס נישט עסן, — האט ווייטער זיך געבעסט דער געוועזענער קופלעטיסט. — עסט עס קיינער נישט. זאל מען דערלאנגען אן אנדער שפייז.

פון קיך איז ארויסגעלאפן דער מענעדזשער. זיין פנים א״ז געווארן אנגעצונדן פון כעס. אז דעם פראטעסט וועט אנהויבן אט דער דאזיקער, שטענדיק - צופרידענער אלטיטשקער קופלע־טיסט, האט ער גארנישט דערווארטעט. דאס האט אים נאך מער צערייצט און ער האט זיך צעשריגן אויף די פאציענטן, ווי אויף קינדער:

— שטיל זאל זיין ביים דינער! וועמען עס געפעלט נישט דאס עסן, קאן זיך אפטראגן פון דיינינג רום.

אבער דער אלטיטשקער קופלעטיסט האט זיך נישט געוואלט

באַרואיקן. ער האָט שטאַרק געליטן, וואָס אים, דעם קינסטלער און זינגער, קומט־אויס אויף דער עלטער צו זיין אין א האָום, ווו מען באהאנדלט אים ווי א קבצן. אין אים האָט געברענט א פּאַרדראָס, וואָס דער מענעדזשער גיט אים נישט אָפּ קיין כּבוד און מאַכט נאָך פון אים אמאָל חוזק, ווען ער זינגט עפּעס פאַר א פּאָר גראָבע, סענטימענטאַלע ווייבער.

איצט איז געקומען די געלעגנהייט זיך אָפּצורעכענען מיט אים פאַר אַלע באַליידיקונגען.

— צו וועמען רעדסטו אזוי?!... — האָט ער א טאָפּע געטאָן מיט א פוס. — דו ווייסט, ווער איך בין? איך האָב געשפּילט צוזאמען מיט דעם גרויסן מאָגולעסקאָ. דער עולם פּלעגט אונז באַוואַרפן מיט רויזן. און דאָ קריכט דיר אויפן קאָפּ יעדער „סמאַרקאַטש", יעדער גאָרנישט.

א פּאָר ווייבער פון זיינע פּאַרערערינס און דאָס שטילע שנײַדערל זענען צו אים צוגעגאַנגען און אים גענומען באַרואיקן. אָבער דער מענעדזשער האָט זיי געהייסן זיך אומקערן צו זייערע פּלעצער, געהויבן א פויסט און געשריגן:

— איך וועל אייך איינברעכן!

דידאָזיקע סצענע איז געווען דער ערשטער סיגנאַל צום אמתן פּראָטעסט, וואָס האָט זיך צעפלאַקערט אביסל שפּעטער, ווען די וויטריסעס האָבן גענומען דערלאַנגען די באַרימטע קאָטלעטן. דאָ האָבן זיך שוין באַטייליקט כּמעט אַלע פּאַציענטן, חוץ דעם אַלטן מוסר, עטלעכע אַלטע פרויען און דעם שטילן שנײַדערל, וועלכער האָט זיך אַזש שיר צעוויינט פון פאַרדראָס, ווייל מענטשן זענען אזוי אומדאַנקבאַר און ווייסן ממש נישט, וואָס זיי ווילן. חבר פאָל האָט אַראָפּגעשאַרט פון טישל זיין טעלער מיט די פּופּקע־קאָטלעטן, נאָר סאָקאָל האָט עם פלינק אונטערגעכאַפּט און דער טעלער איז געבליבן גאַנץ. חברטע סאַשע האָט זיך צעשריגן, אַז אומעטום שנאָרט מען געלט פאַר דער האָום און עסן גיט מען דאָ קדחת מיט כּשרע פּעדים. דאָס שוואַרצע ווייבל האָט גערופן אַלעמען ביטער צו קעמפן קעגן די קאַפּיטאַליסטן, וואָס זויגן דאָס בלוט פון די אָרעמע מאַסן. זי האָט עטלעכע מאָל אָנגערופן דעם מענעדזשער קאָנטררעוואָלוציאָנער און אים געסטראַשעט מיט איר קליינינקן, ביינערדיקן פויסטל. עס איז געוואָרן א טומל און

אַלע האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע פּלעצער. סאָקאָל איז גע־שטאַנען אַביסל אָן אַ זייט און געשוויגן. ביי אים האָבן געציטערט די קני פון אויפרעגונג. עפּעס האָט ער זיך דערפילט שלעכט פון דעם גאַנצן רעש, וועלכן מען האָט אפשר געקאָנט פאַרמיידן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז באַלד וועט מסתמא קומען אָהער דער פּרע־זידענט פון האָום מיט איניקע מיטגלידער פון דער אַדמיניסטראַ־ציע, ווייל דער מענעדזשער האָט אַלע מינוט אויפגעמאַכט די דרויסנדיקע טיר און געקוקט אויפן וועג. ער האָט אויך געקוקט מיט אומרו אויף חברטע סאַשע און נישט געקאָנט פאַרשטיין אינ־גאַנצן, צו וואָס זי דאַרף זיך אַזוי אויפרעגן, כאָטש זי האָט אים איצט געררייצט מיט איר פייער אין די אויגן, מיטן כוח פון איר פּראָטעסטירנדיקער נאַטור.

דערווייל האָט חבר פּאָל זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ שטול, גענומען האַלטן אַ רעדע און פאַרמולירן די פאָדערונגען, וואָס מען דאַרף אַרויסשטעלן דער אַדמיניסטראַציע. אַלע האָבן אים ענג אַרומגערינגלט און געמאַכט פאַרשיידענע באַמערקונגען. אַ דאַרער, אַ הויכער, מיט כמעט שאַרפע, עטוואָס איינגעבויגענע אַקסלען, מיט זיין ערנסט, מאָנגאָליש פּנים, האָט ער זשעסטיקו־לירט מיט די לאַנגע הענט און זיך אַלץ מער אויפגערעגט. זיין שטיל קול האָט איצט געקלונגען שטאַרק, איבערצייגנדיק און פול מיט האַס צו די־יעניקע, זאַטע און צופרידענע, וואָס הערשן אי־בער די אונטערדריקטע און באַליידיקטע. אָבער פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ פייף פון אַן אויטאָמאָביל, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים אַריינגאַנג. אימיצער האָט אַ געשריי געטאָן, אַז דער פּרע־זידענט מיט אַ פּאָר מיטגלידער פון דער אַדמיניסטראַציע זענען אָנגעקומען.

די מערסטע פּאַציענטן האָבן זיך פאַמעלעך אַ רוק געטאָן אויף צוריק צו זייערע פּלעצער ביי די טישלעך. איניקע האָבן אַפילו געכאַפּט גאָפּל־מעסער און גענומען עסן די פּופּקע־קאָטלעטן. חבר פּאָל איז אַראָפּגעשפּרונגען פון שטול אַן אויפגערעגטער און אויסגעשריגן:

— פּחדנים, פאַר וועמען האָט איר זיך דערשראָקן!? וואָס האָט איר מורא?!

די טיר פון דיינינג רום האָט זיך אויפגעעפנט. אויפן שוועל

האָבן זיך באַוויזן פיר מענער. דריי פון זיי, הויכע, געזונטע, אין ברייטע ניקערס און דינע, בלויע סוועטערס. דער פערטער, דער פּרעזידענט פון אַנשטאַלט, איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָר פופציק, אַביסל אַ בלאַסער, מיט בלאָנדע וואָנסעלעך, פון קליינעם וווקס.

דער מענעדזשער האָט געאײַלט זיי אַנטקעגן. עס איז געוואָרן שטיל אין עס־צימער. אויפן שוועל פון קיך איז אַרויס די הויפּט־קעכין מיט אירע אַרויסהעלפער.

— וואָס קומט דאָ פאָר? — האָט אַ פרעג געטאָן איינער פון די הויכע מענער מיט אַ באַסאָווע שטימע און בייז אָנגעקוקט דעם עולם.

— וואַרט, — האָט אים אָפּגעשטעלט מיטן האַנט דער פּרעזידענט, און, ווענדנדיק זיך צו די פּאַציענטן, געפרעגט: — מיט וואָס זענט איר נישט צופרידן, מיינע ליבע פריינט. דערציילט און איך וועל טאָן אַלץ, וואָס עס איז אין מיינע כּחות, צו פאַרבעסערן אייער לאַגע.

די פּאַציענטן האָבן געשוויגן, זיך איבערגעקוקט איינער מיטן צווייטן. דאָ האָט זיך דערהערט חבר פּאַלס קול:

— פאַרוואָס קאָרמעט איר אונז מיט נישט קיין פרישע הינער־פּופּקעס, וואָס דער מענעדזשער שנאָרט אויס אין די האָטעלן, דורך די הינטער־טירן...

— חברל! — האָט מיט איראָניע אַ פרעג געטאָן אַ צווייטער פון די הויכע מענער. — אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, אין אייער באָלשעוויסטישן גן־עדן, עסן אַרעמעלייט בעסערע שפּייז, האַ?

— שווייגט בעסער! — האָט אַ געשריי געטאָן חברטע סאַשע. — איר זענט אַ קאָנטררעוואָלוציאָנער.

נאָר דער פּרעזידענט האָט זיך געסטאַרעט צו באַרואיקן. ער האָט פאַרזיכערט, אַז די הינער־פּופּקעס און העלזלעך, וואָס די האָטעל־קיפּערס שענקען פאַרן האַוס, זענען אַלע מאָל די פרישסטע. און כּדי צו באַווייזן, אַז ער זאָגט אמת, איז ער צוגע־גאַנגען צו אַ טיש, אויפגעגעסן אַ קאָטלעט און זיך באַלעקט. פריש און געשמאַק, — האָט ער געזאָגט. ער בעט אַלעמען, ווי אַ טאַטע, וואָס זאָרגט פאַר זיינע קינדער, אַז מען זאָל זיך נישט צוהערן צו די עטלעכע קאָמוניסטישע טראַבל־מאַכער, וועלכע

געפינען זיך דאָ. דאָס זענען קראַנקע, נערוועזע מענטשן, וועלכע מען דאַרף פאַרגעבן און אויס רחמנות האָט מען זיי אַריינגענו־מען אין האָום. ער אַליין איז אַ מענטש מיט אַ האַרץ און קאָן קיינעם קיין שלעכטס נישט טאָן. דערפאַר בעט ער, אַז ווייטער זאָלן זיך אַזוינע סקאַנדאַלן נישט ווידערהאָלן. דאָס וועט זיכער שטערן צו שאַפן די געלט - מיטלען, וואָס מען דאַרף צו פאַר־ענדיקן די נייע גרויסע געביידע און ליידן דערפון וועלן די אָרעמע פּאַציענטן, וועלכע נויטיקן זיך אין דעם נאָבעלן אַנשטאַלט. די אינסטיטוציע זאָרגט געגוג פאַר די נויטבאַדערפטיקע. די מיטגלי־דער פון דער אָרגאַניזאַציע גיבן אַוועק זייער צייט אומזיסט, לויפן אַרום איבער די האָטעלן, פאַרקויפן טיקעטס פאַר די פאַר־שיידענע אונטערנעמונגען לטובת דער האָום, און דאָ קומען גאָר פאָר סקאַנדאַלן און בונטן. ער וואָרנט די העצער און בונ־טאָווטשיקעס, אַז מען וועט זיין געצוווּנגען זיי אַרויסצוטרייבן פון דעמדאָזיקן אַנשטאַלט, אויב זיי וועלן נישט זיין רואיק און זיך אונטערוואַרפן דער דיסציפּלין פון האָום.

יאָ, זאָל מען נישט מיינען, אַז אים אַליין לעבט זיך לייכט. ער האָט דריי גרויסע שעפער און ביי אים אַרבעטן פיר הונדערט מיידלעך, וועלכע פאַרדינען פון פופצן ביז צוואַנציק דאָלאַר אַ וואָך. ער זאָרגט פאַר זיי, ווי אַ טאַטע פאַר זיינע קינדער. פיל פון די מיידלעך האַלטן אויס זייערע אַלטע טאַטע־מאַמע. וואָס וואָלטן זיי געטאָן אָן אים! ער פאַרגעסט אויך נישט אָן גאָט און איז דער גבאי פון אַ גרויסער שול און תלמוד תורה אין ניו־יאָרק, ווו עס לערנען זיך אומזיסט אַ סך אָרעמע יידישע קינדער. מען דאַרף נאָכאַנאַנד שאַפן מיטלען און אָפט שלאָפט ער נישט קיין נעכט פון זאָרג. און אָט דאָס איז דער דאַנק, וואָס מען באַקומט פאַר אַלץ. אַלע זענען אומצופרידן. אדרבה, זאָל אימי־צער אַן אַנדערער איבערנעמען זיין אַמט. ער פאָדערט, אַז אין האָום זאָל הערשן אָרדענונג און רו. מער טאָרן אַזוינע זאַכן נישט פאָרקומען. ער וועט מער נישט דערלאָזן צו פּראָטעסטן און וואָרנט נאָך אַמאָל די טראַבעל־מאַכער, אַז זיי זאָלן נישט פאַרגעסן, ווו זיי געפינען זיך.

— מיר געדענקען עס זייער גוט, — האָט זיך אָנגערופן חברטע פּאַשע, — מען מאַכט אונז גאַנץ אָפט צו פילן עס.

— גענוג, — האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט חבר פּאָל.
ער האָט געזען, דאָס דער קאַמף, וואָס ער האָט אָנגעהויבן פאַר בעסערע שפּייז אין האָום, איז אַ פאַרשפּילטער, נישטאָ מיט וועמען צו קעמפן. נאָך דעם פּרעזידענטס רעדע האָבן כמעט אַלע פּאַציענטן זיך צעזעצט ביי זייערע טישלעך און אָנגעהויבן עסן. אפילו דער אַלטיטשקער קופּלעטיסט איז אַנטשוויגן געוואָרן און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. די אונטערשטע ליפּ האָט ביי אים נאָך געציטערט. חבר פּאָל, חברטע סאַשע און דאָס שוואַרצע ייִנגל זענען דעמאָנסטראַטיוו אַרויס פון עס־צימער און סאָקאָל איז געבליבן ביי דעם „קאָמוניסטישן" טיש מיט נאָך אַ מאַן. ער האָט זיך געפילט שלעכט און נישט געוווסט, וואָס צו טאָן. צום עסן האָט ער זיך נישט צוגערירט. אָבער אַרויסגיין פון דיינינג רום האָט ער אויך נישט געקאָנט. דאָס וואָלט געמיינט, אַז ער האַלט מיט די קאָמוניסטן און דאָ איז צו אים צוגעקומען דער פּרעזידענט, אים וואַרעם באַגריסט און גענומען פאַנאַנדערפרעגן, ווי ער פילט זיך. סאָקאָל האָט אים געענטפערט קורץ, טרוקן, אַז אַלץ איז אַלרייט און ער האָט זיך נישט אויף וואָס צו באַקלאָגן. ער האָט דעם פּרעזידענט גוט געקענט און אים נישט ליב געהאַט פאַר זיינע גלאַטע ריידעלעך, אַז אַט ס'איז ביטער אויף דער וועלט דעם אָרעמאַן.

סאָקאָל איז ענדלעך אַרויס פון עס־צימער. ער איז אַוועק זוכן חבר פּאָלן און חברטע סאַשע. עפּעס האָט ער זיך געפילט, ווי ער וואָלט זיי פאַרראַטן מיט דעם, וואָס ער איז נישט אַרויס מיט זיי צוזאַמען פון דיינינג רום. וואָס וועלן זיי איצט דענקען וועגן אים? האָט זיך דערשראָקן פאַרן פּרעזידענט ווי דער געוועזענער קופּלעטיסט. ס'איז טאַקע אַ מיאוסע מעשה, וואָס ער איז געזעסן און געשוויגן די גאַנצע צייט. ער האָט געדאַרפט עפּעס זאָגן, באַווייזן, אַז ער פּראָטעסטירט אויך קעגן דעם. וואָס האָט מיט אים פּאַסירט, אָדער וואָס האָט אים געשטערט אָפן אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג?

סאָקאָל האָט זיך נישט געקאָנט געבן קיין ענטפער און אוועקגעשפּאַנט מיטן פעלד צו די קוסטעס.

.9

אויף מאָרגן איז חבר פּאָל געווען אין בעטלעהעם. צוויי

רייך־געקליידעטע פרויען האָבן אים אָפּגעשטעלט ביים פּאָסט־אָפיס און געפרעגט, צי דאָס איז ער, דער קאָמוניסט, וואָס העצט די פּאַציענטן פון האָום צו אַן אויפשטאַנד.

— און אַז יאָ, איז וואָס? — האָט געפרעגט חבר פּאָל מיט אַ איראָנישן שמייכל.

די לוידים האָבן זיך אַביסל פאַרלאָרן פון זיין חוצפּהדיקן טאָן. נאָר איינע פון זיי האָט אים געראָטן, אַז ער זאָל זיך בעסער אָפּטראָגן קיין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, אַנדערש וועט מען אים אַרויסשיקן פון ניו העמפּשייער סטייט: וואָס ווילן זאָגן די שטילע איינוווינער פון די „ווייט מאָנטענס", וואָס קאָנען אַזוי אויך נישט פאַרטראָגן דעם יידישן טומל?

חבר פּאָל האָט אויף זיי אַ קוק געטאָן מיט פאַראַכטונג און איז אַריין אין פּאָסט־אָפיס. די דאָזיקע אויסגעפּאַשעטע ווייבער קאָנען אים פאַרמסרן פאַר דער פּאָליציי און מען וועט אים נאָך אויף אַן אמת אַרויסשיקן פון סטייט. דאָס איז זייער מעגלעך. דאָ איז פול מיט קו־קלוס־קלעניקעס. אָבער באַלד האָט ער באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די האָום אַליין. אַ חבר האָט אים צוגעשיקט אַביסל געלט און די ציישונג, ווו ער האָט מיטגעאַרבעט, האָט אים געלאָזן וויסן, אַז זיינע אַ לענגערע דערציילונג וועט זיך די טעג אָנהויבן צו דרוקן און ער וועט אויך קריגן אַ קליינעם האָנאָראַר.

נאָר קומענדיק צוריק אין האָום האָט אים סאָסאָל גענומען אָפּרעדן צו פאַרלאָזן דעם פּלאַץ. ער האָט זיך אויסגעלאַכט פון די פרויען, וואָס האָבן אים געסטראַשעט אין בעטלעהעם. מאַלע וואָס ווייבער פּלאַפּלען! ער קען זיי אַלע זייער גוט און קיין איינע פון זיי וועט נישט וואַגן אים צו טאָן עפּעס שלעכטס. אויך חברטע סאַשע און דאָס שוואַרצע ווייבל האָבן אים געבעטן נישט אַוועקצוגיין. טאַקע דערפאַר, ווייל מען וויל זיי דאָ נישט האָבן. חבר פּאָל האָט שוין כמעט ווי צוגעשטימט, נאָר דאָ איז צו אים צוגעקומען דער מענעדזשער און ערקלערט, אַז ער וועט מוזן זיך אַריבערקלייבן אין אַן אַנדער צימער, ווו ס'האָבן זיך שוין געפונען צוויי אַלטע אַסטמע־קראַנקע.

— איהר האָט אַביסעלע פּערספּעקטיקט מיט אייער באַ־

פּעל, — האָט אים איבערגעהאַקט חבר פּאָל. — איך גיי אַוועק פון האָוּם.

דער מענעדזשער האָט אים אָנגעקוקט אַביסל פאַרוואונדערט און שטיל צוגעגעבן:

— קיינער טרייבט אייך נישט פונדאַנען. מיסטער סאָקאָל וועט די טעג אויך דאַרפן זיך אַריבערקלייבן אין אַן אַנדער חדר. אַלע טאָג קומען אָן נייע פּאַציענטן.

— גוט, גוט, — האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט חבר פּאָל.

דאָס וואַרעמעס איז אַריבער שטיל. סאָקאָל מיט חבר פּאָל זענען גלייך נאָכן עסן צוגעגאַנגען צו אַ נאָענטן קריסטלעכן פאַר־מער, וואָס האָט געהאַט אַ שיינעם גרויסן קאַטעדזש, וועלכער האָט זיך געפונען אויף אַ בערגל, אַ פינף מינוט גאַנג פון האָוּם. דער דאָזיקער קאַטעדזש איז דעם גאַנצן זומער געשטאַנען אַ ליידי־קער און איצט האָט דער פאַרמער שוין נישט געהאַט קיין האָפע־נונג אים צו פאַרדינגען. חבר פּאָל האָט געפרעגט דעם פּרייז. דער יונגער דאַרער פאַרמער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין פרוי. יענע האָט געשוויגן און געוואַרט, וואָס דער באַלעבאָס וועט זאָגן. האָט דער פאַרמער אַוועקגעשטעלט אַ פוס אויף די טרעפּ פון גאַניק פון זיין הויז, אָנגעשפּאַרט דעם עלנבויגן פון דער לינקער האַנט אָן די קני, צוגעדריקט די לאַדאָן צום באַק און זיך פאַרטראַכט. אַזוי איז ער געשטאַנען אַ פּאָר מינוט. חבר פּאָל און סאָקאָל האָבן אויף אים געקוקט מיט אַ שטילן שמייכל. ענד־לעך האָט דער פאַרמער אַרויסגערעדט:

— וועט נישט זיין צופיל פופציק דאָלאַר ביז ענדע סעזאָן?

— אָ קיי.

— אָבער אָן פרויען, — האָט צוגעגעבן די פאַרמערקע. — זיי וועלן נישט קאָנען אפילו אייך באַזוכן.

— אָ קיי, — האָט ווידערהאָלט חבר פּאָל מיט אַ שמייכל.

ער איז געווען שטאַרק צופרידן, וואָס דער פאַרמער האָט אַוועקגעגעבן דעם קאַטעדזש אַזוי ביליק. עטלעכע באַיעס פון האָוּם האָבן אים צוגעזאָגט זיך אַריבערצוקלויבן מיט אים און לעבן צוזאַמען אין אַ קאָמונע. דאַן וועט אים דאָ קאָסטן אַ זעקס־

זיבן דאָלאַר א וואָך און ער וועט נאָך זיך אומקערן קיין ניו־יאָרק מיט אַביסל געלט. דאָס וועט זיין אויסגעצייכנט!

פאַרנאַכט־צו האָט חבר פּאָל זיך שוין אַריבערגעקליבן אין דער נייער דירה. די באַיעס האָבן אים צוגעזאָגט עס צו טאָן אין פאַרלויף פון דער וואָך. סאָקאָל האָט אים געהאָלפן אַריבער־טראָגן דאָס ביסל זאַכן, וואָס ער האָט פאַרמאָגט. ער האָט פאַר־נומען דאָס גרעסטע צימער, וואָס האָט געהאַט פיר פענסטער און פונוואַנען עס האָט זיך אויף מיילן ווייט געשפּרייט א ווונדער־באַרער פּייזאַזש מיט די ווייסע בערג אַרום און אַרום.

דערנאָך האָט חבר פּאָל זיך אומגעקערט אין האָוס און אָפּגעגעסן די לעצטע וועטשערע. אַלע האָבן שוין געוווסט, אַז ער מיט אַ גאַנצער קאָמפּאַניע קלייבן זיך אַריבער אין גרויסן קאַטעדזש אויפן גרינעם בערגל און אַז דאָרט וועט געגרינדעט ווערן אַן אמתע קאָמונע. מען האָט נאָכן עסן חבר פּאָלן פאַר־האַלטן און דער אַלטיטשקער קופּלעטיסט מיט איינעם אַ שריפט־זעצער, וואָס האָט געהאַט אַ שיינעם באַריטאָן, האָבן פאַר אים געזונגען „אוי, אוי, יאָשקע פאָרט אוועק" און אַנדערע פאָלקס־לידער.

שפּעטער האָבן סאָקאָל, חברטע סאַשע און דאָס שוואַרצע ווייבל באַגלייט חבר פּאָלן צו זיין נייער היים.

דער אָוונט איז געווען אַ שוואַרצער אַזש אָנצוטאַפּן די פינסטערניש. דער הימל האָט זיך פאַרצויגן מיט כמאַרעס. די אַלטע בוימער פון ביידע זייטן וועג האָבן גערוישט. פאָרויס איז געגאַנגען חבר פּאָל מיט דעם שוואַרצן ווייבל און הינטער זיי סאָקאָל מיט סאַשען. זי האָט אים געהאַלטן אונטערן אָרעם, זיך געטוליעט צו אים און גערעדט גיך, גיך, אַז זי וואָלט אויך גע־וואָלט אוועקגיין פון האָוס און אָנקומען ערגעץ אין אַ האָטעל אַלס ווייטרעס. איר מוטער שרייבט איר, אַז זי קאָן מער נישט האַלטן דאָס יינגסטע מיידעלע. דאָס קינד איז קאַפּריזנע, קרענק־לעך און בענקט שטאַרק נאָך דער מוטער. די באָבע קלייבט זיך מיט אימיצן די קליינע צו שיקן אַהער. איז די צרה וואָס מיט אַ קינד וועט מען איר קיין דזשאָב אין האָטעל נישט געבן. אָט אַזוי מוז מען גיין אין די טשאַריטי־אינסטיטוציעס, וועלכע זי

האַסט מיטן גאַנצן האַרצן און ווי אָרעמע ווערן מערסטנס דער־נידעריקט און באַליידיקט.

— יאָ, יאָ, — האָט שטיל און פאַרטראַכט צוגעשטימט סאָקאָל.

אים איז געווען אָנגענעם צו גיין מיט סאַשען, נאָר איר קול האָט אים געשטערט זיך צוצוהערן, ווי די בוימער רוישן, פילן, ווי זייערע פיס רירן זיך אָן נאָכאַנאַנד און ווי אַלע ווייַלע לויפט דורך א ליידנשאַפטלעכער ציטער דורך זיין לייב. עפּעס האָט ער זיך דערמאָנט וועגן שרהלען. ווען ער האָט די מעגלעכקייט מיט יענער אָט אַזוי אַרומצושפּאַצירן אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט...

און סאַשע האָט אַלץ גערעדט, אַז זי איז אַ גוטע ווייטרעס און האָט דאָ אַמאָל אין סעזאָן געמאַכט איבער צוויי הונדערט דאָלאַר. זי פלעגט באַקומען גרויסע טיפּס, האָט אויסגענומען ביי די אָנגעפרעסענע בורזשויען, כאָטש זי פלעגט זיי גאַנץ אָפט שאַרף אַריינזאָגן דעם אמת און זיי האָבן געוווּסט, אַז זי איז א קאָמוניסטקע.

— יאָ, יאָ, — האָט ווידערהאָלט סאָקאָל.

זיי האָבן זיך פאַרקירעוועט אויף א שמאָלער סטעזשקע צווישן הויכע גראָזן און גענומען אַרויפגיין אויפן בערגל צום קאַטעדזש.

ביים אַריינגאַנג זענען אַלע געבליבן שטיין.

חבר פאָל האָט אָנגעצונדן זיין „סוירטש לייט“ און אויפגע־מאַכט די טיר.

— זעט, אַז די פאַרמערקע זאָל נאָר נישט באַמערקן, — האָט ער געזאָגט האַלב אין שפּאַס צו סאָקאָלן. — מער פעלט אונז נישט.

א שוואַכער עלעקטרישער שטראַל האָט דאָ און דאָרט באַ־לויכטן די ווענט און באַוויזן א פּאָר בילדער אין אַלטע ראַמען.

סאַשע האָט געפרעגט:

— מען האָט אייך פאַרבאָטן צו ברענגען אַהער פרויען?

— ווי קלערסטו? — האָט געזאָגט דאָס שוואַרצע ווייבל, — דער פאַרמער קען זיינע קאָסטימער.

— שטילער, — האָט באַמערקט חבר פּאָל, — ביי אים אין הויז איז נאָך ליכטיק.

ער האָט זיי אַרויפגעפירט אויפן צווייטן שטאָק, אַריינגע־לאָזט סאָקאָלן און סאַשען אין זיין צימער, געבעטן נישט אָנ־צוצינדן קיין ליכט און איז אַרויס מיט דעם שוואַרצן ווייבל.

— וואוהין גייט איר? — האָט געפרעגט סאַשע. — דאָ איז שטאָק־פינסטער.

— קיינער וועט אייך נישט אויסכאַפּן, — האָט איר אין שפּאַס פאַרזיכערט חבר פּאָל. — מיר קומען באַלד צוריק.

עס האָט זיך דערהערט, ווי ער האָט פאַרמאַכט די טיר.

אַ מינוט איז געווען שטיל. אינגאַנצן שטיל.

— איר זעט מיך? — האָט געפרעגט סאָקאָל און אָנגע־נומען סאַשעס אַ האַנט.

זי האָט זיך צוגערוקט צו אים.

— איך פיל אייך אַזוי גוט.

ער האָט זי אַוועקגעזעצט אויפן בּרעג פון בעט, וואָס איז געשטאַנען נעבן פענסטער און זיך סמוטנע געצייכנט אין דער פינסטערניש.

— דערציילט מיר עפּעס, — האָט געבעטן סאַשע. — איר האָט דאָך אַזויפיל דורכגעמאַכט אין אייער לעבן. איז דאָס אמת, אַז איר זענט אַמאָל געווען זייער רייך.

— נישט זייער, — האָט שטיל געענטפערט סאָקאָל. — איך האָב אָבער פאַרמאָגט גענוג צו קאָנען לעבן פּשוט ווי אַ חזיר.

— פאַרוואָס רעדט איר אַזוי?

— ווייל דאָס איז דער אמת, — האָט געזאָגט סאָקאָל און זי אַרומגענומען ביי דער טאַליע. — איצט קומט עפּעס פאָר אין מיר. פאַרלאָרן דאָס געלט און איך ווער ריינער. מיין נשמה האָט דערוואַכט, זוכט אַ ציל אין לעבן. אַ סך פראַגן זענען פאַר מיר נאָך נישט קלאָר. אין מיר פּלאָנטערן זיך איצט פאַרשיידענע פאַרלאַנגען, געפילן. איך גלויב אָבער, אַז איך וועל אַרויסקריכן אויפן ריכטיקן וועג.

— מיר, די קאָמוניסטן, וועלן אייך העלפן זיך אַרויס־פּלאָנטערן פון די אַלע צווייפלען, — האָט געזאָגט סאַשע. —

מיר, וואָס גייען בויען אַ בעסערע וועלט פאַר אַלע ערלעכע האָרעפּאַשניקעס.

— איך וואָלט עס אַליין געוואָלט. אָבער דאָס איז נישט אַזוי פּשוט פאַר מיר, מיין טייערע!

— פאַרוואָס? — האָט אַ צופרידנהייט זיך געפילט אין איר קול פון וואָרט „מיין טייערע".

— מיר איז שווער עס אייך צו דערקלערן.

זי האָט זיך צוגעטוליעט צו אים.

סאָקאָל האָט דערפילט איר וואַרעמען קערפּער. ער האָט פעסטער אַרומגענומען איר טאַליע, זי צוגעדריקט צו זיך און עטלעכע מאָל איר אַריינגעשושקעט אין אויער:

— סאַשע, איר זענט אַ ליבע פרוי.

זי האָט זיך שטיל און גליקלעך צעלאַכט. פון די אַלע מע־נער, וואָס זי האָט געקענט, איז ער איר געווען צום האַרצן אַמ־בעסטן. איר האָט אפילו אימפּאָנירט, וואָס ער איז געווען רייך און געהאַט אַ סך צו טאָן מיט פאַרשיידענע פרויען, און איצט געפעלט זי אים. דערצו זיין סימפּאַטישע באַציאונג צו דער קאָ־מוניסטישער באַוועגונג. אָט וועט איר אפשר געלונגען, האָט זי סמוטנע געטראַכט, אים אַרויפצופירן אויפן אמתן וועג און דאַן וועלן זיין רעטעריין. און שפּעטער, ווער ווייס, וואָס עס קאָן פּאַסירן. ער איז נאָך אַ יונגער מענטש און זי איז פריי. איר מאַן וועט מסתּמא קיינמאָל נישט ווערן געזונט.

סאָקאָל האָט זי גענומען גלעטן און זייערע ליפּן האָבן זיך צוגעדריקט צו איר פּוכקן מויל. זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן און איז געבליבן ליגן ווי אין אָנמאַכט...

פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ געלעכטער הינטערן וואַנט. זיי האָבן זיך אויפגעהויבן און זענען געבליבן זיצן אויפן בּרעג פון בעט.

— זיי וועלן באַלד אַריינקומען צוריק, — האָט אַ שעפּטשע געטאָן סאַשע.

— איך גלויב נישט, אַז זיי זאָלן איצט טראַכטן וועגן דעם, — האָט שטיל געענטפערט סאָקאָל. — ער האָט זי אַר־מישנע אָוועקגענומען.

זיי האָבן ווידער געשוויגן. הינטערן וואַנט האָט מען זיך

אויפּסניי צעלאַכט, דערנאָך איז שטיל געוואָרן. עס האָט זיך נאָר געהערט ווי ערגעץ אונטן סקריפּעט דער ווינט מיט אַן אָפענער טיר.

איבערן וועג זענען פאַרבייגעלאָפן אויטאָמאָבילן און מיט זייערע גרויסע, ליכטיקע, עלעקטרישע לאָמפּן אויף עטלעכע רגעס באַלויכטן דאָס צימער. סאָקאָל האָט דערזען סאַשען אין אַ פאַנטאַסטישן ליכט, איז ווידער צוגעפאַלן צו איר און זי גע־נומען קושן און האלזן. זי האָט אים געענטפערט מיט קושן, עפּעס געשעפּטשעט גיך, גיך, און אַלץ נישט געוואָלט אָפּלאָזן פון זיך.

א ווײַלע שפּעטער האָט סאַשע געזאָגט:

— קלאַפּט זיי אָן אין וואַנט.

— צו וואָס זיי שטערן? וואָס אײַלסטו?

זי האָט אַוועקגעלייגט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל, זיך אַ לאַש־טשע געטאָן ווי אַ קאַץ. דערנאָך האָט זי זיך אויפגעהויבן און גענומען ברענגען זיך אין אָרדענונג.

באַלד האָט זיך דערהערט אַ שטילער קלאַפּ. סאָקאָל האָט געעפנט. חבר פּאָל און דאָס שוואַרצע ווייבל זענען אַריינגע־קומען.

— מיר האָבן אָנגעקוקט דעם גאַנצן קאַטעדזש, — האָט זי מיט אַ געמאַכטער פּשוטקייט געזאָגט. — די צימערן זענען וואונדערבאַר, די קיך אַ גרויסע מיט אַן אייז־באָקס. מען וועט דאָ קאָנען אַראַנזשירן פּאַרעס.

— איך קלער, אַז דאָס צימער איז דאָס בעסטע, — האָט באַמערקט סאָקאָל.

סאַשע האָט אַ דריק געטאָן זיין האַנט אין דער פינסטער. זיי האָבן נאָך אַ פּאָר מינוט גערעדט און סאַשע האָט גענומען איילן צוריק אין האָום.

— מיר וועלן געפינען די טירן פאַרמאַכט, — האָט זי גע־זאָגט. — עס איז שפּעט.

זיי האָבן די פרויען באַגלייט אין האָום און סאָקאָל האָט נאָך באַוויזן אָנצוזאָגן דעם מענעדזשער, אַז ער וועט די נאַכט נעכטיקן ביי חבר פּאָל, וואָס איז דערווייל נאָך אַליין אין גרויסן ליידיקן הויז.

סאָקאָל איז געזעסן א האַלב - אויסגעטאָענער בײַ חבר פּאָלן אין צימער, געקוקט, ווי יענער נעמט אַרויס פון אַן אַלטן אָפּגע־ריבענעם טשעמאָדאַן פאַרשיידענע בראָשורן, העפטן, ביכער און צעלייגט זיי אויף א טישל.

— קיין קליידער, האָט דער אָרעמער בחור גאָרנישט, — האָט געטראַכט סאָקאָל. — איין אַנצוגל אויפן דאַרן לייב און א פּאָר ביליקע העמדער מיט צעריסענע אונטערוועש. עך, פאַר־וואָס האָט ער אים נישט געקענט פריער! וואָס פאַר א ווערט האָט פאַר אים געהאַט א הונדערטער אָדער צוויי? סאָקאָל האָט א שמייכל געטאָן. יאָ, יאָ, א קבצן איז א בעל־צדקה.

און סאַשע, וואָס האָט זיך אים ערשט מיט א שעה צוריק אָפּגעגעבן און אַזוי אים געהאַלזט און געקושט, זי ווייס, אַז ער איז געבראָכן און קאָן פון אים נישט דערוואַרטן קיין מאַ־טעריעלע הילף. דערצו איז ער א סך עלטער פון איר. האָט זי זיך אויף אַן אמת פאַרליבט אין אים, אָדער זי איז פּשוט אויסגע־הונגערט נאָך מענערישע לאַסקעס? אָבער אין דעם פאַל האָט זי דאָך געקאָנט אויסקלייבן א' יונגערן פון אים. אין האָטעל זענען פאַראַן עטלעכע געזונטע, יונגע בחורים, וואָס לויפן איר נאָך. דאָס איז מערקווירדיק. ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט! דיזאָזיקע סאַשע איז גאָרנישט ענלעך אויף זינאָטשקען, וועלכע ער פלעגט שטענדיק דאַרפן פאַר אַליץ באַצאָלן מיט קאָסטבאַרע מתנות און קעש.

און וואָס פאַר א טיפּ איז דאָס שוואַרצע ווייבל, וועלכע האָט ליב חבר פּאָלן? ער האָט געזען די פאָטאָגראַפיע פון איר מאַן. א הויכער, שיינער יונג. זי האָט אויך צוויי קינדער און איז שטאָלץ מיט איר מאַן און די קינדער. אָבער צום האַרצן איז איר חבר פּאָל. ביידע האָבן זיי איין אידעאַל, קעמפן צוזאַ־מען, און אָט אַזוי פירן זיך דיזאָזיקע מענטשן, ביי וועלכע א פרוי וועט נישט האַנדלען מיט איר קערפּער.

— יאָ, יאָ, אַזוי איז עס, — האָט ער אַרויסגערעדט צו זיך. סאָקאָל האָט זיך געוואָלט אויפהויבן, אַריינגיין אין צווייטן חדר און זיך לייגן שלאָפן. ער האָט געפילט אַן אָנגענעמע מיד־קייט און שלעפעריקייט. נאָר חבר פּאָל האָט שוין צעלייגט זיינע זאַכן און גענומען רעדן וועגן זיך, אַז אים לעבט זיך די לעצטע

ציִיט זייער שווער, ער גויטיקט זיך אין אַ לאַנגער וואַקאַציע. די דאָקטוירים האָבן אים שוין נישט איינמאָל געגעבן אָנצוהערן, אַז ער ליידט פון אַן אָלסער אין מאָגן. ער וואָלט געוואָלט זיין דאָ אַ גאַנץ יאָר און זיך אינגאַנצן אויסהיילן. דער ווינטער ציִט זיך דאָ זעקס חדשים און איז פּראַכטפול. אַ שנייאיקע, ווייסע, ריינע וועלט און קיין סך מענטשן זעט מען נישט אַרום. ער וואָלט דאָ געשמאַק געשריבן און גערוט. אין שטאָט פּלאָגט ער זיך שטאַרק מאַטעריעל, עסט תמיד אין ביליקע קאַפעטעריעס, ליידט דערנאָך ווייטאָקן אין די געדערים, גייט אַרום אין די נעכט איבער די גאַסן, לייגט זיך שפּעט און שטייט אויף אַן אָפּגעשוואַכטער, אַן אומצופרידענער.

---

חבר פּאָל האָט געשילדערט פאַר סאָקאָלן זיינע קאָלעגן די שרייבער, די רעפּאָרטאַזש - אַרבעט אין דער ציַיטונג און די ליבע, באַגייסטערטע, יונגע קאָמוניסטקעס, מיט וועלכע ער באַ־געגנט זיך אָפט אויף יוניאָן סקווער. ער האָט דערציילט סאָקאָלן, ווי אַזוי ער האָט אין דער פריער יוגנט געשמאַכט אין עטלעכע צאַריסטישע טורמעס אַלס פּאָליטישער אַרעסטאַנט און ווי ער האָט חדשים־לאַנג זיך געשלעפּט מיטן עטאַפּ אַ הונגעריקער און אַ קראַנקער.

סאָקאָל האָט געשלונגען זיינע רייד. חבר פּאָל איז מיט אַמאָל אויסגעוואַקסן אין זיינע אויגן ווי אַן אמתער העלד, וואָס איז גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר זיין אידעאַל.

— אָט דאָס איז אַ לעבן, — האָט ער עטלעכע מאָל איבער־געחזרט. אָט דאָס איז אַ לעבן.

ווען סאָקאָל איז אַריין אין צווייטן צימער זיך לייגן שלאָפן איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. ער האָט געבראַכט אין אָרדענונג דאָס בעט און זיך גענומען אויסטאָן.

פון די האַלב־אָפענע פענסטער האָט אויף אים אַ בלאָז גע־טאָן אַ קיל ווינטל, פאַרטריבן אַביסל די שלעפעריקייט. ער איז צוגעגאַנגען צום שפּיגל, אַ גלעט געטאָן די גרוילעכע שלייפן.

דערנאָך האָט ער פאַרלאָשן דאָס עלעקטרישע ליכט, זיך געלייגט אין בעט און פאַרמאַכט די אויגן. אָבער איינשלאָפן האָט ער נישט געקאָנט. אין קאָפּ האָבן זיך געפּלאָנטערט פאַרשידענע

גערדאנקען. יאָ, עס איז שוין כמעט צוויי וואָכן, ווי ער איז דאָ. פון זיין פרוי און טאָכטער האָט ער באקומען אינגאנצן דריי בריוו. ער וואָלט איצט זיין טאָכטער געקאָנט דערציילן, אַז ער האָט זיך באפריינדעט מיט קאָמוניסטן. זי וואָלט זיך זיכער דערפרייט מיט דעם. אָבער ווי וועט עס אויפנעמען זיין פרוי? אָט א ניי געשעפטל, וואָס זאָל אריינברענגען עטלעכע טויזנט דאָלאר מיט איין מאָל, דאָס איז פאר איר אַן ענין. פון דעם וואָלט זי אָפּגעלעבט. סאָקאָל האָט זיך ווידער דערמאָנט אָן אירע שטענדיקע רייד. אָט דער און יענער איז רייך געוואָרן אין איין נאכט, אויף וואָס ווארט ער? איצט איז די צייט. געלט שטראָמט פון אלע זייטן, עס רעגנט מיט געלט, מען דאַרף נאָר קאָנען כאפן. נאראָנים זעען עס נישט. לויף און שאר צוזא־מען. און ער איז געלאָפן ווי א וואנזיניקער, ווי געיאָגט פון ביטשן, און געבראָכן דעם קאָפּ. אָט איצט דערמאָנט ער זיך, אַז אָפט אין מיטן טומל און האווועניש, פלעגט ער פלוצים בלייבן שטיין א פארלאָרענער און א טראכט טאָן: צו וואָס טוט ער עס אלץ? פאר וועמען? ער איז דאָך שוין פארזיכערט מיט פרנסה פון די הייזער אליין, וואָס ער פארמאָגט. ווי לאנג לעבט א מענטש? אָבער דאָס פלעגט נעמען אינגאנצן א רגע און ווידער שטייט שוין דער בראָוקער פאר אים. עס הויבט אָן גיין שלעכט. ער ווערט דערשראָקן, צעטומלט. ,,וואטס דהי מעטער?״ — פרעגט ער ביים בראָוקער, און יענער ענטפערט אים: ,,לוק עט דהי באורד! עווריטינג גאָאינג טו פיסעס״, און הויבט אים אָן צו דערציילן, ווי די פרייזן האָבן זיך אָנגעהויבן ברעכן, זינקען, גיין־ארונטער...

סאָקאָל האָט זיך איבערגעדרייט אויף דער אנדערער זייט, מיטן פנים צו דער וואנט, גענומען אָטעמען שווערער און אלץ נישט געקאָנט איינשלאָפן. אויף א ווייל האָט זיך אים אויסגעדאכט, אַז ער קריגט אַן אסטמע־אָנפאל.

— עס קומט שוין ווידער, — האָט ער א שעפּטשע גע־טאָן מיט אומעט, איז אראָפּ פון בעט און זיך געזעצט ביים אָפענעם פענסטער. די קילע נאכט־לופט און דאָס ווינטעלע האָבן אים אָפּגעפרישט. ניין, דאָס איז נישט קיין אסטמע. דאָס עגמו שפּארט אים פשוט אונטערן הארצן. און סאשע איז נישט פאר

זיינע כּוחות. זי איז אַ שטיק פייער. זי האָט אים געהאַלטן ווי איינגעקלעמט אין אירע אָרעמס.

סאָקאָל האָט זיך געלייגט צוריק אין בעט און איז איינגעשלאָפן זייער שפּעט. ער האָט אין די עטלעכע שלאָפלאָזע שעהן אַ סך דורכגעטראַכט און דורכגעפילט, זיך דערמאָנט, ווי אַזוי ער איז מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק געקומען קיין אַמעריקע. פון רוסלאַנד איז ער אַנטלאָפן פון סאָלדאַטשינע. אין דעם נייעם לאַנד האָט ער קיינעם נישט געהאַט און אים איז אויסגעקומען שווער צו אַרבעטן אין די פאַרשיידענע שוויים-שעפּער פון יענערצייט. דערנאָך האָט ער חתונה געהאַט, און זיין פרוים אַ ברודער, אַ ריעל עסטייטניק, האָט אים אַריינגענומען אין זיינע ביזנעס. סאָקאָל האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ פעאיקן בילדער און אים איז אַוועק גוט, געבויט הייזער, זיי פאַרקויפט און ווידער געבויט. נייע, הויכע געביידעס זענען אויסגעוואַקסן ווי דורך אַ צויבער. באַלד פלעגן אָנלויפן מענטשן אַהין, טומלען, האַוועון, שמאַיען, ווי מוראַשקעס, און ער פלעגט ווערן אַלץ רייכער און רייכער.

און וואָס איז געווען אין דער פריער יוגנט: ביז צוועלף יאָר איז ער געגאַנגען אין חדר, זיך געלערנט שלעכט. ער האָט פיינט געהאַט דעם רבין, וועלכער פלעגט אים אָפט שמייסן. דערנאָך האָט ער אַרויסגעהאָלפן די עלטערן אין זייער מעל-קראָם. זיין פאָטער, אַ איידעלער מענטש פון דער נאַטור, מיט אַ נייגונג צו אַלץ, וואָס איז פיין און גוט, האָט נאָר געוואָלט, אַז ער זאָל זיך צוגרייטן צו זיין אַן „אַפּטייקערסקי אוטשעניק”. וועט זיין זון כאָטש אויף אַזאַ אופן העלפן קראַנקע, ווייל מאַכן פון אים אַ דאָקטאָר האָט געדאַרפט קאָסטן אַ סך און אָרעם איז מען געווען. אָבער פון פאָטערס חלומות האָט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזט. דעם גימנאַזיסט, וואָס מען האָט אָנגעשטעלט אים צוצוגרייטן אויף פיר קלאַסן גימנאַזיע, האָט מען אין גיכן געדאַרפט אָפּזאָגן. ער האָט נישט געוואָלט לערנען, פלעגט אַרומשפּאַצירן מיט מיידלעך, וועלכע האָבן אים געגליכן פאַר זיין שלאַנקן וווּקס און שיין פּנים. ער האָט געפירט ליבעס מיט עטלעכע אויף אַ מאָל, געלייענט רוסישע ראָמאַנען און איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען אַ פאַרטראַכטער.

ווען ער איז אַלט געווען זעכצן יאָר האָבן אים דאָס ביסל

רעוואָלוציאָנערע ארבעטער און אינטעליגענטן פון זיין שטעטל אריינגענומען אין זייער קרייז. ער איז געגאַנגען אויף זייערע געהיימע פאַרזאַמלונגען אין די וועלדער און קעלערס און גע־זונגען לידער וועגן קאַמף. אָבער דאָס אַלץ איז געווען ביי אים אַ זייטיקע זאַך. געלאָקט און געמאַניעט האָבן אים די יונגע רע־וואָלוציאָנערקעס, וואָס האָבן ווי פאַרבאַהאַלטן תמיד אין זייערע בליקן, אין די פאַלדן פון זייערע קליידער, און אפילו אין די באַוועגונגען שרעקלעכע סודות וועגן אויפשטאַנדן, העלדישקייטן און פון ווייטן קאַלטן סיביר.

ער איז שוין געווען אַ פּריקאַשטשיק אין אַ טוך־געשעפט, געפירט אַ ליבע מיט דעם באַלעבאָס איינציקע טאָכטער און זיך געקליבן מיט איר צו אַנטלויפן. נאָר דאָס מיידל האָט מען פּלו־צים אַרעסטירט פאַר פאַרשפּרייטן פּראָקלאַמאַציעס און ער איז אַוועקגעפאָרן צו זיינעם אַ פעטער אין אַן אַנדער שטעטל און דאָרט זיך פאַרליבט אין אַן אַנדער מיידל. אַזוי איז עס געגאַנגען, ביז ס'האָט זיך אונטערגערוקט דער פּריזיוו און ער איז אַנטלאָפן פון רוסלאַנד.

— אַ לעבן אָן אַ טאָלק, — האָט געטראַכט סאָקאָל, — אָן שכל.

דער קאָטעדזש אויפן בערגל, ווו חבר פאָל מיט נאָך זיבן יונגע לייט האָבן זיך איינגעאָרדנט אין אַ „קאָמונע", איז גע־וואָרן דער צענטער פון דעם קאַמף קעגן מענעדזשער פון האָוב, דער אַדמיניסטראַציע און אַלע רייכע, וואָס געפינען זיך אין די האָטעלן פון בעטלעהעם און דער געגנט און בכלל קעגן די קאַ־פּיטאַליסטן פון דער גאַנצער וועלט. כמעט אַלע אָוונט פלעגן דאָרט פאָרקומען פאַרזאַמלונגען פון די אומצופרידענע מיט די אָרדענונגען פון האָוס. האָט עפּעס פּאַסירט אין אַנשטאַלט, אָט האָט אימיצן זיך פאַרוואָלט נאָך אַ שטיקל פוטער און ער האָט עס נישט געקריגן, דער מענעדזשער האָט זיך צעוווערטלט מיט אַ פּאַציענט, אָדער ווידער די פאַרשאָלטענע פּופּקע־קאָט־לעטן, — וועגן אַלץ פלעגן קומען דעלעגאַציעס צו די באָיעס, וועלכע האָבן גערן אַלעמען אויסגעהערט און געזייט האַס, שנאה און פּראָטעסט.

איינמאָל האָבן די באָיעס פון קאָטעדזש אָפּגעשטעלט דעם

כּליינעם טראָק פון האָום, וואָס האָט צווישן אַנדערע שפּייז־זאַכן אויך געפירט אַ גאַנצן זאַק הינער ־ פּופּקעס און העלזלעך. זיי האָבן דעם זאַק פאַנאַנדערגעבונדן און געוואָלט די פּופּקעס מיט די העלזלעך אַרויסשיטן אין אַ קאַנאַווע, ביים וועג. נאָר דער קריסטלעכער שאָפער און די „רביצין”, וועלכע האָט זיך געפונען אין אויטאָמאָביל, האָבן נישט דערלאָזט. די געשיכטע האָט זיך באַלד צעטראָגן איבער גאַנץ בעטלעהעם און מען האָט ווידער גערעדט, אַז מען דאַרף אַלע קאָמוניסטן אַרויסשיקן פון ניו הימפּשייער סטייט.

אָבער דערביי איז עס געבליבן.

אַלע פון האוום פלעגן ליב האָבן צו קומען אין קאַטעדזש. אייניקע פאַרליבטע פּאָרלעך, וואָס האָבן זיך נישט געמישט אין „פּאָליטיקע” און וועלכע דער מענעדזשער האָט געשטערט זייערע אינטימע באַציאונגען, האָבן איצט פריי זיך געקאָנט טרעפן אין די מאַלינע ־ קוסטעס און אין געדיכטן שאָטן פון הונדערט־יאָריקע בוימער, וואָס זענען געשטאַנען נישט ווייט פון קאָטעדזש.

צווישן אָט דיזאָזיקע פּאָרלעך האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אמתער טריישאַפט שוין נישט קיין יונגע רוסישע נוירס מיט אַ וואונדערשיינעם בחור ־ אַ פאַרמאַציסט, און אַ שטילע, פּשוטע, טראָגעדיקע פרוי מיט אַ געזונטן, הויכן אַרבעטער.

קיינער פון דער קאָמונע האָט קיינעם נישט געשטערט.

אויך צו די באָיעס פלעגן כמעט אַלע טאָג קומען פרויען, כאָטש דער פאַרמער האָט זיך כּלומרשט געכמורעט און אַלץ גע־געבן אָנצוהערן, אַז זיין ווייב קאָן עס נישט פאַרטראָגן. אָבער אַליין פלעגט ער נאָכאַנאַנד זוכן געלעגנהייטן צו קומען אָפטער אין קאָטעדזש און כאַפּן אַ קוק אויף די ניו־יאָרקער מיידלעך, וואָס האָבן אין זיינע אויגן אויסגעזען ווי פאַרביקע שמעטער־לינגען, וועלכע פלאַטערן אין דער לופטן, ציען אַראָמאַטן־זאַפט פון בלומען און זוכן פייער, וו אָפּצוברענען זייערע פליגעלעך.

אויך סאָקאָל און סאַשע האָבן געהאַט זייער ווינקל אין די מאַלינע ־ קוסטעס. כמעט אַלע אָוונט, גלייך נאָך וועטשערע, פלעגן זיי גיין פאַרברענגען מיט די באָיעס פון דער קאָמונע. אָבער מערסטנס פריער, אַז עס האָט נישט גערעגנט, שטיל און פאַרזיכטיק, קיינער זאָל זיי נישט באַמערקן פון די באַלויכטענע

פענסטער פון קאָטעדזש, זיך פאַרקליבן אין זייער געהיימען ווינקל און אויפן שמעקעדיקן, פרישן פון טוי גראָז זיך ארומנעמען און לאַשטשען און די נידעריקע קוסטעס אַרום און די אַלטע בוימער האָבן געהערט מאָדנע ווערטער און איינגעהאַלטענע אויסגעשרייען.

די באַציאונגען צווישן חברטע פּאַשע און סאָקאָלן האָבן זיך איינגעשטעלט גוטע, רואיקע. פּאַשע איז מיט אים געווען שטיל און געהאָרכזאַם. זי האָט כמעט אויפגעהערט צו דיסקוטירן, זיך אויפרעגן אָפּט און איז געוואָרן נאָך שענער. איר פּראַכטפולער קערפּער האָט זיך נאָך מער צעבליט.

סאָקאָל האָט איר איינמאָל איידל געגעבן אָנצוהערן, אַז אים איז גוט מיט איר און ער אַכטעט זי, אָבער ער איז נישט פאַרליבט. פּאַשע האָט אים דערויף געענטפערט, אַז ער איז מסתמא שוין צו אַלט צו פאַרליבן זיך, האָט געהאַט צו טאָן מיט צופיל פרויען אין זיין לעבן.

— אָבער ווער ארן די אַלע זאַכן? — האָט זי צוגעגעבן מיט אַ שמייכל. -- אַלץ וועט דאָך סיי־ווי־סיי אַוועק מיטן הייפּיבער צוזאַמען, מיטן זומער וועט עס אַוועקפליען.

זי האָט עס גוט געוווסט. אַזוי איז געווען פאַראַיאָרן און פריער...

אָפטמאָל פלעגט סאָקאָל צוקומען צום קאָטעדזש אויך בייטאָג, איבערקוקן די קאָמוניסטישע צייטונגען, וואָס חבר פּאָל פלעגט באַקומען. נישט איינמאָל פלעגט אים באַגלייטן דאָס שטילע שניידערל. סאָקאָל האָט נאָך אַלץ ליב געהאַט צו רעדן מיט אים, אויסהערן זיינע באַגייסטערטע רייד וועגן דער גוטסקייט פון פיל מענטשן, וועגן דער גרויסער שטילער פרייד פון לעבן און דער שיינקייט און צויבער פון גאָטס וועלט.

זיי פלעגן זיך זעצן אין ראָקינג טשערס אויף דער וועראַנדע פון קאָטעדזש, אַנטקעגן דער מילדער זון, און וואַרטן מערסטנס, ביז די באָיעס, וועלכע פלעגן עסן וואַרעמעס תמיד שפּעט, וועלן אַרויס פון דיינינג רום, אָפּראַמען דעם טיש און צעוואַשן די דישעס. זיי פלעגן זיך אויך צוזעצן אויף דער וועראַנדע. דערנאָך האָט מען געלייענט די צייטונגען און כמעט שטענדיק האָט אימיצער פאַרפירט אַ דיסקוסיע אויף אַ פּאָליטישער טעמע. חבר

פּאָל פלעגט תּמיד האָבן דאָס לעצטע וואָרט און קלאָר מאַכן דעם ענין. סאָקאָל האָט אַ סך געלערנט פון די געשפּרעכן, זיך באַ־קענט מיט פיל פראַגן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו אַרבע־טער און באַלעבאַטים און זיך דערוווּסט וועגן אַן אַ שיעור גרויסע און שווידערלעכע אומגערעכטיקייטן פון דער אַמעריקאַ־נער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג.

סאָקאָל איז אַלץ מער געקומען צו דער איבערצייגונג, דאָס די אַלע, וואָס דענקען אַזוי, ווי חבר פּאָל, און האָסן די איצטיקע וועלט, זענען גערעכט, טויזנט מאָל גערעכט.

— יאָ, — פלעגט ער אין מיטן די רייד צושאָקלען מיטן קאָפּ. — דאָס איז אמת. מ'דאַרף אָנפירן אַן אומרחמנותדיקן קאַמף קעגן די קאַפּיטאַליסטן. איך פאַרשטיי עס.

אָבער אין דערזעלבער צייט האָט אים נאָכאַנאַנד געצויגן קיין בעטלעהעם, צו די גרויסע האָטעלן, ווו ס'האָבן זיך איצט געפונען אַ סך פון זיינע פריערדיקע פריינט, וועלכע וואָלטן אים זיכער געגעבן אַ גוט טאָאים און נישט געקאַרגט אויף אים, כאָטש זיי ווייסן, אַז ער איז אין נויט. ער דאַרף נאָר זיך באַווייזן. דאָרטן איז אין די אָוונטן ליכטיק, פרייליך. עס קומען פּאָר קאָנ־צערטן און טענץ. עס טרעטן־אויף פאַרשיידענע אַקטיאָרן, זינגער, מוזיקער, און טעג לויפן פאַרביי, טעג אין פאַרגעניגן, און מען פאַרגעסט אָז דעם היי־פיבער.

אים האָט אויך שטאַרק געצויגן זען שרהלען. זי האָט זיך אים אַפילו צוויי מאָל געחלומט. איין מאָל איז זי געשטאַנען פאַרשטעלט מיט די הענט דאָס פּנים איבער צוויי אַלטע לייכטער, אין וועלכע עס האָבן געברענט ליכט מיט בלאַסע בלוילעכע פלע־מעלעך. דאָס איז געווען אין אַ האַלב־פינסטערן חדר, פול מיט פאַנטאַסטישע שאָטנס. דאָס צווייטע מאָל איז ער מיט איר געשווומען איבער שטורעמדיקע וואַסערן, אויף אַ גרויס שטיק ערד, וואָס האָט זיך פון ערגעץ אָפּגעריסן. ביידע מאָל האָט ער זיך גלייך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און צופרידן געשמייכלט...

---

עס איז שוין געווען אָנהויב סעפּטעמבער. די האָום איז געווען איבערגעפּאַקט מיט פּאַציענטן. כמעט אין אַלע צימערן

האָט מען געמוזט צושטעלן עקסטרא „קאָטץ״. אויך אין סאָקאָלס חדר האָבן זיך אַריינגעקליבן צוויי טשיקאַווע יידן.

דער ערשטער, אַ קליינינקער, מיט שטענדיק - פאַרטרערטע נאָר שפּיציקע, ברוינע אויגעלעך און דינע, בלייכע ליפּן, איז געווען אַ קאַמאַשן - שטעפּער. געדעדט האָט ער שטיל, איינגעשעמט און פלעגט קאָנען רואיק דערגיין די יאָרן זיינעם אַ קענער. מען האָט אים גערופן חבר באַצקלסאָן און ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ קאָמוניסט.

דער צווייטער, מיסטער רובאַנאָוו, איז אויך געווען פון קליינעם וווקס און אַ דאַרער, אָבער אויגן האָט ער פאַרמאָגט קלאָרע, שוואַרצע, און האָט זייער ליב געהאַט גוט אָפּצועסן און זיך פילן באַקוועם.

דאָס איז געווען אַלץ, וואָס אים איז פאַרבליבן פון די אַמאָליקע גוטע יאָרן, ווען ער איז נאָך געווען אַ באַקאַנטער אַנטיקן-הענדלער, האָט אַ סך פאַרדינט און פלעגט אַרומפאָרן איבער דער וועלט. דאַן פלעגט ער אַלע יאָר מיט זיין פאַמיליע פאָרן קיין פראַנקרייך און זיך פאַרברענגען דעם הויי-פּיבער-סעזאָן אין ניצע. נאָר פון צייט צו צייט פלעגט ער צופאָרן אין פּאַריז מאַכן געשעפטן. ער האָט שוין געהאַט זיינע אַגענטן, וואָס פלעגן אים ברענגען צו אָרעמע, אָפּגעלעבטע גראַפן, אַלטע אַקטיאָרן און אַקטריסעס און סתם מענטשן, וואָס האָבן פאַרמאָגט אַנטיקן, זענען פאַראָרעמט געוואָרן און געווען געצוווּנגען זיי צו פאַרקויפן.

דער ערשטער ברוגז פון די צוויי טשיקאַווע יידן איז פאָרגעקומען דעמזעלבן טאָג, ווי זיי האָבן זיך נאָר באַקענט. סאָקאָל האָט גערוט אין זיין בעט און זיך צוגעהערט. אַנגעהויבן האָט מען גאַנץ געמיטלעך, אַפילו פריינטלעך. זיך דערציילט איינער דעם צווייטן, וואָס מען טוט. חבר באַצקלסאָן האָט גערעדט וועגן זיין שאַפּ, ווו ער אַרבעט, און מיסטער רובאַנאָוו האָט זיך באַרימט און געשילדערט, ווי אַזוי ער פלעגט אָפּקויפן ביי אַלטע פראַנצויזישע פּרויען וווּנדערבאַרע אַנטיקן כּמעט פאַר גאָרנישט. ער איז אַ זעלטענער מבין אויף קונסט-זאַכן און איבערגעגעבן אַ געשיכטע, ווי אַזוי ער האָט ביי אַ צווייטן אַנטיקן - הענדלער אָפּ-

געקויפט גאָר אַן אַלטן זייגער און ביי דעם געשעפטל פאַרדינט אין אַ שעה צייט צען טויזנט פראַנק.

— דאָס איז שווינדל, — האָט אַ שפּרונג געטאָן פון זיין בעט חבר באַצקלסאָן.

אָבער מיסטער רובאַנאָוו האָט געלאַכט.

— אַ יאָלד אַ ייד.

דערנאָך האָט מען גערעדט וועגן דער יידישער לאַגע אין סאָוויעט־רוסלאַנד. חבר באַצקלסאָן האָט זיך אויסגעדריקט, אַז אים אַרט נישט, וואָס אַלע דעקלאַסירטע וועלן אויסשטאַרבן פון הונגער. מיסטער רובאַנאָוו האָט עס אָנגענומען פאַר אַ פּערזענלעכע באַליידיקונג. וואָס הייסט: „זיינע אייגענע זאָלן פון הונגער אויסשטאַרבן"? אָבער חבר באַצקלסאָן האָט אים גענומען „דעקן", אַז ער איז אַ קאָנטררעוואָלוציאָנער און אַ שונא פון פּראָלעטאַריאַט. מיסטער רובאַנאָוו האָט זיך אָנגעצונדן און אים אַ שליידער געטאָן צוריק:

— און איר זענט אַ מערדער! אַ רוצח! אַ גזלן! דאָס ווילט איר, אַז אומבאַהאָלפענע זקנים זאָלן אויסשטאַרבן פון הונגער און קעלט. וואָס זיצט איר דאָ אין די „ווייט מאָונטענס"? פאָרט אין סאָוויעט־רוסלאַנד הונגערן. דאָרט איז נישטאָ קיין היי־פיבער. האָסט געהערט אַ חוצפה פון אַ יידן!

זיי האָבן אויפגעהערט צו רעדן. אָבער לאַנג האָט זייער ברוגז נישט אָנגעהאַלטן. מען האָט זיך געפונען אין איין צימער און עפּעס האָט זיי פאָרט געצווינגען איינעם צום צווייטן. דערצו פלעגט סאָקאָל שטענדיק העלפן מאַכן שלום. ער האָט געהאַט אַ סך שפּאַס מיט זיי. אָבער אויף מאָרגן פלעגט זיך איבערחזרן דאָס זעלביקע.

אַט איז געקומען אַ יונגערמאַן פון בעטלעהעם פאַרקויפן מיקעטס צו אַ שמחהלע, וואָס אַ גרופּע אַרבעטער האָט זיך געקליבן צו אָרגאַניזירן לטובת די שטרייקנדיקע קוילן - גרעבער. חבר באַצקלסאָן האָט זייער געלויבט די אונטערנעמונג, אַרויסגענומען פון בוזעם־קעשענע עפּעס אַ קבלה, אַז ער האָט שוין געגעבן פאַר די „מיינערס" און אָפּגעשיקט דעם יונגנמאַן צו מיסטער רובאַנאָוו, וועלכער איז געזעסן אין אַ „ראָקינג טשער" אויף דער

ווערבאַנדע און זיך געוואָרעמט אַקעגן דער זון. אדרבא, ער וויל הערן, וואָס דער קאַפּיטאַליסט וועט זאָגן.

— פאַר וועמען, זאָגט איר, גייט עס? — האָט מיסטער רובאַנאָוו געפרעגט.

— פאַר די „מיינערס".

— אַזוי, פאַר די „מיינערס"? נו, און אַלע אָרעמע יידישע הייפּיבערניקעס האָט איר שוין פאַרזאָרגט? אָט האָב איך נעכטן געזען אין בעטלעהעם אַ קראַנקע פרוי, וואָס ליידט פון אַסטמע, מיט צוויי פּיצלעך קינדער און זי האָט נישט קיין פּעני ביי דער נשמה. פאַרוואָס קלייבט איר נישט פאַר איר?

דער יונגערמאַן האָט זיך אַביסל פאַרלאָרן.

— דאָס איז נישט קיין נדבה. די „מיינערס" בעטן נישט קיין טשאַריטי. זיי בעטן, איר זאָלט זיי באַצאָלן, וואָס עס קומט זיי. זיי גראָבן קוילן אין די טיפענישן פון דער ערד און לעבן אין שרעקלעכע אומשטענדן, אַז איך זאָל זיין ווינטער וואַרעם און באַקוועם. אָן קוילן וואָלט איר פאַרפרוירן געוואָרן.

— וואַרט, וואַרט! — האָט אים איבערגעשלאָגן מיסטער רובאַנאָוו. — וואָס הייסט, איך קום די „מיינערס" אַ חוב? איך צאָל קעש פאַר מיינע קוילן און קיינער טוט מיר קיין טובות נישט. דו רעדסט ווי אַ יינגל.

דאָ האָט חבר כאַצקלסאָן, וועלכער איז געשטאַנען אָן אַ זייט און זיך צוגעהערט, נישט אויסגעהאַלטן.

— אהאַ! איצט זעט איר שוין, — האָט ער אַ געשריי גע־טאָן, — אַז ער איז אַ קאָנטררעוואָלוציאָנער. איר האָט געהערט אַן ענטפער פון אַ בורזשוי: איך צאָל קעש פאַר מיינע קוילן.

— וואָס דען, מען גיט מיר אומזיסט! — האָט זיך אויפ־געהויבן מיסטער רובאַנאָוו און עס איז אַוועק אַ הייסע דיס־קוסיע, אין וועלכער אַ צען פּאַציענטן האָבן גענומען אַן אָנטייל.

נאָך דערדאָזיקער דיסקוסיע האָבןביידע קעגנער נישט גע־רעדט גאַנצע צוויי טעג און פלעגן אויסגיסן זייערע הערצער פאַר סאָקאָלן. חבר כאַצקלסאָן האָט געזידלט מיסטער רובאַנאָוון מיט די לעצטע ווערטער און עטלעכע מאָל צוגעגעבן, אַז אים פאַר־דריסט באמת, וואָס אין די „ווייט מאַונטענס" געפינט זיך נישט אַ געפּעאו. אָך און ווי וואָלט דאָן געווען צו דעם אַלטן שמאַ־

טע־הענדלער. און פאַרקערט, מיסטער רובאַנאָוו האָט, דאַכט זיך, מיטן גאַנצן האַרצן געהאַסט חבר כאַצקלסאָנען און זיך אויסגע־דריקט וועגן אים: אַ שונא ישראל, אַן אַנטיסעמיט, ער קאָן אים נישט אָנקוקן. האָסטו געהערט? אַ ייד זאָל נאָר רעדן וועגן בלוט און רעוואָלוציעס.

אָבער די צוויי שונאים האָבן דאָך נישט געקאָנט לעבן איי־נער אָן דעם צווייטן. אין די טעג, וואָס זיי האָבן נישט גערעדט, האָט סאָקאָל באַמערקט, אַז ביידע גייען אַרום דערשלאָגענע, פאַרכמורעטע און געפינען זיך נישט קיין פּלאַץ פון אומעט און לאַנגווייליקייט. עס איז נישטאָ וואָס צו טאָן, אַ חוץ צו ניסן אפשר, און מען דרייט זיך אַלץ אַרום איבער דער גרויסער וועראַנדע פון דער נייער געביידע און אַלע מינוט באַגעגנט מען זיך.

דאָך, ווען די אַסטמע ־ ,,אַטאַקעס" פלעגן ביידע אָנכאַפּן, פלעגט חבר כאַצקלסאָן אַרויסנעמען פון קעשענע זיינע רויטע פילן און פאַרשלאָגן מיסטער רובאַנאָוון:

— נאַט, נעמט אַ פיל. עס פעלט מיר לופט צו אָטעמען. אַמאָל העלפט עס מיר. אפשר וועט אייך אויך העלפן. דאָס קו־מענדיקע יאָר פאָר איך זיכער קיין רוסלאַנד. דאָרט איז נישטאָ קיין היי־פיבער און אַסטמע.

מיסטער רובאַנאָוו פלעגט נעמען דעם פיל, דאַנקען און אויסדריקן אַ ווונש, אַז איצט וואָלט גוט געווען אַ גלעזל טיי מיט לימענע, איז מען אָבער אין האָום און גיי בעט זיך אין דער צייט ביי דער קעכין, זי זאָל דיר אונטערטראָגן געקאָכט וואַסער. שווער, זייער שווער צו זיין אַן אָרעמאַן.

— דאָס טענה איך דאָך מיט אייך, — פלעגט שטיל קרעכצן כאַצקלסאָן.

---

אין דער פרי איז אָנגעלאָפן אַ ווינט. געבראַכט מיט זיך אַ סך שטויב פון בלומען און פלאַנצונגען, וואָס זענען שעדלעך פאַר די היי ־ פיבערניקעס, וואָס האָבן זיך מיט אַמאָל דערפילט קראַנק, נערוועז און צערייצט. כמעט אַלע אין בעטלעהעם און אין האָום האָבן געהאַלטן אין איין ניסן, געריבן פון בייסעניש די אָנגעצונדענע אויגן, און זיך געקלאָגט, אַז די ,,ווייט מאָונטענס"

זענען שוין אויסגעשפּילט און אַז בעסער איז צו פֿאָרן קיין אויס־לאַנד, נאָווע סקאָשיע, אָדער לײַדן אין דער היים.

פֿון האָוס האָט מען א פּרוי און צוויי מענער צוגענומען אין שפּיטאָל. אַן אַלטער, איינגעהויקערטער דאָקטאָר, אַליין אַ היי־פֿיבערניק, האָט זיך אומזיסט אַרומגעשלעפּט איבער די צימערן און געגעבן איינשפּריצונגען די אַסטמע ־ קראַנקע. דערבײַ האָט דער דאָקטאָר זיך געוויצלט, אַז אין קומענדיקן סעזאָן וועט זײַן נאָך ערגער און אים וועלן שוין דאַן אַפֿילו קיין נידלס אויך נישט העלפֿן.

דאָס צימער, ווו סאָקאָל האָט זיך געפֿונען, האָט אויסגעזען ווי אַ קליינע שפּיטאָל ־ פּאַלאַטע. אַלע דריי זענען געלעגן אין די בעטן און שווער געאָטעמט. ערגער פֿון אַלע פּאַציענטן האָט זיך געפֿילט חבר באַציקלסאָן. זײַן אויסגעדאַרטער און אויסגעאַרבע־טער קערפּער האָט שווער איבערגעטראָגן די אָנפֿאַלן. אויך מיס־טער רובאַנאָוו האָט געליטן שטאַרק און געשאָלטן זײַנע ביטערע אומשטענדן, וואָס ער קאָן איצט נישט זײַן אין פֿראַנקרײַך און ניצע.

אָבער צו מיטאָג־צו האָט זיך דער ווינט איינגעשטילט. דער שטויב פֿון די בלומען און פּלאַנצונגען איז געפֿאַלן צו דער ערד. די היי ־ פֿיבערניקעס האָבן פֿרײַ אָפּגעאָטעמט, אויפֿגעהערט צו ניסן און גענומען קוקן קלאָרער אין גאָטס וועלט. סאָקאָל איז אויפֿגעשטאַנען פֿון בעט, זיך שטיל אָנגעטאָן, אום נישט אויפֿצו־וועקן די צוויי פּאָליטישע קעגנער, וועלכע האָבן באַקומען איינ־שפּריצונגען און זענען שווער געשלאָפֿן, און איז אַרויס פֿון צי־מער. ער האָט באַשלאָסן שפּעטער צו גיין קיין בעטלעהעם, באַ־זוכן שרהלען און, אויב מעגלעך, מיט איר פֿאַרברענגען דעם אָוונט.

פֿאַר דער לעצטע צײַט האָט ער זי געזען צוויי מאָל. א נאָכ מיטאָג האָט ער זי געטראָפֿן אין פּאָסט ־ אָפֿיס. זי איז געשטאַנען און גערעדט מיט איר מאַן, וועלכער האָט געהאַלטן זייער יינגע־לע אויף די הענט. סאָקאָל האָט זי באַגריסט פֿון דערווײַטנס. שרהלע האָט זיך ליכטיק צעשמייכלט און אים א רוף געטאָן מיטן נאָמען.

ער איז צוגעגאַנגען צו זיי, דערלאַנגט די האַנט איר מאַן און

דערנאָך אַ ריר געטאָן דאָס בעקעלע פון קינד און לאַכנדיק גע־פרעגט:

— קאַרפּוזיק, האָסט מיך נאָך אַלץ פיינט?

— כ׳האָב דיך ליב, — האָט אויסגעשעפּטן דאָס קינד.

שרהלע האָט זיך צעלאַכט און דערציילט איר מאַן, ווי אַזוי זייער יינגעלע האָט ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט סאָקאָלן אויסגעשריגן, אַז ער האָט אים פיינט און דערנאָך זענען זיי גלייך געוואָרן גוטע פריינט. זי האָט געבעטן סאָקאָלן צו קומען צו זייער קאַטעדזש, ווייל אויך מיסעס שטיינמאַן וויל אים זען. עס איז ביי זיי איצט זייער פריילעך. כמעט אַלע אָוונט קומט פאַר אַ שטיקל שמחהלע און מען טאַנצט און מען פאַרברענגט ביז שפּעט אין אָוונט. ביי זיי האָבן זיך באַזעצט אינטערעסאַנטע מענטשן. איינער אַ שרייבער, דער צווייטער אַן אַקטיאָר מיט זיין פרוי און אַ זינגערין האָבן זיי אויך.

סאָקאָל האָט באַדאַנקט און צוגעזאָגט צו קומען. מען האָט גענומען אַרויסגעבן די פּאָסט. שרהלע האָט זיך געשטעלט אין ריי ביים פענסטערל. סאָקאָל האָט גערעדט מיט איר מאַן, זיך צוגעקוקט צו אים און געטראַכט, אַז זיין פּנים צייכנט זיך מיט גאָרנישט נישט אויס, נאָר ער מוז זיין אַ ווילער מענטש און אַ גוטמוטיקער. דערנאָך איז סאָקאָל אַרויס און אויפן שוועל נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן אויף שרהלען.

— וואָס טוט זיך מיט מיר? — האָט ער אַ טראַכט געטאָן און זיך אַרומגעדרייט אַ ווילע אין דרויסן, ביי די טרעפּ פון פּאָסט - אָפיס.

דערווייל איז אָנגעקומען דער קליינער טראָק פון האָום, אים אַ רוף געטאָן פאָרן צוריק, נאָר סאָקאָל איז פאַרבליבן אין בעט־לעהעם. ער איז צוגעגאַנגען צום פענסטער פון פּאָסט - אָפיס און אַריינגעקוקט. שרהלע איז געשטאַנען פאַרטיפט אין שרייבן און אים נישט באַמערקט.

— וואָס טוט זיך מיט מיר? —האָט ער ווידער אַ טראַכט געטאָן.

מיט וואָס האָט זי אים אַזוי פאַרצויבערט? איז דאָס איר יוגנט און די ליכטיקייט, וואָס שטראַלט פון איר גאַנצן וועזן? אָט איז סאָשע אויך יונג און שיין און איז אים איבערגעגעבן

און דאָך ציטערט נישט זיין האַרץ פון שטילער פרייד ביי זייערע באַגעגענישן. ער באַפרידיקט זיין לײדנשאַפט מיט איר, אָבער דערנאָך איז אים במעט שטענדיק אומעטיק און פוסט אויפן האַרצן.

סאָקאָל איז אַוועק פון פּאָסט - אָפיס און אַ גאַנצן נאָכ־מיטאָג פאַרבראַכט אין אַ האָטעל מיט אַלטע פריינט, וואָס ער האָט צופעליק געטראָפן אויף מעין סטריט און וועלכע האָבן אים אַוועקגעפירט צו זיך. ער האָט מיט זיי געגעסן וועטשערע און זיך באַפרייט ערשט אַ זייגער אַכט. סאָקאָל איז אַוועק צו מיסעס שטיינמאַנס קאָטעדזש און אָנגעקלאַפּט אין שרהלעס טיר.

איר מאַן האָט געלייגט שלאָפן דאָס קינד און אים געבעטן זיצן.

— מיין פרוי קומט באַלד אַריין, — האָט ער געזאָגט פריינטלעך.

סאָקאָל האָט זיך דערפילט אומבאַקוועם, כאָטש מען האָט אים איינגעלאַדן.

מיסטער וויסבערג האָט אים ווידער געבעטן זיצן.

נאָר סאָקאָל האָט געזאָגט, אַז ער וועט אַריינקומען אַן אַנ־דערש מאָל, ער מוז שפּאַנען ווייטער, ער האָט נאָך צו מאַכן גו־טע דריי מייל.

נאָר ווען ער איז שוין געווען אין דרויסן, האָט אים שרהלע אַ רוף געטאָן און געבעטן זיך אומקערן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר. אַ באַגאָסענע פון לבנה - שיין, האָט זי זיך אַראָפּ־געבויגן אין האַלב - אָפענעם פענסטער.

— מיסטער סאָקאָל, וואָס איילט איר אַזוי?

ער האָט איר באַדאַנקט און געזאָגט, אַז ער וועט אַריינקומען נאָכאַמאָל די טעג. איצט וועט ער איר נישט שטערן. עס איז שוין אַ ביסל צו שפּעט.

— אַ גוטע נאַכט, מיסעס וויסבערג. גיט אַ קוש אייער יינגעלע.

— פאַרגעסט נישט צו קומען! — האָט זי צוויי מאָל ווי־דערהאָלט. — אַ גוטע נאַכט.

ער האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט און זיך אומגעקוקט. זי איז

נאָך אַלץ געשטאַנען איינגעבויגן ביים פענסטער, אַ באַגאָסענע
פון לבנה - ליכט.

10

צו מיטאָג איז סאַשע נישט געקומען. סאָקאָל האָט זיך דער־
ווּוסט, אַז יענע האָט געהאַט אַן אָנפאַל פון היי - פיבער און
ליגט.

— גייט אַרויף צו איר, — האָט געזאָגט דאָס שוואַרצע
ווייבל, — עפּעס האָט זי געקריגן שלעכטע נייעס פון דער היים
און איז צערודערט.

סאָקאָל האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אַז ער וועט אַרויפקו־
מען. נאָר אין דער אמתן האָט ער זיך דערפילט אומבאַקוועם.
אין האָום רעדט מען שוין וועגן אים און חברטע סאַשע. די ווײַ־
בער טרייבן פּלאָטקעס, אַז ער האָט פאַרלאָזן זיין פרוי און וועט
נאָכן היי - פיבער - סעזאָן אַנטלויפן מיט דערדאָזיקער קאָמו־
ניסטקע, וואָס האָט שוין איין מאָל משוגע געמאַכט און איצט האָט
זי זיך אָנגעזעצט אויף אַ צווייטן.

פון אָנפאַנג האָט סאָקאָל געלאַכט פון די רכילות. זאָלן
ווייבער קוואַקען! אָבער דערנאָך האָט עס אים גענומען אויפרעגן.
עס קאָן נאָך דערגיין צו זיין אַזוי אויך קרענקלעכער פרוי און זי
וועט קומען צו לויפן אַהער. מער פעלט אים נישט. גוד באַי צו
אַלץ, צו אַלע חלומות זיינע וועגן אַ נייעם לעבן! זיין פרוי וועט
שוין געפינען אַ וועג אַלץ צו צעשטערן.

סאָקאָל האָט געגעבן סאַשען אָנצוהערן, אַז אין האָום, פאַר
אַלעמען אין די אויגן, וועלן זיי מוזן זיך האַלטן פון דערווייטנס,
פאַרדעקן, נישט אַרויסווייזן זייער אינטימע פריינטשאַפט. סאַשע
האָט זיך אָנגעצונדן, דערפילט זיך באַליידיקט און נישט געוואָלט
פאַרשטיין זיינע מאָטיוון.

— הייסט עס, אַז איר שעמט זיך מיט מיר, — האָט זי גע־
זאָגט ביטער און גלייך צוגעגעבן: — נו, אודאי, איך בין אַ
פּראָסטע אַרבעטערין און אַזאַ בורזשוי פאַסט נישט צו האָבן צו
טאָן מיט מיר.

— סאַשע, — האָט איר איבערגעשלאָגן סאָקאָל, — רעדט

נישט קיין נאַרישקייטן, דאָ האַנדלט זיך נישט נאָר וועגן מיר אַליין.

עטלעכע טעג נאָך דעם קורצן געשפּרעך האָט ער זיך געפילט שלעכט און שולדיק קעגן סאַשען. זי איז טאַקע גערעכט. אים איז אַביסל נישט באַקוועם מיט איר פּאָר מענטשן. ער, דער פּוס־טער הוליאַק און גאַרנישט, וואָס האָט יאָרן און יאָרן געלעבט אויף פּרעמדער פּראַצע, געשווינדלט און עקספּלואַטירט, שעמט זיך מיט דער אינטימער פריינטשאַפט צו אים פון אַן אַר־בעטער־פרוי, וועלכע ער נוצט אַזוי אויס, ווען קיינער זעט נישט. יאָ, ער מוז נאָך אַ סך דורכמאַכן צו ווערן באמת אַ פרייער און ערלעכער מענטש, וואָס קאָן קוקן אַלעמען גלייך אין די אויגן.

פּאָר דער צייט איז צווישן סאָקאָלן און חברטע סאַשע פאָר־געקומען אַ שטילער ברוגז. זיי האָבן נישט גערעדט ביים עסן. דאָס שוואַרצע ווייבל האָט אים אַפילו עטלעכע מאָל בלומרשט גוטמוטיק אַריינגעקיבעצט, אַז ער וועט זיך נאָך דאַרפן טובלען און טובלען אַראָפּצושווענקען פון זיך די אַלע אָפּגעלעבטע און פאַרפוילטע בורזשואַזע באַגריפן וועגן ליבע און אַנדערע וויכטי־קע פראַגן.

סאָקאָל האָט געשוויגן.

נאָר איינמאָל, נאָך וועטשערע, האָט דאָס שוואַרצע ווייבל גע־זאָגט צו סאַשען, אַז חבר פאָל האָט אַלעמען איינגעלאַדן היינט אָוונט אויף אַ גלאָז טיי מיט קייק. זיין לענגערע דערציילונג האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו דרוקן און ער מאַכט אַ שמחהלע.

סאָקאָל האָט שוין פון דעם געוווּסט. ער האָט נאָך ביי טאָג געזען חבר פאָלן און אַפילו איבערגעלייענט די ערשטע פּאָר פאַרזעצונגען פון דער דערציילונג, וואָס האָט געשילדערט דאָס לעבן פון אַן אָרעם יינגל אין דער אַלטער היים. געלייענט האָט סאָקאָל אין דער הויך און דאָס שטילע שניידערל, וואָס איז געזעסן מיט אים אויף דער וועראַנדע פון קאַטעדזש, האָט זיך צוגעהערט און פאַרטראַכט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף דעם וואונדער, וואָס חבר פאָל האָט געקאָנט אַזוי אמתדיק איבערגעבן די געפילן פון דעם אָרעמען יינגל. אָט ממש וועגן זיינע קינדער־יאָרן דערציילט מען עס.

סאָקאָל האָט נאָך פאַרבראַכט אין עס־צימער. ער האָט

זיך צוגעהערט צו א פּאָר לידלעך פון דעם געוועזענעם קופּלעטיסט, אויסגעהערט א מעשה וועגן א גט פון א פעטן טשיקאַוון אַר־בעטסלאָזן קלעזמער, וואָס האָט זיך באַקלאָגט, אַז אַ פרוי האָט אים אומגליקלעך געמאַכט און דערביי געשאָלטן מיט טויטע קללות זיין „יוניע", וואָס גיט אים נישט קיין דזשאָב. ער האָט אויך גערעדט אַביסל מיט דער קעכין, איז דערנאָך אַרויס פון האָוס און זיך געלאָזט גיין צו דער „קאָמונע" אויפן בערגל.

סאָקאָל האָט געוווסט, אַז ביי חבר פאָלן וועט אויך זיין חברטע סאַשע און זיך געגרייט צו פאַרגלעטן דעם ברוגז. ער וועט זיך סטאַרען זי צו פאַרנאַרן אין די מאַלינע - קוסטעס און דאָרט וועט אַלץ פאַרגעסן ווערן... מיט אַ גוט וואָרט און אַ לאַסקע קאָן מען, דאַכט זיך, איינשטילן איר כעס, וואָס צינדט זיך לייכט אָן און ווערט אויף גיך פאַרלאָשן.

סאָקאָל איז פּלוצים אָפּגעגאַנגען אָן אַ זייט. אַן אויטאָמאָ־ביל האָט אַ פייף געטאָן, איז אָנגעלאָפן און באַלויכטן דעם וועג. אויף אַ מינוט האָט סאָקאָל דערזען צוויי פרויען - פיגורן און דערקענט סאַשען מיטן שוואַרצן ווייבל. ער האָט זיי שטיל דער־יאָגט. אין אים האָט זיך דערוועקט דער פריערדיקער הוליאַקע, וואָס האָט שטענדיק ליב געהאַט אַ שטיף צו טאָן מיט פרויען. ער האָט זיך אומבאַמערקט אונטערגעגנבעט צו זיי און מיט אַמאָל פעסט ביידע אַרומגעכאַפּט ביי די אַקסלען. סאַשע האָט אַ קוויטש געטאָן, אָבער ווען זי האָט דערזען סאָקאָלן האָט זי זיך באַלד באַרואיקט און אויף אים כלומרשט אָנגעשריגן, אַז דאָס איז נישט קיין חכמה, פון שרעק איז איר דאָס האַרץ איינגעפאַלן.

— אָרעם מיידעלע, — האָט איר סאָקאָל אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ און ביידע פרויען גענומען אונטערן אָרעם.

סאַשע האָט זיך צוגעטוליעט צו אים...

דערנאָך איז דאָס שוואַרצע ווייבל אַריין אַליין אין קאַטעדזש און סאָקאָל מיט סאַשען זענען אַוועק אויף אַ קליינעם שפּאַציר. צו דעם שמחהלע איז נאָך געווען אַ גוטע שעה. סאָקאָל האָט גע־טראַכט, אַז אים וועט אפשר געלונגען זיך אַריינצוכאַפּן מיט סאַ־שען אין זייער געהיימען ווינקל אין די מאַלינע - קוסטעס.

שוין מער ווי אַ וואָך, אַז ער איז דאָרט נישט געווען מיט איר.

האָט ער פאַרקערעוועט פון וועג און געוואָלט גיין מיטן פעלד.

— וווהין? — האָט געפרעגט סאשע און זיך אָפּגעשטעלט.

— קום, — האָט זי סאָקאָל אַרומגענומען און צוגעצויגן צו זיך. — קום, סאשע!

— איך וועל נישט גיין אַהין, — האָט זי אַנטשלאָסן אַרויסגערעדט און אים לייכט אָפּגעשטויסן פון זיך.

ער האָט זיך אַביסל פאַרלאָרן. אים האָט איבערראַשט איר פעסטער טאָן.

— סאשע, וואָס איז מיט דיר? — האָט ער שטיל געפרעגט.

— דו ביזט נאָך אַלץ ברוגז? דו ווייסט דאָך, אַז עס איז בעסער פאַרביידע, מיר זאָלן אויסמיידן פלאָטקעס.

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— איר דאַרפט אָבער זיך נישט שעמען מיט מיר. איך פיל עס...

סאָקאָל האָט נישט געוווסט, וואָס צו ענטפערן.

— נו, סאשע, — האָט ער געזאָגט און ווידער זי לייכט אַרומגענומען.

זיי האָבן שווייגנדיק געמאַכט עטלעכע טריט.

— וואָס טוט איר אַזוי אָפּט אין בעטלעהעם? — האָט פּלוצים אַ פרעג געטאָן סאשע.

— איך האָב דאָרט אַ סך באַקאַנטע, — האָט געענטפערט סאָקאָל.

— טאַקע אַזוי. אפשר ציט אייך צו אייערע אַמאָליקע פריינדינס?

סאשע האָט דערמאָנט זינאָטשקען און געזאָגט:

— איר פירט צוויי ליבעס מיטאַמאָל.

— מיר זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

— מען קען אייך, מען קען אייך, — האָט סאשע זיך שטיל צעלאַכט. — אַן אַלטער בעל עבירהניק.

סאָקאָל האָט זיך אויך צעלאַכט. איז אָבער באַלד געוואָרן ערנסט און געזאָגט:

— סאשע, איר זענט די איינציקע ביי מיר.

אימיצער האָט זיך באַוויזן אויף דער סטעזשקע, וואָס פירט צום קאַטעדזש.

זיי זענען אַנטשוויגן געוואָרן, געגאַנגען ווייטער און זיך אָפּגעשטעלט ביי אַן אַלטן בוים.

— מען וועט וואַרטן אויף אונז, — האָט באַמערקט סאַשע. — קומט. איר זאָגט דאָך אַליין, אַז עס איז נישט באַקוועם פאַר אונז צו זיין צוזאַמען.

סאָקאָל האָט זי פּלוצים האַסטיק אַרומגעכאַפּט און געוואָלט צוציען צו זיך, אָבער סאַשע האָט זיך פלינק אַרויסגעריסן פון זיינע אָרעמס.

— איר זענט גאָר אַ ווילדער, — האָט זי געזאָגט.

ער האָט שווער געאָטעמט.

— סאַשע, וואָס איז מיט דיר היינט? — האָט ער געפרעגט.

— נו, באַרואיקט זיך, — האָט זי געזאָגט, אים אַרומגענו־מען און געגעבן אַ קוש. — באַרואיקט זיך...

דערנאָך זענען זיי אַ ווײַלע געזעסן אונטערן בוים אויף די געדיכטע, סטאַרטשנדיקע וואָרצלען. סאַשע האָט ווידער גערעדט וועגן איר יינגסטן מיידעלע, וואָס מען דאַרף ברענגען צו איר און אַז זי וואָלט זייער געוואָלט קריגן אַרבעט אין אַ האָטעל, כאָטש עס איז שוין באַלד פאַרביי אַ האַלבער סעזאָן. זי מוז פאַרדינען אַביסל געלט. איר וועט מען מיט אַ קינד מסתמא נישט וועלן האַלטן.

סאָקאָל האָט געזאָגט, אַז ער וועט רעדן מיטן פּרעזידענט פון האָום וועגן דעם און דער אַנשטאַלט וועט זיכער טאָן דאָס בעסטע. ער וועט אויך אָנפרעגן ביים באַלעבאָס פון דעם האָטעל „ווייטע וועגן", וואָס איז זיינער אַ גוטער באַקאַנטער, אפשר דאַרף מען דאָרט אַ ווייטרים.

פונדערווייטנס, פון קאַטעדזש, האָט זיך מיטאַמאָל דער־טראָגן אַ הילכיק געזאַנג פון פרויען־ און מענער־שטימען, וואָס האָט זיך צעגאָסן אַרום און אַרום מיט אַן אומעט פון ענדלאָזע סטעפּעס. מען האָט געזונגען דעם מאַרש פון דער רויטער באָל־שעוויסטישער אַרמיי.

חברטע סאַשע האָט אונטערגעכאַפּט:

„וויד אָט טאַיגי דאָ בריטאַנסקיך מאָרעי,

קראסנאיא ארמיא וסעך סילנעיי...

אין א ווײַלע אַרום זענען זיי שוין געווען אין קאַטעדזש, בײַ דער „קאַמונע". דאָרט האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן א פּופּצן מענטשן, מענער און פרויען, צווישן וועלכע מען האָט געזען דעם פּײַנטער, וואָס האָט געשריבן שלעכטע גראַמען, און דאָס שטילע שנײַדערל. אַלע זענען געזעסן אין גרויסן צימער מיט די ברייטע פענסטער אַרום א לאַנגן טיש. אין קיך האָט זיך געהייצט דער טשוגון - אויוון, אויף וועלכן מען האָט אַוועקגעשטעלט אויפ־קאָכן וואַסער אין א טשײַניק און טעפּ. די באַיעס פון דער „קאָ־מונע" האָבן צוגעגרייט סענדוויטשעס צום טיי און זענען אַרומ־געלאָפן פון קיך אין עס - צימער. חברטע סאַשע האָט זיך גענומען אָפּבאַקן אויף גיך א פּאָר קליינע קייקס. דאָס שוואַרצע ווײַבל האָט איר געהאָלפן און חבר פּאָל, א צופרידענער, וואָס דער גאַנ־צער טומל איז לכבוד אים, האָט אַלע ווײַלע פּאַרצויגן א נײַעם מאָטיוו, אַלע פלעגן גלײַך אונטערכאַפּן און ווידער און ווידער האָבן זיך מיט אַן אומעט פון ענדלאָזע סטעפּעס צעטראָגן די שטימען אַרום און אַרום.

ענדלעך איז שוין אַלץ געווען צוגעגרייט. דער עולם האָט זיך רואיק צעזעצט אין עס - צימער און חבר פּאָל האָט גענומען דאָס וואָרט. ער האָט גערעדט וועגן זײַנע פריערדיקע דערציילונ־גען, וואָס ער האָט אָנגעשריבן איידער ער איז נאָך געוואָרן א קאָמוניסט, און זיי געמאַכט צו גאָרנישט. ער האָט דערציילט וועגן זײַנע געוועזענע קאָלעגן פון די קאַפּיטאַליסטישע געלע צײַטונגען און זשורנאַלן, וועלכע שאַפן נוצלאָזע זאַכן און טראָגן זיך שטענדיק אַרום מיט א פאַרבאַהאַלטענעם שרעק פאַר דעם קומענדיקן טאָג. זיי שרײַבן פאַר א קלאַס, וואָס גייט - אונטער און וועט קיינמאָל נישט אויפשטיין מער קיין תחית המתים. ער האָט איבערגעגעבן, ווי ער איז אַרײַן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און איז געוואָרן א נײַער מענטש און ווי אַזוי ער סטאַ־רעט זיך איצט צו שרײַבן, אַז די ברייטע אַרבעטער - מאַסן זאָלן אים גוט פאַרשטיין און זײַנע זאַכן זאָלן זיי וועקן און רופן צום קאַמף פאַרן קאָמוניזם, וואָס וועט צום סוף אויסלייזן די אַרבע־טער פון נויט און הונגער.

דערנאָך איז ער איבערגעגאַנגען צו סאָוויעט־רוסלאַנד, ווו

ער איז נישט לאַנג צוריק, אָפּגעוועזן כּמעט אַ יאָר, האָט איבּערגעגעבּן פאַרשיידענע באַגעגענישן, וואָס ער האָט געהאַט מיט אַדבּעטער און פּויערים און לויט זיינע רייד. איז אויסגעקומען, אַז די אַלע מענטשן, וועלכע האָבּן דורכגעמאַכט דעם שרעקלעכן בּירגערקריג פון דער בּאָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, האָבּן בּאַגריפן, דאָס אַנדערש האָט נישט געקאָנט זיין. און געדולדיק אָנגענומען די גרויסע קרבּנות און ליידן.

סאָקאָל האָט זיך נייגעריק צוגעהערט, ווי חבר פּאָל רעדט. ער פלעגט נאָר אַלע מינוט כאַפּן אַ קוק אויף דאָס שטילע שניידערל, וועלכעס איז געזעסן נעבּן אים און נישט אַראָפּגענומען זיינע בּליויע, קינדערשע אויגן פון דעם רעדנער. מען האָט געשמועסט וועגן פּייניקונגען, וואָס אַ גרויס פאָלק האָט דורכגעמאַכט, כּדי צו בּאַפרייען אַלע אונטערדריקטע און בּאַליידיקטע און דאָס האָט אים שטאַרק גערירט. עס זענען גאָר נישטאָ קיין ווערטער אָפּצושאַצן די גוטסקייט פון מענטשן. און אָט דער שרייבּער פּאָל, אַליין אַ חלוש, אַן אויסגעדאַרטער, ממש הויט און בּיינער, און שטענדיק זאָרגט ער נאָר פאַר דער גאַנצער וועלט.

נאָך דער רעדע האָט דער חבר פּאָל פּאָרגעלייענט אַ קאַפּיטל פון זיין נייער נאָוועלע, וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבּן צו דרוקן. סאַשע האָט פאַרפירט אַ דיסקוסיע און כּמעט אַלע האָבּן דעם אויטאָר געלויבּט. דערנאָך האָט דער פּיינטער זיך אויפגעהויבּן פון זיין פּלאַץ און געבּעטן די דערלויבּעניש צו דעקלאַמירן אַ ליד, וואָס ער האָט ערשט נעכטן פאַרפאַסט.

— חברים, — האָט ער געזאָגט, — דאָס ליד הייסט „גוד בּאי, בּוימעלעך” און גיט איבּער אונזער בּיטער מזל. דאָס איז אַן אמת - פּראָלעטאַריש ליד.

— בּראַוואָ, בּראַוואָ! — האָט זיך צעשריגן דער עולם, — גיבּ עס אַ הער! לייען!

דער פּיינטער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ פּאָזע, אַבּיסל פאַרלאָרן, אַלעמען אָנגעקוקט, אַ הוסט געטאָן און אָנגעהויבּן:

„גוד בּאי, בּוימעלעך, דער היי־פיבּער איז שוין פאַרבּיי!
איך מוז גיין אין שאָפּ אַצינד.
אייך, בּוימעלעך, צו געניסן,
האָבּ איך געדאַרפט נישט קאָנען דישן

ליגן אָן זינען
און פון מויל בלוט רינען.
הוסטן און שפּייען
און מיין אייגן בלוט קייען.
בוימעלעך, זענט איר אויך נישט גלייך,
ווי מיר, אָרעם און רייך.
אַרבעט איר פאַר אַ צווייטן?
האָט איר אונזער לעבן דעם צעדרייטן?
פאַרוויסט איר אַ וועלט,
ווי מיר, פאַר די פאַרפלוכטע געלט?
אויב איר האָט דורכגעמאַכט דעם פּעריאָד,
גיט מיר איבער אייער סוד.
איך וועל דערציילן אונזערע נאַרן,
וועלן זיי זיך באַפרייען פון זייערע האַרן.
גוד באַי, ליבע בוימעלעך, גוד באַיי!
מען האָט הילכיק אַפּלאָדירט און סאַשע האָט זיך הויך צע־זונגען:

„זייער גוט, גוט, זייער גוט, זייער גוט, זייער״!

סאָקאָל איז די גאַנצע צייט געזעסן און זיך צוגעקוקט צו אַ פּאָר־פאָלק, וואָס איז געקומען פון בעטלעהעם צו דעם שמחהלע. ער האָט זיי געקענט און געהאַט איינמאָל אַ געשפּרעך מיט זיי וועגן סאָוויעטן ־ פאַרבאַנד, אַז נישט מיט אַלץ, וואָס ס'קומט דאָרט פאָר, קאָן ער זיין איינפאַרשטאַנען. דער מאַן האָט אים אויסגעהערט ערנסט, נאָר די פרוי האָט געשפּאַסט, אַז אָט ווען די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט קומען אין אַמעריקע, וועט זי אים אויפהענגען אויף אַ זיידן שטריקעלע. דאָס וועט זיין אַ גרויסער חסד פאַר אים, ווייל נאָך אַלעמען זעט ער אויס צו זיין אַ גוטער מענטש.

סאָקאָל האָט געוווסט, אַז די פרוי איז נישט קיין געזונטע, אָבער תּמיד איז זי, דאַכט זיך, גוט געשטימט און, ווען זי רעדט, גייט נישט אַראָפּ פון איר פּיין, אַביסל בלאַס פּנים דער באַגיים־טערטער שמייכל. ער האָט געוווסט, ווי אין ניו ־ יאָרק קומט איר אויס אָפט צו קעמפן מיט ברוטאַלע פּאָליסלייט און הארצלאָזע לענדלאָרדס, וועלכע זעצן ־ אַרויס אין דרויסן אַרבעטסלאָזע פאַר

מיליעס. איר מאַן איז אַ נידעריקער, אַ סוטולעוואַטער, מיט אַ פּנים פון אַ קליינשטעטלדיקן קלויזניק. ער האָט רויטלעכע האָר און גרינלעכע אויגן. פריער האָט ער מיט דערפאָלג געשריבן אין ענגלישע בורזשואזע ליטעראַרישע זשורנאַלן. מען האָט פון אים שטאַרק געהאַלטן און ער האָט גוט פאַרדינט. דערנאָך איז אין אים פאָרגעקומען אַן איבערבראָך און ער איז אַריין אין דער קאָמוניס־טישער פאַרטיי, איז געוואָרן אַ פּשוטער אַגיטאַטאָר, לעקטשורט און שרייבט נאָר וועגן אַרבעטער - פראַגן. ביידע זענען זיי איבער־געגעבן דער באַוועגונג מיטן גאַנצן האַרצן און טוען אַלץ, וואָס מען פאָדערט פון זיי. אין די פריִע שעהן לויפן זיי אַרום געבן שטונדן אין רוסיש און ענגליש, נאָר פאַרדינען זייער ווייניק און אָפט פעלט זיי אויס אויף דאָס נויטיקסטע.

סאָקאָל האָט אַלץ געקוקט אויפן מאַן. מינוטנווייז האָט זיך אים געדוכט, אַז ער זעט אים אין אַן אַלטן בית - המדרש, ווי ער שטייט אין אַ ווינקל ביי אַ שטענדער אין אַ לאַנגער, פאַרלאַ־טעטער קאַפּאָטע און לערנט, און זיין וויינענדיק קול פאַרגייט אין חלל פון שול:

— אָמר אביי, מר אביי!...

אַ פרוי פון אַ יאָר פופציק, וואָס האָט עפּעס דערמאָנט אָן אַ וויינענדיקער ווערבע, האָט פאַרצויגן סאָלאָ אַן אוקראַאיניש פאָלקס־ליד. זי האָט געזונגען ווי אַ בלינדער בעטלער ביים וועג, צושפּילנדיק אויף אַ באַנדורע. אימיצער פון דער קאָמפּאַניע האָט באַמערקט, אַז זי פאַריידישט דעם מאָטיוו און עס קומט ביי איר אַרויס מיט אַ קרעכץ. האָט זי געזונגען אַלטע רוסישע ראָמאַנסן און זיי ווידער פאַריידישט. מען האָט אויך אָוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ טעלער מיט אַן אויפשריפט: „פאַר די קרבנות פון דעם דייטשישן פאַשיזם".

דאָס זינגען איז עפּעס נישט געגאַנגען גלאַט. מען פלעגט אָנהויבן איין זאַך, עס נישט ענדיקן און גלייך אונטערכאַפּן אַ צווייטן מאָטיוו.

דער געלער מאַן, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ קלויזניק, האָט זיך צוגעהערט און אָפט שטיל אונטערגעכאַפּט אַ טאָן. סאָקאָל האָט באַמערקט, אַז עפּעס רייסט זיך פון זיין האַרצן, אַז אָט־אָט וועט ער זיך צעזינגען.

ענדלעך האָט ער אָנגעוויזן אויפֿס שטילע שניידערל און געזאָגט:

— איך גיב א דאָלאַר פֿאַר די קרבנות פֿון היטלעריזם, אז דער מאַן זאָל עפּעס זינגען.

— איך גיב א האַלבן דאָלאַר, — האָט אונטערגעכאַפּט א צווייטער.

סאָקאָל האָט אויך עפּעס געגעבן, אז דאָס שטילע שניידערל זאָל זינגען.

אַלע זענען צו אים צוגעשטאַנען:

— זינגט, זינגט!

— אז דער עולם וויל, איז דאָך נישט שייך. — האָט ער זיך פֿאַרשעמט ענדלעך אויפֿגעהויבן פֿון זיין פּלאַץ. ער קאָן נאָר די מאָקאַראָווערס ניגון. דער מאָקאַראָווער רבי זיצט מיט זיינע חסידים ביים טיש, איז פֿאַרזונקען אין רעיונות. אַלע אַרום זענען שטיל און וואַרטן, דער רבי זאָל אָנהויבן א זמרל. נאָר דער מאָקאַראָווער שווייגט. פּלוצים אָבער הויבט - אָן צו זינגען דעם רבינס ניגון אַן אַלטער חסיד. ער ציט שרעקעוודיק און נישט זיכער. אַנדערע האַלטן אים גלייך אונטער און באַלד גיט זיך א כאַפּ דער מאָקאַראָווער אַליין: „אוי, אוי, אוי". דאָס שטילע שניידערל איז אַריין אין התלהבות. אַלע אַרום טיש האָבן זיך געסטאַרעט מיטזינגען. עס האָט זיך דערהערט דער שטאַרקער באַס פֿון איינעם פֿון די באָיעס פֿון דער קאָמונע „אוי, אוי, אוי". דער געלער מאַן, וואָס האָט אויסגעזען ווי א קלויזניק, האָט גענומען וואַרפֿן מיט די הענט ווי אַן אמתער חסיד. ער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון זיין פּלאַץ און אַזש געוואָלט כאַפּן א טענצל. עס האָט אויסגעזען, אז אַלע האָבן זיך עפּעס פּלוצים געפֿונען, אַראָפּוואַרפֿנדיק פֿון זיך דאָס נישט-נויטיקע. דאָס איז געווען אַן אייגענער נאָנטער מאָטיוו, וואָס איז געוואַקסן דורות - לאַנג און אפֿשר געלעבט אין יעדן פֿון זיי אומבאַוווסטזיניק.

נאָר אָט האָט אימיצער פֿון דער קאָמפּאַניע א געשריי געטאָן:

— גענוג! אַרונטער מיטן חסידיזם, מיט דער קאָנטררעוואָלוציע.

שפּעטער האָט מען געטרונקען און געגעסן סענדוויטשעס.

די מענער האָבן זיך אַ שאַר געטאָן צו די פרויען און אַלע ווײַלע האָט אַן אַנדערער געפירט איינע אויף דער פינסטערער ווערַאנדע, כּלומרשט צו כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט.

אַזוי האָט זיך פאַרצויגן דאָס שמחהלע ביז האַלבער נאַכט.

אין האָום האָט סאָקאָל זיך אומגעקערט שפּעטער. ער האָט צוגעפירט סאַשען צום אַריינגאַנג פון דער אַלטער קליינער געביידע, דערנאָך אַ ביסל זיך דורכגעגאַנגען מיטן וועג. גרויסע ליכטיקע שטערנס האָבן געלויכטן איבער די ווייסע בערג. אַרום איז געווען שטיל און סאָקאָלן איז געווען גוט אויפן האַרצן. דאָס שמחהלע האָט אויף אים געמאַכט אַ מערקווירדיקן איינדרוק און באַזונדערס האָט ער נישט געקאָנט פאַרגעסן חבר פאָלס רעדע, ווי אַזוי ער איז אַריין אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און איז געוואָרן אַ נייער מענטש. דערנאָך איז סאָקאָל פּאַמעלעך צוגעקומען צו דער גרויסער נייער געביידע. ער איז אַרויף אויף דער ווערַאנדע און מיט אַמאָל באַמערקט צוויי קליינע פיגורן, וואָס זענען געזעסן איינגעהויערט נאָנט איינער צו דער צווייטער מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. דאָס זענען געווען חבר כאַצקלסאָן און מיסטער רובאַנאָוו, די צוויי פּאָליטישע שונאים. סאָקאָל איז שטיל צוגעגאַנגען צו זיי. ביידע אויסגעמאַטערטע פון אַסטמע האָבן געדרימלט און שווער געאָטעמט. אַ מינוט איז סאָקאָל געשטאַנען נעבן זיי, אָנגעקוקט די שטערנס אין הימל, געפילט די שטילקייט פון דער נאַכט, די אייביקייט און די טיפע רואיקייט, וואָס איז געווען צעגאָסן איבער דער ערד, און לאַנגזאַם אַוועק צו זיך אין צימער.

11

אין עטלעכע טעג אַרום, ווען סאָקאָל איז אַריין אין עס־צימער צו פרישטיק, איז ער פּלוצים געבליבן שטיין אַ פאַרוווּנדערטער. ביי איינעם פון די טישלעך איז געזעסן זינאָטשקע און געגעסן. איר טונקל - מאַטאָווע פּנים האָט אויסגעזען פאַרזאָרגט און אַביסל אָנגעכמורעט, אָבער דערזען סאָקאָלן, האָט זי געטאָן אַזאַ שמייכל, ווי זי וואָלט געווען אין עפּעס שולדיק קעגן אים. סאָקאָל איז צוגעקומען צו איר און שווייגנדיק אַ דריק געטאָן איר די האַנט.

— אָט בין איך אויך דאָ, — האָט זי שטיל אַרויסגערעדט

און אַלץ שולדיק געשמייכלט, און די פּאָר ווערטער האָבן סאָקאָלן קלאָר געמאַכט, אַז מסתמא האָט זי קיין נייעם רייכן געליבטן נישט געקאָנט קריגן אַזוי גיך, דער מאַן אירער האָט קיין געלט נישט געשיקט און מיסעס קרייזלער, איר באַלעבאָסטע, האָלט קיינעם נישט אומזיסט און אַפילו אויך נישט אויף באָרג. האָט זי אַפּנים קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט און געבעטן, אַז מען זאָל זי אַריינעמען אין האָוס.

דעם פּרישטיק האָט שוין זינאַטשקע געענדיקט ביי דעם „קאָמוניסטישן טיש".

סאָקאָל האָט זי באַקענט מיט סאַשען און מיט די אַנדערע חברים. די זאָרג און אָנגעכמורעטקייט, וואָס ער האָט געזען אויף איר פּנים פריער, איז פאַרשוונדן, און זי האָט געזאָגט, אַז איר געפעלט דאָ גאַנץ גוט. די צימערן זענען אַסך גרעסער און באַקוועמער ווי ביי מיסעס קרייזלער. דערצו איז דאָ אַרום און אַרום אַזאַ רחבות, און איר איז שוין פון לאַנג נמאס געוואָרן דער שטאָל מיט די פערד. דער ריח פון מיסט פלעגט זי שטיקן און זי האָט נישט געקאָנט שלאָפן קיין נעכט.

זינאַטשקע האָט אַלץ געוואָלט באַרעכטיקן איר קומען און נישט געוווּסט ווי.

— נאַרישע פרוי, — האָט געטראַכט סאַשע און נייגעריק געקוקט אויף איר און אויף סאָקאָלן. קאָנסט דאָך פּשוט זאָגן דעם אמת: האָסט נישט קיין געלט און ביזט אַריינגעפאַלן אין הקדש. דאָס אַלץ.

אָבער עפּעס אַ טיף - פאַרבאַהאַלטענע אייפערזוכט, אין וועלכער סאַשע אַליין האָט זיך נישט געוואָלט מודה זיין, האָט איר דאָך גענומען נאָגן אין האַרצן. די פרוי איז אַ יונגע און גאָרנישט קיין מיאוסע. סאָקאָל האָט זיכער מיט איר געלעבט. און אָט וועט באַלד קומען איר מיידעלע. און זי וועט אפשר מוזן אַוועקגיין אַרבעטן אין אַ האָטעל. זיי ביידע וועלן בלייבן דאָ און ער וועט זי נאָך אין די אָוונטן פירן אין דעם געהיימען ווינקל אין די מאַלינע-קוסטעס.

דאָס פּנים האָט אין איר געפלאַמט פון פאַרדראָס. אָבער זי האָט זיך געסטאַרעט באַלד צו באַרואיקן. מילא, זאָל ער טאָן, וואָס ער וויל. ער האָט מיט איר גערעדט אָפענע רייד וועגן זייערע אינ-

טימע באַציאונגען און זי קאָן צו אים קיין טענות נישט האָבן.

נאָכן פרישטיק האָט סאָקאָל דערציילט סאשען מער וועגן זינאָטשקען און געבעטן, אַז יענע זאָל זיך צו איר באַציען פריינטלעך. זינאָטשקע איז אַ לייכטזיניקע, אָבער ווייט נישט קיין פאַרדאָרבענע פרוי. מען דאַרף איר נאָר עפענען די אויגן, דערקלערן, אין וואָס פאַר אַ וועלט זי לעבט, און פון איר קאָן נאָך ארויס אַ גוטער חבר. ער האָט איר אויך געגעבן אָנצוהערן, אַז אין פאַריקן סעזאָן האָט ער אויף איר פאַרשווענדעט געננוג געלט און אַז איצט טראָגן זייערע באַציאונגען גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער. זיי זענען פאַרבליבן פשוטע גוטע פריינט.

סאשע האָט פאַרשטאַנען, אַז סאָקאָל זאָגט־צו צו זיין איר געטריי ביז זיי וועלן זיך פאַנאַנדערפאָרן, און זי האָט זיך אַביסל פאַרשעמט צעלאַכט:

— ווער קאָן אייך גלויבן? איר זענט אַזאַ ווילדער מענטש...

נאָך דעמזעלבן טאָג איז זי שוין געזעסן מיט זינאָטשקען אויפן גראָז, זיך געוואַרעמט אַקעגן דער מילדער זון, דערציילט וועגן איר שווערן לעבן און ווי אַזוי זי נעמט אָנטייל אין קאַמף פון די אַרבעטער פאַר אַ בעסערער צוקונפט.

סאָקאָל האָט געהאַט אַן אָנגענעמע איבעראַשונג. זיין טאָכטער האָט אים אומדערוואַרטעט באַזוכט. זי איז געקומען פון ניו־יאָרק מיט צוויי יונגעליט, סטודענטן, אין אַן אַלטן פאָרדל, אַ פריילעכע, אַן אָפּגעבריענטע פון דער זון און אַן אָפּגעפרישטע פון די וואַרעמע אַראָמאַטנע זומער־ווינטן. סאָקאָל האָט נישט באַוויזן פון פרייד און צעטומלטקייט ארויסצורעדן אַ וואָרט, ווי זי איז שוין געהאָנגען אויף זיין האַלז, אים געקושט און פאַרוואָרפן מיט פראַגן, וואָס ער מאַכט און ווי געפעלט אים דאָ.

— אָבער פאַרוואָס האָסטו מיר נישט געשריבן, אַז דו וועסט קומען? — האָט ער ענדלעך אַרויסגערעדט.

דאָס מיידל האָט אים דערקלערט, אַז זי האָט אַליין נישט געוווסט, דאָס זי וועט דאָ זיין. ערשט אין דער לעצטער מינוט האָט זי זיך דערוווסט, אַז זיי פאָרן אין די „ווייט מאונטענס".

— דו זעסט אויס גוט, פאַ! די מאַמע האַלט אין איין זאָרגן, אַז דו פלאָגסט זיך אין האָוס.

— מיר איז דאָ זייער גוט, מיין טאָכטער, — האָט געזאָגט

סאָקאָל.—איך האָב זיך באַקאַנט מיט אייניקע זייער אינטערעסאַנטע מענטשן. איך פיל זיך ווי אַ נייער מענטש.

— אמת, פּאַ? — האָט זיך געפרייט די טאָכטער און איר רונד, סימפּאַטיש, אָפן פּנים האָט געלויכטן. — ווער זענען דאָס די מענטשן?

— קאָמוניסטן און אַרבעטער. איינער איז אויך אַ שרייבער.-— האָט צוגעגעבן סאָקאָל.

— וואָס רעדסטו, פּאַ! דו האָסט זיך באַפריינדעט מיט קאָמוניסטן?

— יאָ, מיין טאָכטער. איצט וועלן מיר ביידע זיין גוטע חברים.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט סאָקאָל זיין טאָכטער און די צוויי סטודענטן אַריינגעפירט אין עס־צימער. דער מענעדזשער האָט זיי געגעבן עפּעס איבערצוכאַפּן. דערווייל האָבן זיך אין האָום אַלע דערוווסט, אַז צו סאָקאָלן איז געקומען זיין טאָכטער, אַ שיין, יונג מיידל. די נייעס האָט זיך אויך דערטראָגן צו דער „קאָמונע" אויפן בערגל און חבר פּאָל מיט עטלעכע באַיעס זענען צוגעקומען זי אָנקוקן.

באַזונדערס פריינטלעך האָבן דאָס מיידל באַגריסט סאַשע און זינאָטשקע.

זיי האָבן געזאָגט, אַז זי איז שטאַרק ענלעך צום פּאָטער. דערזעלבער שלאַנקער וווקס און אָפן פּנים. נאָר די אויגן זענען ביי איר טונקעלער, טיפער. סאָקאָלס טאָכטער האָט געשמייכלט און אין איר קאָפּ האָט זיך איר געפּלאָנטערט, אַז איר פּאַפּקע מוז זיבער מיט איינער פון זיי, און אפשר מיט ביידע, האָבן צו טאָן. נישט אומזיסט זאָגט ער, אַז ער האָט אויפגעלעבט...

די געסט האָבן פאַרבראַכט אין האָום נישט מער ווי אַ שעה. דערנאָך האָבן זיי זיך אַריינגעזעצט אין זייער אַלט פּאָרדל און היידאַ צו דער קאַנאַדישער גרענעץ. כּמעט אַלע פּאַציענטן פון האָום האָבן זיי באַגלייט און געוווּנטשן אַ גוטן וועג. דאָס מיידל מיט די יאַטן האָבן ביי אַלעמען אויסגענומען און ווידער האָבן זיי זיך געטראָגן איבער פרייע וועגן, אָפּגעברענטע פון דער זון און אָפּגעפרישטע פון די וואַרעמע, אַראָמאַטנע זומער־ווינטן...

שפּעטער איז סאָקאָל אַרומגעגאַנגען אַ גליקלעך־צעטומלטער.

זי האָט אים אָנגעזאָגט אויך ווייטער נישט צו זאָרגן און נעמען פון לעבן דאָס בעסטע. און דערביי האָט זי אים געקושט און גע־פאַטשט אין פּלייצע:

— אָל רייט, פּאַ, אָל רייט!

אויף מאָרגן גלייך נאָכמיטאָג האָט ער באַשלאָסן צו פאָרן קיין בעטלעהעם און זען דעם האָטעל־קיפּער, זיין גוטן באַקאַנטן, ביי וועלכן ער האָט געוואָלט בעטן צו געבן סאַשען אַרבעט.

אין האָום האָט מען איר מיידעלע נישט געקאָנט אַריינגע־מען. ער האָט שוין געהאַט גערעדט מיטן פּרעזידענט וועגן דעם ענין, נאָר עס איז פּשוט נישט געווען קיין פּלאַץ. דער פּרעזידענט איז געווען גרייט צו צאָלן פאַרן קינד ערגעץ אַנדערשווו, אָבער פון דעם האָט זיך סאַשע קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט און אין אַ טאָג צוויי אַרום האָט דאָס קינד שוין געדאַרפט אָנקומען.

סאָקאָל איז אַריין אין האָטעל, נאָר דעם באַלעבאָס האָט ער נישט געטראָפן. ער האָט באַשלאָסן אויף אים צו וואַרטן און זיך אַוועקגעזעצט אויף דער וועראַנדע.

— איך וועל ענדיקן דעם עסק, — האָט ער געטראַכט, — דערנאָך וועל איך צוגיין צו שרהלען.

די געסט האָבן נאָך־וואָס אָפּגעגעסן אַ זאַט, געשמאַק וואַרע־מעס און זענען מיט טומל אַרוים אויף דער וועראַנדע זיך פאַנאַנ־דערצוזעצן אין די באַקוועמע „ראָקינג טשערס". מען האָט זיך פויל געוויגט און גערעדט וועגן ווינט, וואָס האָט אָנגעטראָגן דעם שטויב פון די שעדלעכע בלומען און אָנגעטראָגן די היי־פיבערניקעס און אַסטמע־קראַנקע אַזויפיל צרות.

אַ דיקע פרוי, מיט אַ מעלאַנכאָלישן אויסדרוק אויפן פּנים און אַ פּליישיקן נאָז האָט געטאָן מיטן גאַנצן האַרצן אַ ניס. די אַנדערע האָבן געענטפערט מיט סימפּאַטיע.

— עס לאָזט מיך גאָר נישט אָפּ, — האָט געזאָגט די פרוי און גענומען דערציילן, ווי אַזוי באָדנדיק זיך אין ים, האָט זי מיט אַמאָל געכאַפּט היי־פיבער. דאָס האָט דער ווינט אַריינגעבלאָזן אין אירע נאָזלעכער דעם שטויב פון געלע בלומען און פונדאַנען אָן ניסט זי.

— עס איז נאָך גוט, וואָס מען האָט וווהין צו אַנטלויפן, — האָט זיך ווי צעבייזערט אַ מאַן מיט אַ געשטופּלט פּנים. עס

איז אַ גרויס גליק, וואָס גאָט האָט באַשאַפֿן אַזאַ פּלאַץ ווי די ,,ווהייט מאַונטענס''.

— בעליוו מי, — האָט אַ צי געטאָן אַ מיידל אין קורצע ניקערס און פאַרוואָרפן אַ פוס אויף אַ פוס, ווייזנדיק אירע ווייסע לידקעס. — עס איז אַ וואונדערבאַרער ,,פּליים''.

— יאָ, יאָ, — האָט זיך אָפּגערופן אַ דיקער אַלטער מאַן און גענומען רייבן מיט די פויסטן די אויגן. — עס בייסט שוין ווידער. יאָ, יאָ, מיינע פריינט. איר האָט געדאַרפט קומען אַהער מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק, ווען אין דער גאַנצער געגנט איז נישט געווען קיין איין יידישער האָטעל און אין די קריסטלעכע האָט מען קיין יידן נישט אַריינגעלאָזט. מיר אַליין האָט מען, אַ קראַנקן, געהייסן זיך אָפּטראָגן אין מיטן דער נאַכט, אַז מ'האָט זיך דער־וווסט, דאָס איך בין אַ ייד. יאָ, יאָ. און איצט זענען די בעסטע פּלעצער אין אונזערע הענט. אַביסעלע געדולד, מיינע פריינט, און בעטלעהעם וועט אינגאַנצן באַלאַנגען צו אונז.

אַ ווייַלע איז שטיל געוואָרן אויף דער וועראַנדע. די זון האָט געוואָרעמט מילד און די בערג פון דערווייטנס האָבן זיך שאַרף געצייכנט אויפן טיף־בלויען פאָן פון ריינעם הימל. אין דער לופט האָט זיך שוין געפילט דאָס אָנקומען פון קילן, פאַרבן־רייכן ,,אינדיען סאָמער''.

— מיין גאָט, ווי ס'איז לאַנגווייליק, — האָט אַ גענעץ גע־טאָן די פרוי מיטן מעלאַנכאָלישן אויסדרוק אויפן פּנים.

נאָר אָט האָט זיך אויף די טרעפּ פון דער וועראַנדע באַוויזן אַ קליינינקער ייד מיט אַ שוואַרץ קעסטעלע, נישט זיכער אונטער־געהוסט און געוואָרפן אומרואיקע בליקן אויף אַלע זייטן.

דער ייד איז אַרויפגעקומען אויף דער וועראַנדע, אויפגע־מאַכט זיין קעסטעלע, אַרויסגענומען אַ הויפן שנירלעך פאַרביקע קאָרעלן, עס אויפגעהויבן קעגן דער זון און מיט אַ בעטנדיקן קול געפרעגט:

— ווער וועט קויפן וואונדערבאַר־שיינע קאָרעלן?

די געסט פון האָטעל האָבן אים אָנגעקוקט מיט פוילע בליקן, וואָס האָבן ווי געזאָגט: נאַרישער ייד, דאָ טראָגן אייניקע מיליאָ־נערן אמתע בריליאַנטן, רובינען און סמאַראַגדן און ער קומט פאַרשלאָגן זיינע ביליקע שטיקלעך גלאָז. נאָר דער ייד איז זיך

אַרומגעגאַנגען איבער דער וועראַנדע פון איינעם צום צווייטן און פאַרגעשלאָגן זיין סחורה. ער האָט נישט געוואָלט אוועקגיין. דעם גאַנצן טאָג האָט ער נישט פאַרדינט קיין סענט און חזרט איבער:

— ווער קויפט וווּנדערבאַר־שיינע קאָרעלן? אָט דאָס שנירל גלעזלע קאָרעלן גיט ער אוועק פאַר אַ דאָלאַר. זאָל ער אַזוי פאַר־לירן זיין אַסטמע, ווי ער זאָגט אמת. אַלע קויפן נאַרישע „סוווע־נירס״ אין די סטאָרס ביי די גויים און אַ קראַנקן יידן לאָזט מען נישט מאַכן קיין לעבן. זאָל די מיסעס נאָר אַ קוק טאָן. עס קאָסט אינגאַנצן איין דאָלאַר.

אָבער די פעטע פרוי מיטן מעלאַנכאָלישן אויסדרוק אויפן פנים, צו וועלכער דער ייד האָט זיך געווענדעט, פילט זיך גאָר באַליידיקט און זאָגט דעם פעדלער, אַז זי וועט נישט קויפן און זאָל ער איר נישט באַדערן, און זי נעמט נערוועז איבערקלייבן דאָס טייערע שנירל פערל אויף איר הויכער ברוסט.

— מיי גאָד! וואָס לאָזט מען זיך דאָ אַרומשלעפּן פעד־לער. מען האָט אַ מינוט נישט קיין רו.

נאָר דער פעדלער טרעט נישט אָפּ. עפּעס רעגט אים אויף איר זאַט פּנים מיט דער פלײשיקער נאָז און אַן עקשנותדיק פייערל צינדט זיך אָן אין זיינע שטילע אויגן.

— קויפט, קויפט, מיסעס, — רעדט ער איר איין, — וואָס איז פאַר אייך אַ דאָלאַר? די קאָרעלן זענען וווּנדערבאַר־שיין.

דער ייד טרעט נישט אָפּ.

עס קומט־צו אַ דזשענטעלמען אין ווייסע פלאַנעלאָווע הויזן און אַ בלוי רעקל מיט אַ גראָבן סיגאַר אין ווינקל פון מויל. ער גיט אַ קוק אויף די קאָרעלן און זאָגט פריינטלעך צום פעדלער:

— איר זעט דאָך, אַז די דאַמע וויל נישט קויפן, איז וואָס־זשע באַדערט איר זי.

— איך דאַרף מאַכן אַ לעבן, — ענטפערט דער פעדלער שטיל. — איך האָב נאָך היינט קיין סענט נישט פאַרדינט.

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי, — ווערט דער דזשענ־טעלמען נאָך פריינטלעכער. — איר זענט אַ היי־פיבערניק.

דער ייד דערציילט אים, אַז ער ליידט פון אַסטמע.

— אָבער פאַרוואָס גייט איר נישט אין האָום? — פרעגט

אַנגעכמורעט איינע פון די פרויען. — איך וועל אייך געבן אַ בריוו צום פּרעזידענט און מען וועט אייך גלייך אריינעמען. מיר גיבן געגוג פאַר אָרעמע טשאַריטי.

דער פעדלער דערקלערט, אַז זייענדיק אין האָום, וואָלט ער גאָרנישט נישט פאַרדינט און ער מוז אויסהאַלטן זיין פאַמיליע. די פרוי ענטפערט גאָרנישט. דער פעדלער פאַרהוסט זיך. גיי דערציייל יעדן וועגן אַלץ. ער לייגט די קאָרעלן צוריק אין קעס־טעלע און וויל שוין אַוועקגיין. אָבער דאָ קומען אויף דער וועראַנדע נאָך אַ פּאָר מענער מיט יונגע מיידלעך מיט געפאַרבטע ליפּעלעך און איינער פון די מענער גיט פּלוצלינג אַ פרעג:

— ר' ייד, זאָגט מיר נאָר, איך בעט אייך, אַ חזן קאָנט איר זיין?

דער פעדלער האָט אים דורכגענומען מיט זיין אומעטיקן בליק:

— אַ חזן! און אַז יאָ?

— איר ווייסט דאָך, מסתמא, אַז מיר האָבן דאָ אַ שול און נויטיקן זיך אין אַ חזן אויף ימים נוראים. אויב איר קאָנט מאַכן דעם דזשאָב, וועט איר פאַרדינען אַ גוטע פּאָר דאָלאַר, — האָט געזאָגט דער מאַן און דערביי אַ ווונק געטאָן צו די מיידלעך, אַז מען וועט באַלד ווייזן „פאַן".

— אַ חזן, — האָט ווידערהאָלט דער פעדלער און זיך געסטאַרעט איינצוהאַלטן דעם הוסט. — איך קאָן דאַווענען פאַר־ן עמוד.

— איך האָב עס געהערט, — האָט אַ שמייכל געטאָן דער מאַן.

דער פעדלער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געקוקט דעם מאַן גלייך אין די אויגן אריין. מיינט עס יענער טאַקע ערנסט? אַ האָפענונג צינדט זיך אָן אין זיינע אויגן. ער וועט קאָנען פאַרדינען אפשר אַ גאַנצן הונדערטער.

— דער דזשענטעלמען זעט אויס שטאַרק צופרידן. יאָ, ער איז דער גבאי פון שול און האָט דאָס רעכט אים אָנצושטעלן, נאָר ער וויל עפּעס הערן. זאָל ער עפּעס זינגען.

עס זענען צוגעקומען נאָך געסט פון האָטעל און מען האָט ארומגערינגלט דעם פעדלער. אַלע זענען געוואָרן פריילעכער אין

באַוועגלעכער. די פרויען האָבן באַזונדערס נייגעריק געוואַרט צו זען, מיט וואָס עס וועט זיך ענדיקן. קאָן טאַקע דער ייִד זינגען? עס האָט זיך אויך אויפגעהויבן פון זיין פּלאַץ סאָקאָל און איז צו־געקומען נענטער. ער איז געווען זיכער, אַז דער מאַן, וואָס האָט זיך אָנגעגעבן פאַר דעם גבאי פון שול, מיינט עס ערנסט.

— אָבער אין דרויסן איז נישט קיין פּלאַץ צו זינגען, — האָט געזאָגט דער פעדלער. — מענטשן גייען פאַרביי און מען מומלט.

— מסתּמא קען ער נישט, — האָט באַמערקט די פרוי מיטן מעלאַנכאָלישן אויסדרוק אויפן פּנים. — לאָזט אים אָפּ.

נאָר דער פעדלער האָט שוין אַוועקגעשטעלט זיין קעסטעלע מיט די קאָרעלן און רינגלעך צו די פיס, אָנגעקוקט אַביסל פאַר־טראַכט די צופרידענע פּנימער אַרום זיך, האָט אַ הוסט געטאָן און אָנגעהויבן עטוואָס הייזעריק, נאָר מיט האַרץ און אַ סך געפיל „כּבקרת רועה עדרו, מעביר צאנו תּחת שבטו". אַלע אַרום זענען געוואָרן שטיל, נאָר דער פעדלער האָט נישט געענ־דיקט, זיך פאַרהוסט און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— די אַסטמע, די אַסטמע, — האָט ער זיך גענומען פאַר־ענטפערן.

די אַרומיקע האָבן זיך ענדלעך דערפילט נישט באַ־קוועם, פאַרשעמט. דער ייִד איז אַ קראַנקער און מען האָט אים געדאַרפט לאָזן צו־רו.

— איר זינגט גאַנץ געשמאַק, — האָט געזאָגט דער דזשענ־טעלמען, — אָבער ליידער טויגט איר נישט פאַר אונז.

— מען דאַרף אים מאַכן אַ „קאָלעקשאָן", — האָט פאַר־געשלאָגן איינע פון די פרויען.

נאָר דער ייִד האָט זיך אָפּגעזאָגט פון נדבות און די געסט האָבן זיך פאַמעלעך גענומען אָפּרוקן פון אים, און ווידער האָט זיך דערהערט זיין שטיל, בעטנדיק קול:

— ווער וויל קויפן וואונדערבאַר־שיינע קאָרעלן?

---

סאָקאָל האָט געוואָלט אַוועקגיין. די סצענע מיטן פעדלער

האָט אויף אים געמאַכט אַ שווערן איינדרוק. נאָר אַט האָט זיך באַוויזן אויף דער וועראַנדע אַ צעטראָגענער מאַן, וואָס האָט סאָקאָלן זייער פריינטלעך באַגריסט און פאַרוואָרפן מיט פראַגן. מאַלע וואָס ער איז געגאַנגען געבראָכן! דאָס האָט מיט די מערסטע איינוווינער פון אַמעריקע פּאַסירט. עס וועט זיין אַלרייט. דאָס רעדל וועט זיך נאָך אַ דריי טאָן אויף צוריק. זיינע אייגענע גע־שעפטן גייען שלעכט. דער היי־פיבער־סעזאָן איז אַ קורצער און די אויסגאַבן זענען גרויסע. מען שטיקט זיך. אָבער ער פאַר־לירט נישט די האָפענונגען. ביי אים איז פול און די געסט אַמו־זירן זיך און זענען צופרידן. ער האָט פאַרגרעסערט די קאַסינאָ און גיט אַלע אָוונט טענץ און קאָנצערטן.

ער האָט נאָך גערעדט אַ פּאָר מינוט זייער גיך, פּלוצלונג אַנטשוויגן געוואָרן און זיך ארומגעקוקט, צי קיינער פון די געסט האָט אים נישט געהערט.

— איך האָב צו אייך אַ קליינע בקשה, — האָט אָנגעהויבן סאָקאָל מיט אַ בעטנדיקן שמייכל.

— מיט פּלעזשור, מיט פּלעזשור, — האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן דער באַלעבאָס און זיינע שוואַרצע אויגעלעך האָבן געני־מען אַרומטאַנצן איבער סאָקאָלס הויכער, שלאַנקער פיגור.

סאָקאָל האָט אים איבערגעגעבן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

— וועל, — האָט אונטערגעכאַפּט דער באַלעבאָס פון האָ־טעל, — עס איז נישט באַקוועם, וואָס די פרוי האָט מיט זיך אַ קליין מיידעלע. ביי מיר זענען אַלע וויי־טרעסעס, אַזוי־צו־זאָגן, מיידלעך. איך וועל אָבער טאָן אַן אויסנאַם פאַר אייך, פריינט סאָקאָל. זי איז יונג, זאָגט איר, און שיין? זאָל זי צוקומען.

ער האָט פאַרלאָזט דעם האָטעל אין אַ גוטער שטימונג. איצט וועט סאַשע קאָנען פאַרדינען און זיין מיטן קינד. איצט וועלן די פּלאָטקע־טרייבער פון האָום אַנטשוויגן ווערן. ער מיט סאַשען וועלן זיך נישט באַגעגענען אַזוי אָפט. יאָ, און ער וועט אויך קאָנען אָפטער קומען אין שטעטל און באַזוכן „בריינדעלע קאָזאַקס" קאָטעדזש.

סאָקאָל האָט אַלץ געטראַכט און נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס ציט אים אַזוי צו שרהלען. ער האָט זיך געפרעגט: מיט איר פיין, ליכטיק, פּנים און יוגנט האָט זי אים אַזוי פאַרכאַפּט?

די קליינע דערמאָנט אָפּט אַ רוסישע אָדער פּוילישע שיקסע, וואָס אונטערן צודעק פון שטילקייט און שעמעוודיקייט באַהאַלט זי אין זיך אַ סך פייער און אפשר אויך אויסגעלאַסנקייט. דאָס, אפנים, האָט ער, דער אַלטער בעל־תאוהניק און הוליאַקע, דער־שפּירט אין איר און איצט ציטערן ביי אים די נאָזלעכער, ווי ביי אַ הונגעריקען הונט, וואָס האָט דערשמעקט אַ געשמאַקן ביסן. יאָ, ער האָט נישט קיין אַנדער פאַרגלייך פאַר זיך.

סאָקאָל האָט אָבער אומזיסט זיך געפּרוווט דערנידעריקן. ער האָט אַליין נאָך נישט באַגריפן, אַז שרהלע האָט אָנגעפילט זיין גאַנץ וועזן מיט אַ ווייטן, צאַרטן רוף פון אַמאָל, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער פריער יוגנט, פון דער אַלטער היים און קליין שטעטל, ווו די מערסטע יידישע מיידלעך און פרויען זענען דאַן געווען נאָך פרום און פון זיי האָט געוועיעט מיט טיפן גלויבן און באַשיידנקייט. אַזאַ פרוי איז געווען זיין מוטער. זי האָט געקאָנט טרייסטן אין נויט און ברענגען רו אין טעג פון פיין און פאַרצווייפלונג.

און אָט דערדאָזיקער רוף האָט אין אים נאָך געלעבט ווי אַן עכאָ און אָפט געשטערט גוט צו פאַרשטיין חבר פאָלן און די אַנדערע חברים, וואָס האָבן אים אַגיטירט קעגן דער אַלטער וועלט און קעגן די אומגערעכטיקייטן פון דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם.

אָפט פלעגט ער נישט קאָנען פאַרנעמען און ווערן איבער־ראַשט פון זייערע שאַרפע, נאַקעטע, שטעכעדיקע רייד, פון זייער אומרחמנותדיקן, רעאַלן און האַרטן צוגאַנג צו אַלץ און צו אַלע־מען, צו יעדער זאַך, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שייכות מיט זייער קאַמף. דאָס פלעגט אָבער לאַנג נישט דויערן. סאָקאָל האָט שטענ־דיק דערנאָך געטראַכט, אַז זיי זענען גערעכט. דער אמת איז ביטער און שניידיק און אַז ער איז נאָך אַלץ נישט גענוג פאַר־האַרטעוועט געוואָרן און אַז שפּעטער אין קאַמף, וועט עס זיכער קומען. ער וועט ווערן אַן אַנדער מענטש. ער מוז זיך איבער־ברעכן, כאָטש פון דער נאַטור איז ער אַ שטילער, אפילו אַ שרע־קעדיקער, האָט פיינט טומל, רעש און האָט מורא פאַר בלוט־פאַרגיסונגען.

אָך, ווען ער איז איצט יינגער מיט א צוואַנציק יאָר! דאַן וואָלט אַלץ אַנדערש געווען.

סאָקאָל איז געגאַנגען איבער א קליינעם געסל. עס איז שוין געווען א זייגער דריי נאָכמיטאָג. אַרום און אַרום האָבן זיך קלאָר און נאָנט געזען די בערג. באַזונדערס האָט זיך בולט געצייכנט דער באַרג עגעזי מיט זיין טורעמל אויפן שפּיץ. עס איז נאָך צו־פרי אַריינצוקומען צו „בריינדעלע קאָזאַק". נאָר אָט האָט אים אָפּגעשטעלט מיסעס קרייזלער. זי שטייט אין דער אָפענער טיר פון איר גאַראַזש. טאַקע זייער גוט, וואָס זי האָט אים געטראָפן. ער מוז מסתמא וויסן, אַז זינאַמשקע איז שוין נישט ביי איר. זי איז אַוועק און איר נישט באַצאָלט פאַר גאַנצע צוויי וואָכן דירה־געלט. זי איז אויך שולדיק געבליבן דעם מילך־מאַן און דעם בעקער פאַר ברויט. אמת, זי פאַרשטייט גאַנץ גוט, אַז זינאַמשקע האָט טראָבעל מיט איר מאַן און יענער וויל נישט שיקן קיין געלט. אָבער וואָס איז זי שולדיק? זי אַליין איז אַן אָרעמע פרוי און האָט נישט קיין מאַן, וואָס זאָל פאַר איר זאָרגן. אפשר וועט ער, מיסטער סאָקאָל, באַצאָלן פאַר זינאַמשקען דעם חוב? מיסעס קרייזלער רעדט הויך און א פּאָר טריט פון זיי איז געשטאַנען דער שכן, וואָס פלעגט אַרומגיין אונטער זינאַמשקעס פענצטער, ווען אימיצער פלעגט אין אָוונט זיין ביי איר. ער האָט זיך צוגע־הערט צום געשפּרעך מיט א שמייכעלע פון נצחון אויף זיין רונדן, זאַטן פּנים.

איצט האָט זיך סאָקאָל דערפילט אומאַנגענעם פון יענעמס שמייכעלע און פאַרלאָרן אַרויסגעשטאַמלט:

— מיסעס קרייזלער, עס פאַרדריסט מיר זייער, נאָר לײַדער קאָן איך עס נישט טאָן. מיר אַליין איז איצט נישט גוט.

ענדלעך האָט ער זיך באַפרייט פון איר און איז אַוועק איבער מעין סטריט. ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך און זיך אַלע ווײַלע אָפּגעשטעלט. אָט איז א מודעה וועגן א טעאַטער - פאָרשטעלונג: „עקסטרא, עקסטרא", האָט זיך געלייענט אין דער אַפּישקע. „אוי־בערראַשנדע נייעס פיר בעטעלעם. יידישע טעיאַטער. דאָנערשטאָג אָוו., דעם צוועלפטן סעפּטעמבער, אין זשעקסאָן האָל. טיקעטס 50 סענט. עס וועט געשפּילט ווערן דאָס ניו־יאָרקער גרעסטער

סוקסעס, „שטיף קינד פון דער וועלט'', אָפּערע אין פיר אַקטן''.

אימיצער האָט אַוועקגעלייגט אַ האַנט אויף סאָקאָלס אַקסל.
פאַר אים איז געשטאַנען אַ מאַן פון אַ יאָר פינף און פערציק, אַ פעסט־געבויטער, מיט אַ רונד, נאַרעשעוואַטע־שמייכלענדיק פּנים, אויסגעפּוצט ווי אַ פראַנט אין ווייסע הויזן און אַ בלוי רעקל.

— איר ליענט די אַפּישקע?

— וואָס איז? — האָט געפרעגט סאָקאָל און זיך דערמאָנט, אַז ער האָט ערגעץ געטראָפן אין בעטלעהעם דעמדאָזיקן מאַן.

— קומט, קומט זען די שאָו. איך שפּיל דאָרט אויך. וואָס קוקט איר מיך אָן? איר קענט מיך נישט? פרעגט אין שטעטל, ווער דאַלמאַטש איז, אַדרבה, גייט אַריין אין ערשטן גרויסן האָטעל און פרעגט, ווער אַמוזירט אַלע יאָר דעם עולם, ווער אַראַנזשירט „פּאַדזשאַמע פּאַדעס'', „סניזינג פּאַדעס'' און טעאַטער־פאָרשטעלונגען. איך, דאַלמאַטש! אין ניו - יאָרק שפּיל איך פאַר אַ פּאָר יידישע מושב זקנים, נאָר פאַר „טשאַריטי''. דאָרט וועט מען אייך זאָגן: „אָ, איר קענט נישט דעם פילאַנטראָפּ דאַלמאַטש?'' אַזאַ מענטש בין איך. ביי מיר האָט געלט נישט קיין ווערט. איר האָט געדאַרפט זיין ביי מיר אין הויז. איך האָב פּערסישע און טערקישע טעפּיכער, וואָס קאָסטן טויזנטער. דעם אמת געזאָגט, — האָט ער זיך אַ בויג געטאָן צו סאָקאָלן און אים ווי אַריינגערוימט אין אויער, — האָב איך דאָס לעצטע יאָר פאַרלאָרן אַלץ ביז אַ פּעני. נאָר מיין ווייב פאַרמאָגט נאָך אַ דרייסיק טויזנט דאָלאַר. אָבער איך דאַרף גאָרנישט. איך קאָן לעבן נישט עסנדיק גאַנצע טעג. ווער דאַרף עסן? קרעקערס מיט מילך איז גענוג. גיט אַ טאַפּ מיינע מוסקולן. אהאַ, געזונט ווי אַן אייזן. מיין יידענע קאָן עסן סוף פון פלאַר, אָבער נישט דאַלמאַטש. איצט ווייסט איר שוין מיט וועמען איר רעדט, אַ? אָבער וואַרט, דאָס איז נאָך נישט אַלץ. איר האָט געדאַרפט זען, ווי איך שפּיל אַ שכּור, אַן אידיאָט, אָדער אַ תּמעוואַטן יונג. דער עולם פּלאַצט פון געלעכטער און די ווייבער גייען ממש אויס פאַר מיר. איין קליניקייט, דער קאָמיקער דאַלמאַטש! דעם אמת געזאָגט, קאָסטן זיי מיר אַ סך געלט, נאָר איך האָב מיט זיי צו טאָן פון רחמנות װעגן. נו, וואָס זאָגט איר?

— וואָס זאָל איך זאָגן? — האָט סאָקאָל געשמייכלט.

דעם חזן סיכון קענט איר? ער האָט דאָ א האָטעל. נו, איז ער מיינער אַן אַלטער פּריינט. טאָמער דאַרף ער אַמאָל האָבּן אַ הונדערטער, קריגט ער עס בּיי מיר. האָט ער געדאַרפט איבּער־פּיינטן זיין האָטעל פאַרן נייעם סעזאָן. האָבּ איך נאָך אַ פּריינט, איז ער שוין אין די זיבּעציקער און אַ גרויסער ליבּהאָבּער פון טעאַטער. האָט אַליין געשפּילט אין די בּעסטע יידישע פּיעסעס. איז ער אַ פּיינטער און אַ בּיטערער אָרעמאַן. אָבּער אַ דאָלאַר איז בּיי אים גאָרנישט. אַ בּאַי פון בּאַיעס. אַ קינסטלער. האָבּ איך אים צוגעשאַרט דעם דזשאָבּ אין סיכונס האָטעל און פאַר איין גאַנג האָט ער זיך אויך אונטערגענומען אַמוזירן די היי־פּיבּע־ניקעס. צו אים האָט נאָך סיכון אויסגעשריבּן פון ניו־יאָרק אַ זינגערין פון פאָלקס־לידער, אַ טייערע אַקטריסע. נו, האָט ער זיי בּיידע „געפיקסט". די זינגערין האָט ער געמאַכט פאַר אַ וויימ־רעס און דעם אַלטן אַקטיאָר האָט ער אַוועקגעשטעלט אין קיך וואַשן טעפּ! וואָס זאָגט איר אויף דעם חברהמאַן, אַ? איז ער נישט ווערט קיין פּעטש? בּאַליידיקט צוויי קינסטלער. קורץ, זיי זענען אַוועק פון אים און איצט האָבּן זיי נישט מיט וואָס אַוועק־צופאָרן אַהיים. אפשר וועט איר עפּעס בּיישטייערן פאַר די אָרעמע קינסטלער?

— איך האָבּ נישט, מיין פריינט, — האָט געזאָגט סאָקאָל מיט אַ שטיל קול. — איך קאָן נישט.

דאָלמאַטש האָט אים מאָדנע אָנגעקוקט און איז אָפּגעטרעטן.

דערנאָך האָט סאָקאָל זיך אָפּגעשטעלט מיט אַ גרופּע בּאַ־קאַנטע מענער און פרויען, וואָס זענען געשטאַנען אויפן טראָ־טואַר און היציק גערעדט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין איינעם פון די יידישע האָטעלן האָט מען אַנטדעקט אַ שולער, וואָס פלעגט שפּילן מיט געצייכנטע קאָרטן און בּאַשווינדלען די געסט. דערדאָזיקער חברה־מאַן האָט געהאַט אַרויסהעלפער און אַ צייט איז אים געגאַנגען גלאַט. קיינער האָט גאָרנישט בּאַמערקט. נאָר אָט האָט ער בּיי איי־נעם צוגענומען הונדערט און פופציק דאָלאַר. דאָס איז געווען אַליץ, וואָס יענער האָט פאַרמאָגט. דער מאַן איז אַ צעטראָגענער אַוועק אין זיין צימער, זיך געלייגט שלאָפן. אָבּער אויף מאָרגן

גאַנץ פרי האָט ער זיך אַריינגעריסן צום שולער אין צימער און געמאַכט אַ סקאַנדאַל. מען האָט ביידע מענער אַרעסטירט און דערנאָך אַרויסגעלאָזט אויף בעיל. און איצט האָט געדאַרפט פאָרקומען דער משפט. סאָקאָל איז מיט דער גרופע אַוועק צום „סיטי האָל", וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון פּאָסט־אָפיס.

דאָס קליינע צימער פון קאָורט איז געווען פול. מען איז אויך געשטאַנען אין גרופּעס אַרום דער געביידע און גערעדט. אַ יידישער ריכטער פון ניו־יאָרק, אַ שיינער מאַן מיט אַ טונקל פּנים, וועלכן אַלע האָבן געקענט אין בעטלעהעם, האָט זיך אַרומ־געדרייט צווישן עולם און אַלע ווילע פלעגט זיך אַן אַנדער באַ־קאַנטער ווענדן צו אים מיט אַ פראַגע:

— נו, דזשאַדזש, וואָס זאָגט איר וועגן דער קייס?

— נאַטהינג, — פלעגט ענטפערן דער ריכטער מיט אַ שמייכל. — איך בין אַהער געקומען צוליב מיין היי־פיבער. דאָס איז אַל. — דאָך האָט ער אַ פּאָר מאָל אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג וועגן גאַנצן ענין און געפירט עטלעכע יונגע דאַמען ווייזן די קליינע תפיסה אין „סיטי האָל", וואָס איז באַשטאַנען פון איין פינסטער חדרל מיט אַ טיר און אייזערנע קראַטעס.

סאָקאָל איז אַרומגעגאַנגען פון איין גרופּע צו דער צווייטער, געהאָפט צו טרעפן שרהלען, אָבער זי איז נישט געווען. ער האָט זיך דערפילט מיד פון די רייד, פון טומל אַרום. דער־נאָך האָט ער זיך אַריינגעשטופּט אין קאָורט. אויך דאָרט האָט ער שרהלען נישט באַמערקט.

דער משפט האָט זיך געענדיקט מיט דעם, דאָס מען האָט דעם שולער באַשטראָפט מיט זעקס חדשים תפיסה און הונדערט דאָלאַר. אָבער די זעקס חדשים האָט מען סוספּענדירט און גע־הייסן דעם מאַן גלייך פאַרלאָזן ניו העמפּשייער סטייט אויף פינף יאָר.

— אַ שאַנדע פאַר יידן, — האָט מען גערעדט צווישן עולם. — עס איז נאָך קיינמאָל אַזוינס נישט פאָרגעקומען אין בעטלעהעם.

דער לעצטער פון קאָורט רום איז אַרויס דער שולער. ער איז פאַרביי דעם עולם מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— אויך אַ פּרנסה, — האָט באַמערקט אַ פרוי. — אויף מיינע שונאים געזאָגט געוואָרן.

אַ ווײַלע שפּעטער איז סאָקאָל געזעסן אויף אַ באַנק אונטער אַ בוים אַרום „סיטי האָל". ער האָט געקוקט, ווי קינדערלעך שפּילן זיך אויפן גראָז און ווי אַביסל ווײַטער, נידעריקער, באָדן זיך אין אַ געמאַכטן טײַכל יונגע מיידלעך, קוויטשען און באַשפּריצן איינע די צווייטע מיט הויפנס וואַסער. דער זייגער אויפן הילצערנעם טורעמל פון אַ קלויסטער אַנטקעגן „סיטי האָל" האָט באַוויזן אַ פערטל נאָך פיר.

— דער וואַרעמער נאָכמיטאָג שלעפּט זיך אַזוי ווי פון פעך, — האָט געטראַכט סאָקאָל, באַשלאָסן זיצן דאָ נאָך אַ ווײַלע און דערנאָך גיין זען שרהלען.

12

אָבער יענעם נאָכמיטאָג האָט סאָקאָל שרהלען נישט געטראָפן. זי מיט איר מאַן און קינד זענען ערגעץ אַרויסגעפאָרן אין די בערג. „ברײַנדעלע קאָזאַק" האָט געזאָגט, אַז זיי וועלן מסתּמא זיך אומקערן שפּעט אַהיים און סאָקאָל איז אַוועק צוריק אין האָטעל אַביסל אַן אומעטיקער און אַנטוישטער, כאָטש שרהלע האָט מיט אים נישט אָפּגערעדט זיך צו טרעפן.

עס איז שוין געווען אַ זייגער זיבן אין אָוונט. די פּאַציענטן, אויפגערעגטע, האָבן זיך געדרייט אַרום עס־צימער. עפּעס איז ווידער פאָרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס צווישן מענעדזשער און עטלעכע פּאַציענטן און סאָקאָל האָט נישט געקאָנט דערגיין קיין טאָלק, וועלכער צד איז גערעכט. נאָר סאַשע מיט דעם שוואַרצן ווײַבל האָבן געהאַלטן אין איין פּאַנאַנדערבלאָזן דאָס פייער און זענען אָפּט געלאָפן צו די באַיעס פון דער „קאָמונע" איבערגעבן, וואָס פאַר אַ שטימונג עס הערשט. אויף צומאָרגנס זענען אַפילו פאָרגעקומען צוויי געהיימע מיטינגען אין אַ וועלדל בײַם טײַכל, וואָס פליסט אַ מייל ווײַט פון האָטעל. עס איז געקומען חבר פּאָל און נאָך איינער פון דער „קאָמונע". מען האָט זיך צעזעצט אונטער די ביימער און גערן אויסגעהערט די צוויי רעדנער, וועלכע

האָבן אויפגעקלערט, אין וואָס פאַר אַ לאַגע זיי געפינען זיך און גערופן צו אַ בונט קעגן דעם מענעדזשער און דעם אַנשטאַלט.

— מיר ווילן נישט שווייגן, — האָבן געשריגן אייניקע פרויען, און צוגעגעבן, ווי צוזאַמען מיט די שפּייז שלינגען זיי אָפּט טרערן, וואָס די אָרעמקייט האָט זיי געטריבן אָנצוקומען צו משאַריטי. זיי זענען גרייט צו פּראָטעסטירן און בונטעווען.

ביי דידאָזיקע צוויי מיטינגען איז אויך געווען סאָקאָל און זינאָטשקע, וועלכע האָט גיך באַגריפן איר איצטיקע לאַגע און איז צוגעשטאַנען צו די אומצופרידענע. עס האָט נאָר געפעלט חברטע סאַשע. צו איר איז שוין געקומען איר מיידעלע און זי איז אַוועק אַרבעטן אין האָטעל. ווידער איז צו מיטאָג פּלוצלונג אָנגעקומען אַ קאָמיטע און דער פּרעזידענט האָט געמוסרט די פּאַציענטן, אַז זיי זענען אומדאַנקבאַרע מענטשן און קאָנען נישט אָפּשאַצן דאָס גוטע, וואָס מען טוט פאַר זיי. אָט זאָלן זיי זיך דערמאָנען, ווי עס פּלאָגן זיך טויזנטער אָרעמע היי־פּיבערניקעס אין די שטעט. יענע וואָלטן זיך געשעצט גליקלעך דאָ צו זיין. זאָלן זיי דאָס קומענדיקע יאָר בלייבן אין דער היים און דאַן וועלן זיי פאַרשטיין, וואָס די האָום האָט פאַר זיי געמיינט.

זיין רעדע האָט ווידער די מערסטע באַרואיקט און נאָר דער קאַמאַשן־שטעפער כאַצקלסאָן, דער פּיינטער, וועלכער האָט פאַר־פאַסט שלעכטע גראַמען, דאָס שוואַרצע ווייבל און נאָך עטלעכע לינק־געשטימטע, האָבן פאָרגעזעצט זייערס און ביי יעדער גע־לעגנהייט גערייצט צו אַ בונט...

מיט זינאָטשקען האָט סאָקאָל זיך געסטאַרעט קיינמאָל נישט צו בלייבן אַליין. ער האָט איר אַפילו נישט דערציילט, אַז מי־סעס קרייזלער האָט אים אָפּגעשטעלט אין גאַס און געבעטן איר הוב. אויך זינאָטשקע האָט, אַפּנים, באַשלאָסן נישט אויפצולעבן זייערע אינטימע באַציאונגען, ווייל אַ פּאָר יונגע געזונטע בחורים פון האָום האָבן זיך שטאַרק גענומען שאַרן אַרום איר און פאַר־וואָרפן מיט רייצנדיקע קאָמפּלימענטן. אויך חבר פּאָל האָט מיט פאַרשיידענע מיטלען פּרובירט זי פאַראינטערעסירן אין זיך, נאָר זי האָט זיך אָפּגעטרייסלט. קיין געלט האָט ער דאָך נישט פאַרמאָגט און לייענען זיינע ווערק האָט זי נישט געקאָנט און נישט געוואָלט, כאָטש סאַשע האָט אים שטאַרק געלויבט און אַ

סך שוין אריינגערעדט אין איר וועגן קאָמוניזם. און אָט איז סאָקאָל ווידער געקומען קיין בעטלעהעם און דאָס מאָל אַוועק גלייך צו שרהלען. ער האָט אין קאָטעדזש געטראָפן אַ שטיקל שמחהלע, אַ געבורטסטאָג פון אַ פינף־יאָריק יונגעלע. דאָרט האָבן זיך אויך געפונען שרהלע מיט איר מאַן און קינד.

זי האָט אים באַגעגנט פשוט און האַרציק, געזאָגט, אַז ער איז געקומען אין דער צייט, באַקאַנט מיט אַלעמען און געבעטן אַנטיילנעמען אין דער פּאַדע, וועלכע זי האָט געהאָלפן צוגרייטן.

שרהלע האָט זיך געזעצט נעבן שרהלעס מאַן. אַ לאַנגער טיש איז געווען אָנגעשטעלט מיט פאַרשיידענע נאַשערייען און אין מיטן אַ גרויסער קעיק מיט זעקס גרויסע דינע חלב־ליכטלעך. אַ צוואַנציק קינדער האָבן שוין געטומלט אין גרויסן צימער. אַ מיידל איז געזעסן ביי דער פּיאַנאָ און געוואַרט אָנצוהייבן אַ קינדער־מאַרש. אַלע ווײַלע פלעגט זי אַ קלאַפּ טאָן איבער די קלאַווישן.

די מוטער פון דעם „אימעניניק", אַ יונגע, שוואַרץ־חנעוודי־קע פרוי, האָט אויסגעזען צעטראָגן און אַביסל דערשראָקן. זי האָט געקוקט אויף איר ייִנגעלע, וואָס איז אַרומגעלאָפן איבערן צימער און געשטיפט, און איר פּנים איז געוואָרן אַלץ פאַרזאָר־גטער. דאָס איז געווען איר איינציק קינד. מיט זעקס יאָר צוריק האָט זי פאַרלאָרן אַ יינגעלע אויף אַ טראַגישן אופן און גראָד איצט איז איר נישט אַרויס פון קאָפּ דער אומגעקומענער און זי האָט אַן ווערטער תפילה געטאָן, אַז דער זאָל זיין ביי איר אויף לאַנגע יאָר.

מען האָט דערלאַנגט אייז־קרים. ענדלעך האָט דאָס מיידל ביי דער פּיאַנאָ גענומען שפּילן דעם קינדער־מאַרש און חבו האָט זיך טומלדיק אַרומגעזעצט אַרום טיש. שרהלע האָט אָנגע־צונדן די זעקס ליכטלעך. די מוטער האָט גענומען דעם „אימע־ניניק" אויף די הענט און ער האָט מיט איין בלאָז פאַרלאָשן די קליינע בלאַסע פלעמעלעך. אַלע האָבן געפּאַטשט בראַוואָ און אויפגעהויבן אַ פרייליך געפילדער. דערנאָך האָבן די קינדער אָנגעטאָן די קאָלירטע „בווירדעי קעפּס" און זיך גענומען צו די אייז־קרים. דער „אימעניניק" איז געזעסן מיט אַ מיידעלע פון אַ יאָר פיר אויף **איין** ברייטן שטול. זיינע שוואַרצע אויגעלעך האָבן

געבלישטשעט און דאָס פּנימל מיטן עטוואָס פּאַרריסן נעזל איז געווען ערנסט און אַביסל צעטומלט. בײַם טיש האָט זיך אויך געפונען אַ קריסטלעכער באָיטשיק פון אַ יאָר זיבן, מיט פלאַקסענע האָר און אויגן ווי בלויע פּיאָלקעס. ער איז געזעסן אויסגעפּוצט און סטאַטעטשנע. דאָס איז געווען אַ פּאַרמערס אַ ייִנגל, אַ שכן צו „ברייִנדעלע קאָזאַקס" קאָטעדזש.

— איצט וועלן די קינדער דעקלאַמירן, — האָט געזאָגט שרהלע, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער פּאַרטע. — נו, דודל, שטעל זיך אַוועק און זאָג עפּעס.

עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל... אַלע קינדער האָבן געוואָלט דעקלאַמירן מיט אַמאָל. דאָס קליינע מיידעלע, די „קווין", וואָס איז געזעסן מיטן „אימעניניק", האָט זיך צעוויינט, וואָס אימיצער שטערט איר אָנצוהויבן „דזשעק און דזשיל". די פרויען האָבן זיך געסטאַרעט זיי צו באַרואיקן, און קיינער האָט נישט באַמערקט ווי אויפן שוועל האָט זיך באַוויזן אַ בלייך ייִנגעלע פון אַ יאָר צען, מיט אַ צעפּודלטן קאָפּ רויטלעכע, געקרייזלטע האָר און לעבעדיקע, גרויע אויגן. ער איז געווען זייער אָרעם אָנגעטאָן. זיינע שיכלעך צעריסן און די הייזקעס פאַרלאַטעט.

— זעט נאָר! — האָט געזאָגט „ברייִנדעלע קאָזאַק", — אַ נישט־געבעטענער גאַסט.

אַלע קינדער זענען עפּעס מיט אַמאָל שטיל געוואָרן און אָנגעקוקט דאָס ייִנגל.

— ווער ביסטו, ייִנגעלע? — האָט אים געפרעגט שרהלע און צוגעפירט צום טיש.

— גיט אים אייז־קרעם און אַ „בוירטהדעי קעפּ", — האָט זיך אָפּגערופן די מוטער פון דעם „אימעניניק".

דאָס ייִנגעלע האָט דערציילט אין אַ גוטן ייִדיש, אַז זיין מאַמאַ האָט אַסטמע און ליגט קראַנק. זיי זענען שוין אין בעטלעהעם די צווייטע וואָך. אין האָטעל האָט מען זיי נישט אַריינגענומען. וווינען זיי בײַם מעקסיקאַנער „ליווערי סטייבל" אין אַ באַנגאַלאָ. זיין פאָטער איז שוין צוויי יאָר אַרבעטסלאָז. ער איז פאַרבײַ דעם קאַטעדזש, דערזען דורך די פענסטער, ווי קינדער פאַרברענגען, און איז אויך אַריין. זיין פאָטער איז אַ קאָמוניסט, ער באַלאַנגט צו די פּיאָנערן און האָט פאַר קיינעם קיין מורא נישט.

אַלע האָבן אים אָנגעקוקט.

דערנאָך האָט ער זיך געזעצט צום טיש און זשעדנע אויפגע־געסן זיין אייז־קרעם, די ראָזשינקעס און די קייק מיט די קענדי.

די מוטער פון דעם „אימעניגיק‟ האָט נישט געקאָנט אָפּ־רייסן איר בליק פון דעם יינגעלע.

— קאָנסט קומען אַלע טאָג צו מיר עסן, — האָט זי געזאָגט און צוגעגעבן צו די גרויסע געסט: — ער איז אַזוי ענלעך צו מיין אומגעקומען קינד. און ווי אַזוי איז ער דאָס פּלוצים געקו־מען איצט?! — האָט זי זיך נישט געקאָנט באַרויקן.

דאָס דעקלאַמירן פון די קינדער איז עפּעס נישט געגאַנגען. מען פלעגט זיי אַלץ דאַרפן אונטערזאָגן. אָבער אָט האָט דאָס נישט - איינגעלאַדענע יינגעלע זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן צי־מער און אָנגעהויבן זינגען דעם אינטערנאַציאָנאַל. ער האָט זשעסטיקולירט מיט די דינינקע הענטלעך און זיך געסטאַרעט, אַז זיין שטימעלע זאָל קלינגען וואָס שטאַרקער. די קינדערלעך זענען געוואָרן ווילד פון באַגייסטערונג.

— מאַ, זאָל ער נאָך זינגען, נאָך!

נאָך דער פּאַרטי האָט שרהלעס מאַן גענומען דאָס קינד און איז אַוועק אין פּאָסט־אָפּיס און עפּעס נאָך צוקויפן פּאַר וועטשערע. שרהלע האָט געבעטן סאָקאָלן, ער זאָל פאַרבלייבן ביי זיי דעם אָוונט. אין הויז וועט שפּעטער זיין ווידער פּריילעך. און וואָס וועט ער פאַרזאַמען דאָרט ביי זיך... דערצו האָט „ברײנדעלע קאָ־זאַס‟ זיך צעזונגען, אַז מען וועט נאָך הוליען און טאַנצן דעם אָוונט, ווייל צו איר קומט אַ געליבטער, פאַר וועמען זי איז גרייט אָפּצוגעבן איר לעבן יעדע מינוט. אָט זאָל ער איר הייסן שטאַרבן, צימ זי זיך אויס אין אַ טרומנע און גוד באַי!

סאָקאָל איז גערן פאַרבליבן. דערנאָך איז שרהלע מיט אים אַרומגעגאַנגען ביים הויז און דערציילט, ווי איר לעבט זיך דאָ. זי האָט גערעדט מיט אים, ווי מיט אַן אַלטן גוטן פריינט, פאַר וועמען מען דאַרף זיך נישט אויסשטעלן און אויספּיינען. די פּאָר צופּעליקע באַגעגענישן, וואָס זי האָט געהאַט מיט סאָקאָלן, האָבן איר געמאַכט צו פילן, אַז ער זוכט שטאַרק איר געזעלשאַפט און זעט אויך אויס צו זיין אַ פיינער מאַן. דער פאַקט, וואָס ער איז אַזוי פאַראָרעמט געוואָרן און פילט זיך דערשלאָגן, האָט אים צו־

געגעבן אין אירע אויגן אַ באַזונדערן חן פון אַ טיף־לײדנדיקן מענטשן, וועלכער טראָגט איבער זיינע צרות אָן געשרייען און אָן פּראָטעסטן, אין זיך. אָט ווי דאָס טוען די מערסטע אמתע יידן, וואָס האָפן תמיד אויף גאָט.

שרהלע האָט גערעדט האַלב־שפּאַסיק און אַביסל מיט פאַר־דראָס וועגן איניקע פרויען, מיט וועלכע זי מוז קאָכן צוזאַמען אין קיך. עס איז אפשר פאַר אים נישט - אינטערעסאַנט. אַ געשיכטע וועגן אַ רוסישן באָרשטש און אַן אַלטער קרענקלעכער אלמנה. אָבער זי וועט עס אים דערציילן. איינע פון די יונגע פרויען אין קאַטעדזש האָט איינגעלאַדן אַ באַקאַנטן אויף אַ דינער. זי איז אַ רוסישע און קאָן מאַכן אַ גוטן באָרשטש. וועגן דעם האָט זיך דערוווסט די אלמנה און פאָרגעשלאָגן, אַז דעם באָרשטש וועט זי אָפּקאָכן פאַרן גאַסט, ווייל זי איז אַ ספּעציאַליסטקע. אָבער די יונגע פרוי האָט איר געגעבן אָנצוהערן, אַז זי זאָל זיך נישט מישן.

— דאַרף מען נישט! — האָט זיך אָנגעבלאָזן די אלמנה און איז אַרויס פון קיך מיט פאַרביסענע ליפּן.

— זי מוז זיין אַן עלנטע, — האָט באַמערקט סאָקאָל, גע־קוקט אויף שרהלעס בלאָנדן קאָפּ, אויסדרוק פון פּנים, געקוקט אויף די יונגע, ווייסע בעריאָזן, וואָס זענען געוואַקסן ביי די זייטן פון געסל. אָט שפּאַצירט ער שוין מיט איר און זי דערציילט אים פון טאָג - טעגלעכע פּאַסירונגען, וואָס האָבן נישט קיין אינטע רעס פאַר אים. אָבער פאַרוואָס איז אים עס אַזוי אָנגענעם צו הערן? אין איר טאָן פילט זיך אַ ווייטאָקדיקע נאָטקע, וואָס פיל מענטשן זענען אַזוי שלעכט, פאַרביטערט, און זענען שטענדיק גרייט צו פאַרמיאוסן דאָס לעבן איינער דעם צווייטן.

— יאָ, די אלמנה איז אויף דער עלטער געבליבן אַליין, — האָט געזאָגט שרהלע. — זי איז אַן אינטעליגענטע פרוי און קען אַ פּאָר שפּראַכן. נאָר הערט, וואָס זי האָט אָפּגעטאָן. דער גאַסט איז געקומען צום דינער, זיך געזעצט עסן. די פרוי האָט מיט אַ שיינענדיק פּנים דערלאַנגט צום טיש דעם ראָזעוון באָרשטש. דער גאַסט האָט פאַרזוכט און זיין פּנים האָט זיך פאַרקרומט. — עס איז צו הייס, — האָט געזאָגט די פרוי. — בלאָזט אַביסל. — אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער באָרשטש איז בי־טער, ווי גאַל. די פרוי האָט זיך אַזש צעוויינט. מיט אַ צען מינוט

צוריק האָט זי עס פאַרזוכט און עס האָט גוט געשמעקט. זי האָט אַריינגערופן אַלע פרויען און זיי דערציילט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. איינע פון זיי האָט באַמערקט, אַז זי האָט געזען, ווי די אַלמנה טוט עפּעס אַריין אין טאָפּ. מען האָט די אַלטע גענומען אויף אַ קרייץ - פאַרהער. צו ערשט האָט זי געלייקנט שטיין און ביין. זי איז אַפילו צום אויוון נישט צוגעגאַנגען. וואָס וויל מען פון איר? וואָס אַרט איר, אַז מענטשן פאַרברענגען? איר הויז איז שטענדיק געווען אָפן פאַר אַלעמען. נאָר אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, האָט זי זיך מיטאַמאָל צעוויינט און צוגעגעבן, דאָס זי האָט עס אַריינגעשאָטן אין באָרשטש אַ האַלב פונט עפּסאָן-זאַלץ.

— זייער מאָדנע, — האָט באַמערקט סאָקאָל.

— אמת, — האָט צוגעגעבן שרהלע. — מען קאָן עס גאָרנישט פאַרשטיין.

זי האָט אים דערציילט נאָך אַ פּאָר טשעקאָווע פאַקטן וועגן די פרויען און זיי האָבן זיך אומגעקערט צום קאַטעדזש און זיך געזעצט אויף דער וועראַנדע.

מיסטער וויסבערג האָט זיך נאָך אַלץ נישט אומגעקערט.

עס איז שוין געווען פאַרנאַכט-צו. סאָקאָל האָט געוואָלט פרעגן אַ סך זאַכן ביי שרהלען, נאָר געשוויגן. ער האָט געוואָלט וויסן, מיט וואָס באַשעפטיקט זיך איר מאַן און ווו וווינט איר פאָטער, דער רב, איז זי גליקלעך אין איר פאַרהייראַט לעבן. ער האָט געוואָלט טרעפן, צי זי האָט געהאַט אַ ליבע אַ חוץ מיט איר מאַן. נאָר גלייך פאַריאָגט דעם געדאַנק. ער וואָלט גערן אויסגעהערט די געשיכטע, ווי אַזוי זי איז געוואַקסן אין איר אַלטער היים און ווי פון אַ קליין מיידעלע איז זי אונטערגעוואַקסן און איז געוואָרן אַ גרויסע. וואָס האָט זי דורכגעפילט די אַלע יאָרן פון איר רייף-ווערן? ער האָט זיך דערמאָנט, ווי זיין טאָכטער איז געוואַקסן, פאַרמירט זיך, און ווי איינמאָל האָט ער פּלוצלונג באַמערקט קליינע, העלע, גאָלדענע הערעלעך אונטער אירע אָרעמס און אַ מאָדנע פרייד האָט אָנגעפילט זיין האַרץ.

זיי האָבן אַ ווײַלע געשוויגן.

— דערציילט מיר עפּעס, — האָט געזאָגט סאָקאָל.

— איר ווייסט דאָך שוין אַלץ, וואָס עס טוט זיך ביי אונז אין קאַטעדזש, — האָט זי געענטפערט.

— נישט דאָס מיין איך. איך וואָלט געוואָלט הערן עפּעס אַנדערש. דערציילט מיר וועגן אייער לעבן, — האָט סאָקאָל אַרויס־געדערדט. — איך דענק אָפּט פון אייך.

שרהלע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. זי האָט גענומען אי־בערקלייבן די קאַרעלן, וואָס זי האָט געטראָגן אויפן האַלז און ברוסט.

— וואָס קאָן איך דערציילן וועגן זיך? אָט איר האָט אַ סך דורכגעמאַכט.

עס איז צוגעקומען שרהלעס מאַן מיטן יינגעלע, וועלכעס איז צוגעלאָפן צו דער מוטער.

שרהלע האָט זיך אַנטשולדיקט. אָט וועט זי אַנקאַרמענען דאָס יינגל, עס אַוועקלייגן שלאָפן און זיי וועלן קאָנען עסן סאָפּער. דער מאַן האָט איר געמוזט אַרויסהעלפן און סאָקאָל איז געבליבן אַליין אויף דער וועראַנדע. דער אָוונט איז שוין צוגעפאַלן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז שוין ראש־השנה, — האָט גע־טראַכט סאָקאָל. — נאָך אַ קנאַפּע דריי וואָכן און ער וועט זיך מוזן אומקערן אַהיים. וואָס וועט ווייטער זיין? צו וואָס זאָל ער זיך פאַרט נעמען? עס איז דאָך אוממעגלעך צו לעבן פון די קליי־נע פאַרדינסטן פון זיין טאָכטער. אמת, זי איז אַ גוט קינד און לאָזט עס אים נישט פילן. אָבער אים שטיקט יעדער ביסן, וואָס ער עסט אין הויז. זאָל ער זיך ווידער אַריינלאָזן אין שפּעקולאַ־ציעס, דרייען, שווינדלען? נאָר אפילו דערצו דאַרף מען דאָך אויך האָבן כאָטש אַ קליינעם קאַפּיטאַל. ניין, דאָס וועט ער מער נישט טאָן. איבערגעריסן מיטן פריערדיקן לעבן. ער וועט אַרבעטן. יאָ, ער מוז זיך איינברעכן, ער מוז זיך אויסלערנען אַ פאַך און אַוועק־גיין אין אַ שאָפּ פּראַצעווען. דאָס איז דער איינציקער אויסוועג פאַר אים, אויב ער מיינט טאַקע ערנסט און ערלעך אָנצוהויבן אַ ניי לעבן. דאַן וועט שוין נישט זיין קיין צייט פאַר פאַרצווייפלונ־גען. און דער שרעק און די פּוסטקייט פון האַרץ וועט זיך אויס־וועפּן. יאָ, אַזוי דאַרף עס זיין. ער מוז זיך נעמען אין די הענט.

סאָקאָל האָט זיך פאַרטיפט אין זיינע מחשבות, געזוכט אַן אויסוועג און זיך געסטאַרעט צו צעבלאָזן אין זיך דאָס פייער פון גלויבן אין קאָמוניזם, וואָס האָט אים געזאָלט ראַטעווען פון אונ־טערגאַנג.

יאָ, יאָ. דאָס וועט אים ברענגען צו אַ ציל.

ער האָט נישט באַמערקט, ווי שרהלע איז צוגעקומען צו אים, ארויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיין אַקסל.

— מיסטער סאָקאָל, איר וועט אונז אַנטשולדיקן. מיר האָבן זיך פארשפעטיקט מיטן סאַפּער. משהלע האָט אַלץ נישט געוואָלט איינשלאָפן. קומט!

סאָקאָל האָט זיך אויפגעהויבן, קלאָרער דערזען איר פּנים אין דער טונקלקייט, די קאָרעלן אויפן האַלז און ברוסט, איר גאַנצע ברייט - ביינערדיקע פיגור, און געוואָלט עפּעס שטיל זאָגן צו איר. נאָר שרהלע האָט ווידערהאָלט:

— קומט, מיסטער סאָקאָל!

ביים סאַפּער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז שרהלעס מאַן באַלאַנגט צו די פריינט פון סאָוויעטן - פאַרבאַנד, כאָטש ער אַליין איז אַ שטיקל עקספּלואַטאַטאָר. האָט אַ קליינעם שאָפּ פון פרויען־העטס און ביי אים אַרבעטן אַ צען מענטשן.

— אַזוי, אַזוי, — האָט צוגעגעבן סאָקאָל.

— אָבער מיט מיין פרוי קאָן איך גאָרנישט מאַכן, — האָט געזאָגט מיסטער ווייסבערג. — זי גלויבט אין גאָט, בענטשט ליכט אַלע פרייטאָג, עסט נישט קיין טרפות, ווי איר מאַמע, די רביצין פון בראָנזוויל.

מיסטער ווייסבערג האָט זיך צעלאַכט און אַ קוק געטאָן אויף שרהלען מיט פאַרליבטע אויגן.

## 13

אין מיסעס שטיינמאַנס גרויסן צימער, אין קעלער פון איר קאַטעדזש, האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן געסט, וואָס זענען געקומען אָנקוקן איר „פריינט", פאַר וועמען זי איז געוועזן גרייט יעדע מינוט „זיך אויסצוציען אין אַ טרומנע און גוד באַי".

דאָס איז געווען אַ מאַן אין די פערציקער. אַ שאַטין, פון מיטעלן וווקס. ער האָט געליטן פון היי־פיבער און אַסטמע און פלעגט במעט אַלע סעזאָן קומען אין די ווייסע בערג. מיט אַ יאָר צען צוריק האָט ער זיך אין בעטלעהעם שטאַרק פאַרקילט און איז זייער קראַנק געוואָרן. „ברייטנדעלע קאָזאַק", וועלכע איז אויך

געווען אַ נוירס, איז אַרומגעגאַנגען אַרום אים און ער איז אויפֿ־
געשטאַנען פֿון בעט שוין שפּעט אין הערבסט. דערנאָך איז ער
אַוועקגעפֿאָרן אַהיים און, אויס דאַנקבאַרקייט, וואָס די נוירס איז
אים געווען זייער איבערגעגעבן, איר אָנגעשריבן אַ בריוו און צו־
געשיקט אַ קליינע מתּנה. דאָס איז געווען גענוג, „ברײַנדעלע קאָ־
זאַק" זאָל אים שוין נישט קאָנען פֿאַרגעסן.

זי איז געקומען קיין ניו־יאָרק און זיך געסטאַרעט מיט אים
זיך מער צו באַפֿריינדן. זי האָט געוווסט, אַז ער איז צו איר גלייכ־
גילטיק, מיידט זי אפֿילו אויס און פֿילט זיך אומבאַקוועם, וואָס
זי האַלט אין איין רעדן וועגן אים אויף אַלע ראָגס.

ווען איר פֿלעגט געלינגען אים צו ברענגען צו זיך אין הויז,
האָט זי זיך געפֿילט אויסערגעוויינלעך גליקלעך. געקוקט אים אין
די אויגן, ווי אַ געטרייער הונט, געשלונגען זיינע ווערטער און
נאָר געוואַרט, ער זאָל עפּעס פֿאַרלאַנגען אָדער בעטן.

די לעצטע צייט פֿלעגט ער זיך אויסבאַהאַלטן פֿון איר, זי
זאָל נישט וויסן, ווו ער איז. ער האָט געדאַרפֿט איינמאָל נאָר זיך
באַווייזן אין שטעטל און „ברײַנדעלע קאָזאַק" האָט אים שוין
געהאַט ביי זיך און עס גלייך צעקלונגען צווישן אַלע באַקאַנטע:

— מיין געליבטער איז היינט ביי מיר.

— רחלע, — פֿלעגט ער ביי איר פֿרעגן, — ווען וועסטו מיך
שוין באַפֿרייען פֿון דעם „מאַרטגיידזש", וואָס דו האָסט אויף
מיר?

— אין קבֿר, טייערינקער, אין קבֿר, — פֿלעגט ענטפֿערן
„ברײַנדעלע קאָזאַק".

מיסעס שטיינמאַן האָט צוגעגרייט אַ וועטשערע און די געסט
זענען געזעסן ביים טיש און געשפּאַסט.

צווישן זיי איז אויך געווען אַ יונגער זשורנאַליסט, און סאָ־
קאָל מיט שרהלען. איר מאַן איז געבליבן מיטן קינד און זי האָט
געקאָנט אַראָפּגיין אונטן פֿאַרברענגען.

„ברײַנדעלע קאָזאַק" האָט פֿאָרגעשלאָגן, אַז שפּעטער זאָל
מען ערגעץ אַרויספֿאָרן. זי האָט שוין אַ נייעם שייגעץ מיט אַ מאַ־
שין. ער וועט זי פֿירן אפֿילו צום טיוול אין מיטן דער נאַכט. ער
האָט זי משוגע ליב.

— וועט עס אָבער נישט קאָסטן קיין סך, רחלע? — האָט

פאַרזיכטיק א פּרעג געטאָן דער זשורנאַליסט, ווייל ער האָט שוין געוווסט, אז די אומזיסטע „ריידס" מיט „בריינדרעלע קאַזאַק" קאָסטן אָפט צופיל.

— געלט, — האָבן אויפגעפלאַקערט אירע קאַרע אויגן. — קיין איין פעני נישט! מיין שייגעץ פירט מיך אומזיסט. וואָס שמייכלסטו? א קרענק וועט ער ביי מיר קריגן אפילו א קוש. און אז יאָ, איז דיינע ביזנעס, קאַצאַפּ? — האָט זי לאַכנדיק א כאַפּ געטאָן דעם זשורנאַליסט פאַר די האָר.—איך קוש וועמען איך וויל. און די ווייבעלעך, וואָס באַרעדן מיך אין דער שטיל און אליין פאַרברענגען זיי מיט פרעמדע פאַרהייראַטע מענער, ווייסטו דאָך, ווו איך האָב.

פון דרויסן דערהערט זיך א פייף פון אן אויטאָמאָביל און באַלד באַווייזט זיך א הויכער, דאַרער שייגעץ, מיט א לענגלעכן פּנים און גרויסע, בלוילעכע אויגן, וואָס קוקן אביסל אומעטיק.

— איך בין גרייט, — זאָגט ער, שטייענדיק אין אריינגאַנג פון טיר.

„בריינדרעלע קאַזאַק" זאָגט צו אלעמען: זאָל מען נאָר זיך צוקוקן, ווי דער שייגעץ עסט זי ממש אויף מיט די אויגן. אָבער אין דערזעלבער צייט וואַרפט זי פּונקט אַזעלכע בליקן אויף איר פריינט, וואָס האָט זיך גלייך נאָכן עסן אויסגעצויגן אויף א קו־שעטקע און זאָגט איצט, אז מען דאַרף מאַקע ערגעץ ארויספאָרן. עס ווילט זיך אים עפּעס א הוליע טאָן. ווען קומט ער קיין בעמ־לעהעם?

— מיר פאָרן, וווהין דיין האַרץ גלוסט, — איז צופרידן ר׳הלע. — איך צאָל פאַר דער גאַנצער קאָמפּאַניע. גוט, געננג?

— אויסגעצייכנט! — האָט געלאַכט דער זשורנאַליסט.

א ווײלע שפּעטער האָט מען זיך אריינגעזעצט אין דער גרוי־סער מאַשין. עס זענען געפאָרן: „בריינדרעלע קאַזאַק" מיטן שיי־געץ, איר „געליבטער", דער זשורנאַליסט מיט צוויי פרויען און סאָקאָל מיט שרהלען.

טרייבנדיק די מאַשין האָט זיך דער יונגער פאַרמער אלע ווײלע געבויגט צו „בריינדעל קאַזאַק" און געשעפּטשעט, אז ער וואָלט אַזוי א גאַנצע נאַכט ארומגעפאָרן מיט איר. אָבער זי האָט געלאַכט:

— ער האָט מיך ליב, איך האָב ליב אַן אַנדערן, יענער איז אויך פאַרליבט, און אַלע זענען מיר, ווי עס זעט אויס, אויף צרות.

— שוויַיג שוין, רחלע, — האָט געזאָגט איר פריַינט. — וואָס רעדסטו נאָכאַנאַנד וועגן ליבע?

די מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט ביַי אַ קאַבאַרעט, וואָס האָט זיך געפונען אין בעטלעהעם, ערגעץ אָן אַ זיַיט.

די קאָמפּאַניע איז אַרויס פון מאַשין.

דער קאַבאַרע האָט אויסגעזען, ווי אַ שאַלע. אינעווייניק די ווענט פון רונדע באַלקנס, אָפּגעהובלטע און נישט־געפאַרבטע. דאָ און דאָרט אין פּראָסטע ראַמען בערג ־ פּייזאַזשן און איבער אַ גרויסן קאַמין פון רויטע ציגל — אַ קאָפּ פון אַ הירש מיט לאַנגע הערנער און דערשראָקענע אומעטיקע אויגן. דאָס איז אין פאָר־דערשטן צימער. דער צווייטער גרויסער חדר איז געווען פאַנ־טאַסטיש באַלויכטן מיט קאָלירטע עלעקטרישע לעמפּעלעך. אַ קליינער אָרקעסטער שפּילט און עטלעכע פאָרלעך האָבן זיך גע־דרייט אונטער די טענער פון דזשעז.

מען האָט זיך אַרומגעזעצט ביַי אַ טישל און באַשטעלט גע־טראַנקען. דערנאָך איז דער זשורנאַליסט מיט איינער פון די דאַ־מען אַוועק טאַנצן און נאָך אים „ברייַנדעלע קאָזאַקס" פריַינט. און זי מיט שרהלען און סאָקאָלן זענען געבליבן זיצן. „ברייַנדעלע קאָזאַק" האָט גענומען רעדן, ווי פון שלאָף: פּאַרטיק, איר פריַינט האָט שוין אַ נייַע פּרויקע. ווי באַבאָטשקעס אויף אַ פיַיער פליען זיי צו אים. איינמאָל האָט ער דאָ געהאַט אַ געליבטע, אַ יונג מיידל. האָט זי זיך פאַרקילט און זי, „ברייַנדעלע קאָזאַק", האָט איר געדאַרפט רייבן מיט אַלקאָהאָל און היילן. אַזוי האָט ער גע־הייסן און זי האָט עס געטאָן. די הענט האָבן ביַי איר געציטערט. קללות האָבן זיך געריסן פון מויל. אָבער דער צונג האָט געפּלאַפּלט: זאָרג נישט, האַרציקע! וועסט זיך אַביסל אויסשוויצן און ווערן געזונט. ליג נאָר רואיק, טיַיבעלע, רואיק...

סאָקאָל האָט זיך איבערגעקוקט מיט שרהלען און ביידע האָבן געשמייכלט. אַרום האָבן זיך געטראָגן די טענער פון דזשעז־בענד.

„ברייַנדעלע קאָזאַק" האָט ווייטער געקראַצט איר ווונד. דער ווייטאָק איז אָפּנים געווען זיס. איר האָט כלומרשט גאָרנישט גע־אַרט. אָבער דער צונג האָט נישט גערוט אַ מינוט. אָט באַלד וועלן

זיך אַלע צעפּאָרן. דער סעזאָן וועט זיך ענדיקן און זי וועט דאָ מוזן בלייבן ביז יאַנואַר מיט איר גאַלן קאַטער פּריץ אין גרויסן, פּוסטן הויז. וווּהין זאָל זי גיין? ווער דאַרף זי? און מיטאַמאָל ווערט „ברייַנדעלע קאָזאַק" לעבעדיק. אפשר גאָר גיין אויפן „סטייַדזש"? גאַנץ בעטלעהעם קאָכט דאָך מיט איר שפּילן. סוקסעס, סוקסעס, אַ גרויסער סוקסעס!... די צוויי פּאָרלעך האָבן זיך אומגעקערט פון טאַנצן מיט פלאַמענדיקע, גליקלעכע פּנימער. מען האָט נאָך אַביסל פאַרבראַכט און „ברייַנדעלע קאָזאַק" האָט צו־גערופן דעם ווייטער, אויפגעהויבן דאָס קלייד, אַרויסגענומען פון זאָק אַ פּעקל באַנקנאָטס און באַצאָלט איבער צען דאָלאַר.

— רחלע, ווערסט זיך נישט אויפהענגען? — האָט אַ שפּאַס געטאָן דער זשורנאַליסט.

— נישט דיינע ביזנעס, קאַצאַפּ! — האָט זי געענטפערט. — מיר פאָרן ווייטער. איצט וועל איך אייך פירן אין אַ פּשוטן „ספּיק איזי" אויפן וועג צו דער קאַנאַדישער גרענעץ. איך האָב דאָרטן אַ באַקאַנטן שמוגלער. ער איז אַ געוועזענער רוסישער אַקטיאָר. מיר וועלן ביי אים כאַפּן אַ גוטן טרונק.

— אויסגעצייכנט! — האָט זיך געפרייט דער זשורנאַליסט.

— דער אָוונט איז אַ קילער, די לופט געשמאַק און פריש. מיר פאָרן.

— מיר פאָרן, מיר פאָרן, — האָט אונטערגעכאַפּט אייניגע פון די פרויען.

מען האָט זיך ווידער אַרייַנגעזעצט אין מאַשין און דאָס מאָל איז שרהלען אויסגעקומען צו זיצן זייער נאָענט צו סאָקאָלן, וועלכער האָט פאַרנומען אַ פּלאַץ אין אַ ווינקל. ער האָט דערפילט אַ וואַרעמקייט און אַ פרייד אין האַרצן. דערנאָך האָט אים אַרומ־גענומען אַ זיסער דרימל.

ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און געאָטעמט מיטן ריח פון איר יונגן קערפּער, וואָס האָט ווי נישט ווילנדיק זיך אַלץ שטאַר־קער געדריקט צו אים. דער אויטאָמאָביל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט באַרג־אַראָפּ און זיך גענומען יאָגן מיט אַ גלייכן וועג אַ פופציק מייל אַ שעה. דערנאָך אַוועק לאַנגזאַמער מיט זייטיקע וועגן, באַ־וואַקסענע פון ביידע זייטן מיט געדיכטע קוסטעס. אַלע ווײַלע פּלעגט מען פאַרבייפאָרן אַן איינזאַמע פאַרם מיט אַ שטאַל ביי דער זייט

אָדער אַ שטילן קאַטעדזש, באַהאַלטן הינטער בוימער. פון דער־ווייטנס פּלעגט מיט אַמאָל אַרויסשווימען אַ באַרג פון אַ טומאַן. עס האָבן זיך געצויגן אַלייען פון אַלטע דעמבעס און ווידער אַ סך נידעריקע קוסטעס ביי די זייטן פון וועג.

די קאָמפּאַניע האָט געזונגען פּרץ הירשבײנס ליד „אַ מלאך ווײנט". עס האָט געקלונגען שיין, סענטימענטאַל און געוועקט אין אַלעמענס הערצער מאָדנע, פאַרבאָרגענע פאַרלאַנגען. דער שייגעץ האָט אויך געצויגן עפּעס אַ מאָנאָטאָנעם נעגער־מאָטיוו. סאָקאָל האָט אַ טראַכט געטאָן מיט פאַרמאַכטע אויגן, אַז ס'וואָלט אפשר פאַר אים געווען דאָס בעסטע, דער אויטאָמאָביל זאָל פּלוצים אַראָפּפאַלן אין אַן אָפּגרונט און צעשמעטערט ווערן אויף שטיק־לעך.

ער האָט אויפגעציטערט.

דערנאָך האָט די קאָמפּאַניע אַלע ווײלע געזונגען עפּעס אַנ־דערש. אָט האָט מען אָנגעהויבן „אין דער פינסטער פון דער נאַכט ליגן טאָל און באַרג פאַרטראַכט, חלומען חלומות" און אָט „הוליעט, הוליעט, קינדערלעך, נוצט אויס די פרילינג־צייט", אָדער נאָר רויזנבלאַטס „האידאַ, נו, צוריק אין חדר" און ווידער „אַ מלאך ווײנט". די מאַשין האָט זיך ווייטער אַראָפּגעלאָזט באַרג־אַראָפּ, איז אַריבערגעפאָרן אַ בריק און אַריין אין טאָל, וואָס האָט געפינקלט מיט אײנזאַמע פייערלעך, איז פאַרבײגעפאָרן אַ גרויסע פּאַפּיר - פאַבריק און אַ שטעטל, וואָס איז געלעגן צעוואָרפן, און אין אַ ווײלע אַרום האָט מען זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ קליינער באַנ־גאַלאָ, באַלויכטן פון דרויסן מיט קאָלירטע עלעקטרישע לעמפּע־לעך.

— מיר זענען געקומען, — האָט געזאָגט „ברײנדעלע קאָ־זאַק".

מען איז אַרויס פון אויטאָמאָביל און אַלע זענען געבליבן אַביסל אַנטוישט. אָט דאָס איז אַ „בלאַינד פּייק". שטייט אַ קליי־נע באַנגאַלאָ ביים וועג און רופט אין די אָוונטן פאַרבײגייער מיט פּילפּאַרביקע פייערלעך. לויט „ברײנדעלע קאָזאַקס" ווערטער האָט מען זיך פאַרגעשטעלט צו זען אַן אַלטע, גרויסע, הילצערנע געביידע מיט פאַרמאַכטע גרינע לאָדנס אויף די פענסטער און אַ הויף, אַרומגערינגלט מיט אַ הויכן פּאַרקאַן. ביי די זייטן האָבן

געדאַרפט רווישן הונדערט - יאָריקע דעמבעס. עס האָט זיך געוואָלט זען אַ היימישע קרעטשמע.

די קאָמפּאַניע איז אַריין אין באָנגאַלאָ און איז געבליבן שטיין ביי אַ לאַנגן, מיט שוואַרצער צעראַטע באַדעקטן, טיש, וואָס האָט פאַרנומען כמעט אַ העלפט פון פאָדערשטן חדרל. אויפן וואַנט איז געהאָנגען אַ מעניו. אויף אַ קליינער פּאָליטשקע איז געשטאַנען אַ סלאָי מיט געפּיקלטע אייער און אַן אָפן קעסטעלע ציגאַרן. לינקס האָט אַ טיר געפירט אין שלאָף־צימער. איבער דער טיר איז געהאָנגען אַ ביקס. רעכטס איז געווען דער אַריינגאַנג אין קיך. דאָרט ביי אַ טיש איז געזעסן אַ דאַרינקע, זייער בלאַס מיידל מיט אַנטצונדענע אויגן און אַ שייגעץ מיט אַ פאַרבאַהאַלטן פּנים.

— ווו איז דער באַלעבאָס? — האָט געפרעגט „ברײַנדעלע קאָזאַק‟. — מיר ווילן עפּעס טרינקען.

אין דער מינוט האָט זיך פון אַ הינטערשטן אַריינגאַנג באַוויזן דער שמוגלער. דערזען די געסט, האָט זיך אויף זיין פּנים מיטן פלאַטשיקן, קרומען נאָז און נידעריקן, צעקנייטשטן שטערן צעגאָסן אַ פריינטלעכער שמייכל. די אונטערשטע ליפּ האָט זיך אַ הויב געטאָן פאַראויס און די אומרואיקע אויגן האָבן זיך זשוליקעוואַטע פאַרזשמורעט.

— וועל, וועל, — האָט ער הייזעריק אַ זאָג געטאָן. — מיר האָבן געסט.

ער איז געווען העכער פון מיטעלן וווקס, ברייטפּלייציק און שטאַרק געבויט. דער קאָפּ געדיכט באַוואַקסן מיט רויטלעכע, געקרייזלטע האָר. אין זיין פיגור האָט זיך געפילט אַ כוח, אַ געוואַגטקייט, וואָס ווייס נישט פון קיין שרעק.

— באַקענט זיך מיט מיינע פריינט, — האָט געזאָגט „ברײַנדעלע קאָזאַק‟, און דערביי אַ פּאָר פון זיי צוגעטיילט דעם טיטול דאָקטאָר. דער שמוגלער האָט געשמייכלט, געדריקט אַלעמען די הענט און געוואָרפן ביסטרע, זשעדנע בליקן אויף די פרויען, וועלכע האָבן אים נייגעריק אָנגעקוקט.

די קאָמפּאַניע האָט זיך געזעצט ביים לאַנגן טיש און באַשטעלט סקאַטש מיט קעז צו פאַרבייסן. פון דער מעניו, וואָס איז געהאָנגען אויפן וואַנט, איז גאָרנישט נישט געווען. דער שמוגלער

האָט געלאַכט, אַז אַמאָל האָט מען עס אַלץ ביי אים געקאָנט קריגן, אָבער נישט איצט, און ער איז אַרויס ברענגען די משקה.

דער שאָפער האָט זיך אַנטזאָגט צו טרינקען, זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל און גענומען דרימלען.

שרהלע האָט אויסגעזען אַביסל צעשראָקן. ווער ווייס, ווו מען איז פאַרפאָרן. אַלץ זעט דאָ אויס אַזוי מאָדנע און געהיימנישפול.

באַלד האָט זיך דער שמוגלער אומגעקערט מיט אַ פלעשל סקאַטש אין האַנט, עס אויפגעמאַכט מיט אַ קנאַק, אָנגעגאָסן אַלע גלעזלעך און אַ רוף געטאָן פון קיך דאָס בלייכע מיידל מיט די אַנטצונדענע אויגן.

— קום אַהער, מאַרגאַרעט, איך וועל דיך פאָרשטעלן פאַר מיינע רוסישע פריינט. קום אַהער, מיין ווייבעלע. דאַרפסט זיך נישט שעמען. קום, מיר וועלן פאַר זיי זינגען דאָס רוסישע ליד, וואָס איך האָב דיך אויסגעלערנט.

די קאָמפּאַניע איז געווען איבערראַשט צו הערן, אַז דאָס קליינינקע, בלייכע מיידל, וואָס האָט אויסגעזען כמעט ווי אַ קינד פון אַ יאָר צען, איז גאָר דאָס ווייב פון אָט דעם שטאַרקן מאַן, וועלכער איז געווען נאָנט צו די פופציקער. מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ איז זי געזעסן און זיך נישט גערירט פון אָרט. ער איז צוגעגאַנגען צו איר, אַרויפגעלייגט זיין שווערע האַנט אויף איר אַקסל. זי האָט אַ לייכטן ציטער געטאָן מיטן קליינינקן קערפּער.

— נו, זינג פאַר די געסט! — האָט ער געזאָגט, — שעם זיך נישט, זינג!

זי האָט געשוויגן. האָט ער אָנגעהויבן:

„יאַמשטשיק ניע גאָני לאָשאַדעי,
מניע נעקודאַ באָלשע ספּעשיט:״

— בראַוואָ! — האָט ער אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און איז צוריק צוגעגאַנגען צו דער קאָמפּאַניע. — איר האָט געהערט, ווי זי זינגט? פריער האָט זי אַ וואָרט רוסיש נישט געקענט. זי איז פון קענעדע, אַ פראַנצויזקע.

די קאָמפּאַניע האָט געמאַכט אַ לחיים.

— לחיים, — האָט אויפגעהויבן זיין קעלישעק דער שמוגלער, — עך, דאָס דערמאָנט מיר אַמאָליקע יאָרן אין ניו־יאָרק

אויף דער איסט־סייד. מען פלעגט טרינקען משקה און רעדן וועגן סאָציאַליזם.

— איר זענט געווען אַ סאָציאַליסט? — האָט אים געפרעגט סאָקאָל.

— אַלץ, וואָס איר ווילט, בין איך געווען. איך האָב געשריבן אין „גאָווי מיר“, ווען לעאָן טראָצקי האָט נאָך מיטגעאַרבעט אין דער צייטונג. איך בין געווען דאָרטן אויך אַ קאָרעקטאָר, און אָפט געהאַלטן ספּיטשעס אויף די קאָרנערס. איך האָב געשפּילט אויף דער רוסישער סצענע. אַלץ בין איך דורכגעגאַנגען.

— דעקלאַמיר אונז עפּעס, — האָט געבעטן „ברייננדעלע קאָזאַק“, וואָס איז עפּעס פּלוצים געוואָרן שטיל, פאַרטראַכט און ווי דערשלאָגן. — ווייז, וואָס דו קענסט.

ביים שמוגלער האָט זיך דאָס פּנים אין אַ רגע געביטן, גע־וואָרן צעטומלט, פאַרלאָרן, און ער האָט גענומען דעקלאַמירן אפּוכטינס „דער משוגענער“.

„סאַדיטיעס, יאַ וואַס ראַדיי.

אַז ער האָט געענדיקט, האָט אים די קאָמפּאַניע שטאַרק אַפּ־לאָדירט. ער האָט זיך פאַרנייגט און גליקלעך געשמייכלט. דער־נאָך האָט ער אָנגעהויבן ניקיטינס „דער בורלאַק“, נאָר אָפּגע־ריסן אין מיטן און זיך הייזעריק צעלאַכט:

— דאָס דאַרף מען דעקלאַמירן מיט אַ צעבראַסטעטע ברוסט, די האָר צעפּודלט, אַ באָרוועסער. אָנגיסן נאָך צו גלעזלעך?

די קאָמפּאַניע האָט געטרונקען נאָך. אפילו שרהלע איז נישט אָפּגעשטאַנען. זי איז געוואָרן פריילעך, אַביסל קאָקעטישער מיט די מענער, אַלע ווילע געלאַכט און פאַרזיכערט אַלעמען, דאָס זי פילט זיך וואונדערבאַר. סאָקאָל איז נישט אָפּגעטרעטן פון איר און „ברייננדעלע קאָזאַק“ האָט אים עטלעכע מאָל באַמערקט, אַלע זאָלן הערן:

— איך האָב אייך געזאָגט, אַז זי איז אַ דאַל. פאַרפירט איר נאָר נישט.

דערנאָך האָט דער באַלעבאָס דערציילט, ווי אַזוי מען שמוגלט גאַנצע טראַקס מיט משקה פון קענעדע און ווי אָפט אים קומט אוים איינצושטעלן זיין לעבן און פאַרמעגן. נאָר תּמיד דרייט ער זיך אַרוים. יאָ, נאָר צוויי מאָל איז ער אַריינגעפאַלן. עס האָט זיך

אָנגעהויבן אַ שיסעריי און אַ קויל האָט אים געטראָפן אין נאָז. אינגאַנצן צעפּאַטשקעט זיין פּנים. אַ צווייט מאָל האָט מען אים אַרעסטירט און אָט זיין קליינע מאַרגאַרעט האָט געבּראַכט טויזנט דאָלאַר אים צו בּייל. אָבער שפּעטער האָט אַ דזשורי אים אינגאַנצן בּאַפרייט.

די קאָמפּאַניע האָט נייגעריק אויסגעהערט אַ פּאָר געשיכטעס, אין וועלכע עס האָט זיך געפּילט אַ סך אויסגעטראַכטעס. ער האָט זיך בּאַרימט מיט העלדישקייטן, וואָס זענען אַפּנים נישט פּאָרגעקומען. נאָר אין דער שטילער, סודותדיקער נאַכט אַרום דעם וויסטן פּלאַץ אין דער קליינער בּאַנגאַלאָ, נעבּן דער קרענקלעכער מאַרגאַרעט, וואָס האָט די גאַנצע צייט פּאַרטראַכט געשוויגן, ווי זי וואָלט עפּעס פּאַרבּאָרגן אין זיך וועגן אָט דעם געזונטן מאַן, וואָס רעדט נאָכאַנאַנד אויף אַ פרעמדער פּאַר איר שפּראַך, האָט זיך אַלץ געגלויבּט.

די קאָמפּאַניע איז אַרויס פון „ספּיק איזי". דער שמוגלער איז נאָכגעגאַנגען און געוואַרט בּיז מען וועט זיך אַריינזעצן אין מאַשין.

סאָקאָל האָט אים שטיל אַ פרעג געטאָן:

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן, וואָס האָט אייך געטריבּן צו אַזאַ לעבן?

— דאָס איז אַ לאַנגע מעשה, — האָט ער זיך אַ צאַפּל געטאָן. — נאָך מיין פרוים טויט האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ שרעקלעכער אומעט. אַלץ איז מיר מיאוס געוואָרן. איך בּין אַוועק זוכן אַוואַנטורעס, בּין געקראָכן דעם טויט אַנטקעגן. נאָר צו וואָס רעדן! עך, אַ נאַכטעלע! — האָט ער פּלוצים אויסגעשריגן, — אַ פינסטערס, אַ געהיימנישפולס!

— גוד בּאַי! — האָט געזאָגט „בּריינדעלע קאָזאַק" און איז אַריין אין מאַשין.

— גוד בּאַי, רחלע, — האָט געענטפערט דער שמוגלער. — מען דאַרף גיין צו מיין שיקסל און פאַרלעשן די פייערלעך בּיים טיר. גוד בּאַי!

דער אויטאָמאָבּיל איז אַוועק.

צוריקוועגס האָט „בּריינדעלע קאָזאַק" דערציילט, אַז מאַרגאַרעט איז פריער געווען בּיים שמוגלער אַ דינסט־מיידל. ער האָט

זיך פאַרליבט אין איר, נאָר זי האָט פון אים נישט געוואָלט וויסן. ער האָט זי איינמאָל בייַנאַכט אָנגעשיכּורט און געצוווּנגען צו שלאָפן מיט אים. שפּעטער האָט ער מיט איר חתונה געהאַט. זי איז שוין פון אים עטלעכע מאָל אַנטלאָפן. נאָר שטענדיק רופט ער דערנאָך צוזאַמען אירע אייגענע, גיט זיי אַ זאַטע סעודה און זיי צווינגען זי צו גיין צוריק צו אים. איינמאָל איז זי פון אים אַנטלאָפן און איז אַוועק אין דער פּאַפּיר־פאַבריק אַרבעטן. נאָר אויפן צווייטן טאָג האָט זי געחלשט בײַ דער מאַשין. ער האָט זי געבראַכט אַהיים און געסטראַשעט מיטן ביקס. וואָס הענגט איבערן שלאָף־צימער. אַזוי איז זי ווידער פאַרבליבן בײַ אים.

סאָקאָל איז שטיל געזעסן נעבן שרהלען און זיך צוגעהערט ווען אָט דער פּרעמדער אים מאַרגאַרעט און זיך אַלץ דערמאָנט, ווי זי האָט אומעטיק געזונגען:

„יאַמשטשיק ניע גאָני לאָשאַדעי.
מניע ניעקודאַ באָלשע ספּעשיט״

## 14

פון האָום האָט מען צוגענומען אין שפּיטאָל צוויי פּאַציענטן. דער ייִד מיטן גרויסן בויך, וואָס האָט ליב געהאַט צו קיצלען די ווייבער אונטער די פּאַכוועס, האָט זיך איבערגעגעסן מיט מצה־קניידלעך און איז באַלד נישט אַוועקגעשטאָרבן. דערנאָך האָט חבר כאַצקלסאָן באַקומען זייער אַ שווערן אָנפאַל פון אַסטמע. דאָס האָט אָנגעשראָקן אַלע פּאַציענטן און זיי האָבן נאָך מער געמורמלט אויפן מענעדזשער און דער אַדמיניסטראַציע פון האָום, ווי יענע וואָלטן געווען שולדיק אין אַלץ. עס האָט זיך אויך געקאָכט אין דער „קאָמונע״ אויפן בערגל. אמת, האָבן געטענהט די באָיס, אַז דירעקט איז אפשר קיינער נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן ייִד, כאָטש אויף אים האָט מען אויך געדאַרפט אויפפּאַסן, אָבער פאַרוואָס האָט מען פאַרנאַכלעסיקט חבר כאַצקלסאָנען און מען האָט געוואַרט, אַז אים זאָל ווערן אַזוי שלעכט? ער איז אַן אויסגעמוטשעטער, אָרעמער אַרבעטער און אים האָט מען געמוזט אָפּהיטן בעסער. דאָס טאָר נישט פאַרשוויגן ווערן.

און די אומצופרידנהייט צווישן די מערסטע פּאַציענטן איז

געוואקסן, זיך לאנגזאם געשפרייט ווי א פייער איבער פייכטן גראָז און אַ טאָג פלעגט נישט פארביי, דער מענעדזשער זאָל נישט האָבן מיט אימיצן פון די פאציענטן א צוזאמענשטויס איבער עפּעס אַ קלייניקייט.

חבר כאצקלסאָנס פּלאַץ האָט מען אין סאָקאָלס צימער אוועק־געגעבן דעם אַלטן קליינינקן מוסר פון האָום, וועלכער האָט זיך געהאַלטן זייער אונטערטעניק און אָפּט געזאָגט תהלים אויף אויס־ווייניק. סאָקאָל האָט זיך געסטארעט וואָס זעלטענער צו בלייבן מיט אים אין חדר.

אַ גאנצן טאָג האָט זיך סאָקאָל געפילט נישט מיט אַלעמען און איז געלעגן אין בעט. אין צימער איז שטיל. מיסטער רובאַ־נאָוו און דער מוסר זענען ערגעץ אוועק. ער האָט זיך נאָר־וואָס אויפגעכאַפּט פון אַ שווערן דרימל. דער נאָז איז אים פארלייגט און אין מויל טרוקן. ער דערמאָנט זיך, אַז אין דרימל איז ער גע־קראָכן איבער הויכע, גליטשיקע פעלזן, מורא געהאַט ארונטער־צופאַלן, און אַלע ווײַלע פלעגן פון ערגעץ ארויסשפּרינגען נאַקע־טע, טשעקאווע קארליקעס, וואָס האָבן געמאַכט משונהדיקע הע־ווייות און געשמיסן אים איבערן פּנים מיט שטעכיקע „גאָלדן ראָד" און „רעג וויד".

סאָקאָל איז אַראָפּ פון בעט, אויסגעטרונקען אַ גלאָז קאַלט וואַסער און איינגעוואַשן דאָס פּנים. דאָס האָט אים אַביסל אָפּ־געפרישט. ער האָט אָנגעטאָן דעם כאַלאַט און זיך געזעצט ביים אָפענעם פענסטער.

די זון איז פארגאַנגען. אַנטקעגן איבערן וועג האָט זיך גע־שפרייט אַ פעלד, באוואקסן מיט פארשיידענע גרינסן, צווישן וועל־כע אַ פרוי האָט זיך געפּאָרעט. איר קאָפּ איז באַלויכטן פון דער פארגייענדיקער זון. סאָקאָלן האָט זיך געדאַכט, אַז די פארמערקע זינגט עפּעס ביי דער אַרבעט, ווײַל אַ שטילער, מאָנאָטאָנער ניגון האָט זיך דערטראָגן צו אים. ער האָט זיך געסטארעט כאַפּן די ווערטער און נישט געקאָנט. אָבער אַ גוט געפיל האָט אָנגערירט זיין האַרץ. אָט, ווען צו אים באַלאַנגט יענע פארם און די פרוי, וואָס אַרבעט אין גאָרטן, איז שרהלע, וואָס פאַר אַ וואונדערבאַר לעבן זיי וואָלטן ביידע געפירט! נאָר דאָס זענען אַלץ חלומות, פאַנטאַסטישע יונגט - חלומות און זיי פּאַסן גאָרנישט פאַר אים.

יאָ, ער לעבט איצט איבער אַ מערקווירדיקע צייט. ער שעמט זיך אפילו צו טראַכטן וועגן דעם. עס קומט אויס, אַז ער האָט זיך פאַרליבט אין שרהלען, אין דער פשוטער, פרומער פרוי, וואָס בענטשט ליכט אַלע פרייטיק פאַרנאַכט און פירט אַ כשרע קיך. ווען חבר פאַל און סאַשע ווייסן עס! זיי מיינען דאָך, אַז ער סטאַרעט זיך איבערצורייסן אַלע באַציאונגען מיט זיינע אַמאָליקע פריינט.

יאָ, די לעצטע דריי טעג, וואָס ער האָט פאַרבראַכט מיט שרהלען, זענען געווען די גליקלעכסטע אין זיין לעבן. ער געדענקט נישט קיין בעסערע טעג אפילו אין יענע יאָרן, ווען ער איז געווען אַ סך יינגער און געלט האָט צו אים געשטראָמט פון אַלע זייטן און ער האָט געקאָנט דערגרייכן כמעט אַלץ, וואָס זיין האַרץ האָט נאָר געגלוסט. דאַן האָט ער זיך נישט געפילט אַזוי רואיק. דאָס זענען געווען געבענטשטע דריי טעג.

פאַר זיין דמיון שטייט־אויף אַ בילד נאָך אַ בילד. די איבערלעבונגען צעוואַקסן זיך. סאַקאַל דערמאָנט זיך, ווי די קאָמפּאַניע האָט זיך אומגעקערט פון דער „ספּיק איזי" און „בריינדעלע קאָזאַק" האָט אים גענומען איינרעדן איבערצונעכטיקן ביי איר אין קאַטעדזש. זי האָט אין שפּאַס געהייסן שרהלען אויסבעטן פאַר אים דאָס בעט. שרהלע האָט עס געטאָן מיט פאַרגעניגן און סאַקאַל איז געשטאַנען אין אַ זייט און געשמייכלט אין געדאַנק.

דערנאָך האָט ער זיך געלייגט שלאָפן און זיך נישט אויפגעכאַפּט די גאַנצע נאַכט. דער שלאָף איז געווען אַ געשמאַקער, אַ שטאַרקער, אָן חלומות. אין דער פרי האָט ער געוואָלט זיך אומקערן אין האָום, נאָר „בריינדעלע קאָזאַק" האָט אים פאַרהאַלטן צו פרישטיק און דערביי דערציילט אויף איר שטייגער אַ טשעקאַווע געשיכטע וועגן אַן אָרעמער זינגערין, אין וועלכער עס איז „פאַרכלאַבעט" אַן אַלטער מאַן, וואָס לויפט אַרום איבערן שטעטל און אָראַנזשירט פאַר איר קאָנצערטן. זי אַבער פייפט אויף אים און דרייט זיך אַרום מיט אַנדערע. און „בריינדעלע קאָזאַק" האָט גענומען נאָכמאַכן, ווי אַזוי דער אַלטער דאָן זשואַן רעדט מיט זיין פרימאַדאָנע. סאַקאַל האָט געלאַכט.

אין טיר האָט זיך באַוויזן שרהלע. זי האָט זיי באַגריסט און געפרעגט, וואָס דאָ קומט אַזוינס פאַר.

— דאָס איז שוין איינמאָל א „ברײַנדעלע קאָזאַק״. — האָט נישט אויפגעהערט צו לאַכן סאָקאָל.

דערנאָך האָט שרהלע מיט זיי געגעסן פרישטיק. זי האָט געמאַכט א פאָרשלאַג, אַז זי וואָלט גערן נאָכמיטאָג געמאַכט א שפּאַציר אויפן באַרג עגעזי. פאָריקן זומער איז זי אינגאַנצן געווען איין מאָל דאָרט און דערצו נישט אַרויף אויפן אָבסערוויישאָן-טורעמל. זי פאָרט שוין באַלד אַוועק און ווער ווייס, צי דאָס קומענדיקע יאָר וועט זי ווידער קאָנען קומען אַהער. זי וואָלט געוואָלט נאָכאַמאָל אָנקוקן דעם „אָלד מען אָוו די מאַונטענס״, „די פלום״, די „אינדיאַן העד״ און די בערן, וואָס טרינקען סאָדע-וואַסער מיט די פאָדערשטע לאַפּעס און טאַנצן אויף די הינטערשטע. אויף „מאַונט וואַשינגטאָן״ איז זי נאָך קיינמאָל נישט געווען. זי האָט געהערט, אַז די טעג גייט אַן עקסקורסיע און עס וועט קאָסטן א סך ביליקער אַרויפצופאָרן אויפן שפּיץ מיט דער קליינינקער באַן. זי וואָלט געוואָלט אומעטום זיין, אַלץ דורכמאַכן, ווייל אין ניו-יאָרק מוז זי כמעט אַלע אָוונט זיצן אין הויז און וואַרטן אויפן מאַן, וועלכער קומט שטענדיק שפּעט פון דער אַרבעט.

מיסטער ווייסבערג האָט געגעבן שרהלען דריי פרייע טעג, זי זאָל קאָנען ווידער אָנקוקן אַלע פּלעצער. ער האָט צוגעזאָגט אויפצופּאַסן אויף דאָס קינד. און גלייך איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איבערמאָרגן זאָל מען אויך פאָרן אויפן „מאָונט וואַשינגטאָן״. „ברײַנדעלע קאָזאַק״ איז צוגעשטאַנען צו סאָקאָלן, ער זאָל אינגאַנצן פאַרבלייבן אויף די פּאָר טעג אין בעטלעהעם. ער וועט זיין איר גאַסט. דאָס צימער שטייט סיי-ווי-סיי ביי איר ליידיק. דערצו וויל זי, ער זאָל היינט אָוונט זען זי שפּילן אין האָטעל „דריי וועגן״. די פרימאַדאָנע פון דער וואַנדער - טרופּע איז פּלוצים קראַנק געוואָרן און זי העלפט זיי אַרויס אומזיסט. „ברײַנדעלע קאָזאַק״ נעמט נישט קיין געלט ביי אָרעמע קינסטלער. זיי וועלן שפּילן „די צוואה פון א גרינעם טאַטן״. יעס, זי וועט מאַכן א גרויסן סוקסעס. סוקסעס, א גרויסער סוקסעס!

„ברײַנדעלע קאָזאַק״ איז געווען זיכער, אַז שרהלעס מאַן איז אייפערזיכטיק, וואָס זיין פרוי געפעלט אַזוי סאָקאָלן. אָבער דאָס האָט איר ווייניק געאַרט. פאַרקערט, זי האָט מיט אַלע

מיטלען געוואָלט העלפֿן סאָקאָלן „פֿאַרפֿירן" שרהלען. צוליב דעם פֿאַרבאַהאַלטענעם צוועק האָט זי אויך אים אוועקגעגעבן דאָס צימער אויף די עטלעכע טעג און אַלץ געטומלט און גערעדט אַזוי, אַז מיסטער ווייסבערג זאָל מיינען, דאָס מען וועט אומעטום פֿאָרן און גיין כּלומרשט אין אַ קאָמפּאַניע און סאָקאָל מיט שרהלען וועלן נישט האָבן קיין מעגלעכקייט צו בלייבן אַליין.

„ברײַנדעלע קאָזאַק" האָט געזאָגט, אַז גלייך נאָכמיטאָג וועט זי ערגעץ אַרויספֿאָרן. זי דאַרף אימיצן זען...

אַזוי איז אויך געבליבן.

דעם גאַנצן פֿאַרמיטאָג האָט סאָקאָל פֿאַרבראַכט אין דרויסן, איז אַרומגעגאַנגען איבער מעין סטריט, גערעדט מיט באַקאַנטע, אָפּגערופֿן אין האָום דעם מענעדזשער און אים געזאָגט, אַז ער פֿאַרבלייבט אויף אַ פּאָר טעג אין בעטלעהעם, זיך צוגעקוקט, ווי מען שפּילט אין קאָרטן אויף די וועראַנדעס פֿון די יידישע האָטעלן און דריי מאָל פֿאַרבייגעגאַנגען דעם האָטעל, ווו סאַשע האָט שוין געאַרבעט. ער האָט געהאָפֿט, אַז זי וועט אים באַמערקן דורך די גרויסע, ליכטיקע פֿענסטער פֿון דיינינג־רום, אַרייַנרופֿן צו זיך און ער וועט דערגיין, צי זי איז צופֿרידן מיטן דזשאַב. נאָר הבּרטע סאַשע האָט מען נישט געזען אין עס־צימער. עס זענען דאָרט אַרומגעגאַנגען אַנדערע ווייטריסעס אין ווייסע פֿאַרטוכלעך. זי מוז אַפֿנים אַרבעטן אין קיך, — האָט ער געטראַכט און באַשלאָסן מיט איר זיך דורכצורעדן אַן אַנדערש מאָל.

יאָ, ער וועט זי זיכער זען אין פֿאַרלויף פֿון די פּאָר טעג. זי וואַרט מסתּמא, ער זאָל קומען. און אפֿשר נישט. סאַשע קוקט דעם לעבן גלייך אין די אויגן און נעמט, וואָס עס לאָזט זיך. קיין טראַגעדיעס, קענטיק, מאַכט זי נישט פֿון אַזוינע באַציאונגען. דאָך דאַרף מען אויסמיידן, זי זאָל אים נישט באַמערקן מיט שרהלען. אפֿשר רעדט זי נאָר אַזוי בראַוו און פֿילן פֿילט זי גאָר אַנדערש. עס קאָן איר וויי טאָן.

סאָקאָל איז ווידער אַוועק איבער מעין סטריט. ער איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע בלאָקס און זיך דערמאָנט, אַז דאָ ערגעץ אין אַ קליין געסעלע דאַרף זיך געפֿינען דער בית־המדרש, וואָס מען האָט נישט לאַנג צוריק איבערגעבויט. ער האָט געגעבן אויף דאָס שולכל אַ גוטע פּאָר הונדערט דאָלאַר און איז דאָרט אַפֿילו

קיין איין מאָל נישט געווען. איצט האָט זיך אים עפּעס פאַרוואָלט צוגיין און אַ קוק טאָן אויף דעם פּלאַץ.

סאָקאָל האָט פאַרקירעוועט אין אַ שמאָל געסל, וואָס איז געלעגן שטיל, פאַרשלאָפן און שווייגנדיק. סאָקאָל איז אַרויף אויף די שטיינערנע טרעפּ און פּרובירט עפענען די טיר פון שול. זי איז געווען פאַרמאַכט. ער האָט זיך געזעצט אויף די טרעפּ און באַשלאָסן אַביסל אָפּרוען. די זון וואַרעמט מילד, אַנגענעם. עס איז נאָך פאַר צוועלף און ער האָט נישט, וואָס זיך צו איילן. שרהלע האָט אים געזאָגט, אַז וואַרעמעס וועלן זיי עסן אַזייגער צוויי. דאָ זעט אים קיינער נישט. ער האָט פיינט זיך אַרומצו־שלעפּן איבער מעין סטריט, ווו אַלע ווײַלע שטעלט אים אימיצער אָפּ פון די באַקאַנטע און פרעגט:

— אָ, מיסטער סאָקאָל, וואָס מאַכט איר? ווי גייען די ביזנעס? ווו האָט איר געסטאָפּט?

יאָ, די ביזנעס גייען זייער גוט און „געסטאָפּט" האָט ער צווישן אָרעמע, ערלעכע האָרעפּאַשניקעס.

סאָקאָל איז געזעסן און זיך געוואַרעמט אַקעגן דער זון. אַ מידער פון אַרומבלאָנקען עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד, איז ער געוואָרן שלעפעריק, נישט־ווילנדיק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און פאַרמאַכט די אויגן.

באַלד האָט ער איינגעדרימלט און געזען אַ מערקווירדיקן חלום. מיט אַ גאַנצער קאָמפּאַניע איז ער אַרומגעפאָרן אין אַ גרויסן לימוזין. דאָרט איז געווען שרהלע, „ברײַנדעלע קאָזאַק", חברטע סאַשע, דער שמוגלער און נאָך מענער און פרויען.

מען איז געפאָרן איבער וועגן, וואָס האָבן אויסגעזען נעפּל־דיק, ווײַס און זענען געווען באַוואַקסן מיט נידעריקע קוסטעס בײַ די זײַטן. נאָר אָט האָבן זיך פון דערווײַטנס דערהערט טע־נער פון אַ דזשעז־בענד. די טענער האָבן אין דער לופטן געטאַנצט, גערייצט, געלאַקט און אַלע ווײַלע פאַרגאַנגען און ווידער אויפגעלעבט. דער אויטאָמאָביל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט באַרג־אַראָפּ און איז געבליבן שטיין בײַם וועג, נישט ווײַט פון דער שול, נעבן אַ העל־באַלויכטענער הילצערנער קאַסינאָ.

די קאָמפּאַניע איז צוגעגאַנגען צום אַרײַנגאַנג. „ברײַנדעלע קאָזאַק" האָט געטומלט, אַז זי צאָלט פאַר אַלעמען.

סאָקאָל האָט ביי אימיצן געפרעגט, ווו איז דער אויפפּאַסער פון שול און גלייך איז צו אים צוגעשפּרונגען אַ גלאַט־ראַזירטער יונגערמאַן מיט אַ רונדן נאַרעשעוואַטן פּנים און זיך פאָרגע־שטעלט, ער איז דער שמש. נאָר אין דער רגע האָט אים אַ כאַפּ געטאָן אונטערן אָרעם „בריינדעלע קאַזאַק" און אַוועקגעשלעפּט טאַנצן.

אין קאַסינאָ איז געווען טומלדיק פון די טאַנצנדיקע פּאָר־לעך. דריי יונגע נעגער מיט גרויסע ווייסע ציין, ווי פון העלפאַנט־ביין, האָבן געשפּילט. איינער האָט געסקריפּעט אויף אַ פאַנטאַס־טישן סאַקסאָפאָן און דער דריטער האָט מיטן גאַנצן כח געקלאַפּט אין אַ פּייקל. זיי האָבן אונטערגעזונגען אין טאַקט פון דער מו־זיק און געטאָפּעט מיט די פיס.

צעהיצטע יונגע מיידלעך מיט צעפלאַמטע פּנימער, מיט נאַקעטע, פון דער זון אָפּגעברענטע פיס, האָבן טאַנצנדיק ליידנ־שאַפטלעך זיך געבויגן און שטאַרק זיך געדריקט צו די יונגעלייט, פאַרפירעריש זיי אַריינגעקוקט אין די אויגן.

סאָקאָלן איז מיטאַמאָל געוואָרן דושנע, ענג. זאָלן זיי זיך טאַנצן. ער האָט אַ קוק געטאָן, ווי שרהלעס מאַן דרייט זיך מיט סאַשען, וואָס האָט אייגנטוויקלט איר פּראַכטפולן, נאַקעטן קער־פּער אין אַ רויטער פאַן און איז אַרויס פון דער קאַסינאָ.

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די טרעפּ פון שול. די נאַכט איז אַ וואַרעמע און ער וועט דאָ אַביסל זיצן. דער טומל פון קאַ־סינאָ האָט זיך אַלץ געהערט. און דאָ האָט זיך אין דער טונקל־בלויער פינסטערניש, ביי די טרעפּ, באַוויזן אַן איינגעהויקערטע פיגור פון אַן אַלטן יידן מיט אַ גרויער באָרד. די פיגור האָט גענומען פּאַמעלעך אַרויפגיין אויף די שטיינערנע טרעפּ.

סאָקאָל האָט זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט און האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז דאָס מוז זיין אַ ייד פון בעטלעהעם, וואָס וויל אַריינגיין אין בית־מדרש. אמת, עס איז שוין טאַקע זייער שפּעט, נאָר מסתמא איז דעם יידן אומעטיק, אַזוי ווי אים, וויל זיך אים לערנען אַביסל ביים שיין פון אַ חלב־ליכטל. דאָס איז סאָקאָלן אויסגעקומען גאַנץ פּשוט. דערוויל האָט זיך דער אַלטער דערנענטערט צו אים, זיך אָפּגעשטעלט און שטיל געפרעגט:

— וואָס מאַכסטו, דודל?

סאָקאָל האָט זיך איינגעקוקט אין זיין פּנים. די אויגן ביים אַלטן האָבן געלויכטן. ער האָט אויסגעזען צו זיין סאָקאָלן זייער באַקאַנט, נאָר ער האָט זיך נישט געקאָנט דערמאָנען, ווו ער האָט אים פריער געזען.

— ווער זענט איר, זיידע? — האָט געפרעגט סאָקאָל.

דער אַלטער האָט זיך הייזעריק צעלאַכט:

— דו דערקענסט מיך גאָרנישט, אַ? ביסט געוואָרן אַ קאָמוניסט, גלויבסט מער נישט אין גאָט? הער אַ מעשה! און איך בין, דאָך ר׳ ליזער, דער שמש פון דער אַלטער שול, ווו דיין טאַטע האָט אַ גאַנץ לעבן געדאַוונט.

— יאָ, יאָ, — האָט געזאָגט סאָקאָל מיט שרעק. — איך דערקען אייך. אָבער ווי קומט איר אַהער? איר לײַדט אויך פון הייך־פיבער איצט? נאָר איר זענט דאָך שוין פון לאַנג געשטאָרבן.

— נישט אמת, מיין זון. איך לעב און וואַנדער אַרום איבער דער וועלט. איך זוך אַמאָליקע יידן און זייערע אַלטע בתּי־מדרשים. נאָר מען האָט אַלץ פאַרניכטעט. אין די נייע שולן וויל מען נישט אָנשטעלן אַן אַלטן שמש. יונגע מיט געגאָלטע פּנימער האָבן פאַרכאַפּט אַלע פּלעצער און פאַר אַן אַלטן ייד איז קיין פּרנסה נישטאָ. עס איז אויפגעשטאַנען אַ נייער, פאַרביטערטער דור, וואָס גלויבט נישט אין גאָט. ביטער, זייער ביטער, — האָט פאַרענדיקט דער אַלטער מיט אַ קרעכץ און זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די טרעפּ נעבן סאָקאָלן.

— וווהין־זשע גייט איר איצט, ר׳ ליזער? אפשר וועט מען אייך אַריינגעמען אין האָזם?

— איך וועל אַדאָ איבערנעכטיקן אויף די טרעפּ און פאַרטאָג זיך לאָזן ווייטער גיין.

דער אַלטער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף סאָקאָלס אַקסל, אַ שווערע, טויטע האַנט. סאָקאָל האָט דערפילט אַ שרעק און אַ ציטער איז אַדורך זיין לייב.

דערנאָך האָט ער געוואָלט זיך אויפהויבן און נישט געקאָנט. זיין גאַנצער קערפּער איז געוואָרן, שווער און ווי פּאַראַליזירט. ער האָט געקוקט אויפן אַלטן און די שרעק איז געוואַקסן אין אים, געשטיקט. סאָקאָל האָט געוואָלט אַ רוף טאָן אימיצן, נאָר דאָס קול איז אים אָפּגענומען געוואָרן. דערנאָך האָט ער זיך

פּלוצים אויפגעכאַפּט. די זון האָט אַלץ מילד געוואַרעמט. און דאָס געסל איז געלעגן אַ שטילס, אַ פאַרשלאָפנס.

---

אַזייגער דריי נאָכמיטאָג איז געקומען דער שייגעץ מיט זיין גרויסער מאַשין און „ברײנדעלע קאָזאַק" איז אַרויסגעפאָרן. סאָקאָל און שרהלע זענען אויך געפאָרן.

זיי זענען פאַרבייגעפאָרן די האָוס, זיך אַרויפגעהויבן אויף אַ הויכן פּלאַץ, פאַרקירעוועט אין אַ געדיכטן וואַלד פון יונגע סאָסנע־בוימער. דאָ איז די מאַשין געגאַנגען פּאַמעלעך איבער אַ שלעכטן, צעגראָבענעם וועג. סאָקאָל און שרהלע זענען געזעסן שווייגנדיק, נישט געוואָלט שטערן „ברײנדעלע קאָזאַק" אויסגיסן איר ביטער האַרץ און די אומרו, וואָס האָט געזונגען אין איר. זאָל איר פריינט זיך אויסבאַהאַלטן פון איר און זיך גאָלובען מיט אַן אַנדער פרוי אין וואַלד, אין אַ קליינער באָנגאָלאָ. איר אַרט עס נישט. זי איז נישט אייפערזיכטיק. זי דאַרף מען פאַרשטיין. ער האָט אַ נאַטור פון אַ קינסטלער און מוז שטענדיק בייטן די געליבטע. אָבער „ברײנדעלע קאָזאַק" איז די איינציקע און די שטענדיקע.

נעכט, נעכט איז זי נישט געשלאָפן, ווען ער איז געווען קראַנק. די טעמפּעראַטור האָט זיך געהאַלטן אין איין הויבן אין דער טויט איז שוין געשטאַנען צוקאָפּנס פון זיין בעט. אָבער זי מיט איר ליבע האָט דעם מלאך המות פאַרטריבן. זי, „ברײנדעלע קאָזאַק", האָט עס געטאָן. זי האָט נאָך אַזוי גערעדט און גערעדט.

סאָקאָל און שרהלע האָבן אַפילו אַביסל איינגעדרימלט. נאָר אָט איז די מאַשין אַרויסגעפאָרן אויף אַ פרייען פּלאַץ אין וואַלד און געבליבן שטיין נישט ווייט פון אַ קליינעם איין־שטאָקיקן האָטעל. אַביסל ווייטער האָט זיך געפונען אַ שטילע אָזערע. אויפן ברעג זענען געשטאַנען אַ פינף קליינע באָנגאָלאָס, אָפּגעפאַרבט אויף גרין. אַרום האָט מען קיינעם נישט געזען און נאָר אַ ייִנגל פון אַ יאָר צען איז געזעסן אין אַ שיפל אויפן וואַסער און זיך געשפּילט מיט די וויאָסלעס.

„ברײנדעלע קאָזאַק" האָט אַריינגעקוקט אין די פענסטער־

לעך פון די באַנגאַלאָס און איר פּנים האָט זיך אַלץ מער פאַר־כמורעט. קיינער איז דאָרט נישט געווען.

— מיר פאָרן צוריק, — האָט זי געזאָגט, און אַ ווײַלע שפּע־טער איז שוין די מאַשין ווידער פּאַמעלעך געגאַנגען איבער דעם שלעכטן, צעגראָבענעם, וואַלדיקן וועג. „ברײַנדעלע קאָזאַק" האָט מער נישט גערעדט וועגן איר פרײַנט. אַפילו זײַן נאָמען נישט דערמאָנט. זי האָט דערציילט וועגן אירע פּלענער פאָרן קומענ־דיקן ווינטער. דער זשורנאַליסט, וואָס שטייט־איין בײַ איר, דער קאַצאַפּ, האָט איר צוגעזאָגט צו באַקאַנען מיט אַ מענעדזשער פון אַ טעאַטער און זי אַרויספירן אויפן סטיידזש. זי וועט נאָך אײַ־בערראַשן ניו־יאָרק מיט איר שפּילן. זי וועט אַליין אָנשרײַבן אַ פּלעי פון איר אייגן לעבן און אַליין עס שפּילן. בראַוואָ, בראַוואָ און בים, „ברײַנדעלע קאָזאַק"! דער טעאַטער וועט הילכן פון די אַפּלאָדיסמענטן. יאָ, היינט אָוונט דאַרף זי שפּילן אין האָטעל „דריי וועגן". אַלע אירע פרײַנט מוזן קומען זי זען.

סאָקאָל און שרהלע זענען געווען צופרידן, וואָס זי האָט געביטן די טעמע. מען האָט געקאָנט איר מאַכן וויציקע באַמער־קונגען און איבערהויפּט זיך פילן פריי. און אַזוי איז די מאַשין גיך צוריק אַרײַנגעפאָרן אין בעטלעהעם.

---

סאָקאָל און שרהלע האָבן זיך געלאָזט גיין צום באַרג עגעזי. עס איז שוין געווען אַזייגער פיר. אין אַ האַלבער שעה זענען זיי צוגעקומען צום „טוירנפּייק", דעם טויער, דורך וועלכן אויטאָמאָ־בילן מוזן דורכפאָרן און עפּעס אײַנצאָלן. דערנאָך האָבן זיי פּאַ־מעלעך, מיט אַ שמאָלער סטעזשקע, גענומען אַרויפגיין אויפן באַרג. אַרום האָט געשמעקט מיטן שאַרפן באַלזאַם־ריח פון יאָל־קע־בוימער, שישקעס, פאַרשיידענע שוועמלעך, גרינעם פּייכטן מאָך און שוואַרצע ווילדע יאַגדעס. אויף דער סטעזשקע איז גע־ווען קיל און שאָטנדיק. סאָקאָל פּלעגט אַלע ווײַלע אָננעמען פאַר אַ האַנט שרהלען און איר העלפן שטייגן אַלץ העכער. אָדער ער פּלעגט פּלוצים בלײַבן שטיין און זיך סטאַרען דערקלערן, וואָס ער מיינט מיט געוויסע צווײַדייטיקע פראַזן, וועלכע ער האָט נאָר־וואָס אַרויסגעזאָגט.

ער האָט איר שוין דערציילט דעם חלום, וואָס ער האָט געזען אויף די שטיינערנע טרעפּ פון שול און א סך גערעדט וועגן זיינע טרוימערישע האָפענונגען און פארלאַנגען, וואָס זענען קיינמאָל נישט מקוים געוואָרן. ער האָט איר אָפן און פשוט געזאָגט, אז אָט איצט, דאָ אין וואַלד, אויף דער פארבאָרגענער סטעזשקע, פילט ער זיך גליקלעך. ער האָט גאָר קיין ווערטער נישט עס אויסצודריקן. ער וואָלט אפשר געדאַרפט שווייגן, נישט רעדן אזוי. מאָלע וואָס ער פילט! וואָס דאַרף עס זי אָנגיין. ער ווייס, אז זי האָט ליב איר מאַן און וועט קיינמאָל אים נישט זיין אומגעטריי. און אזוי איז גוט. זי מוז אים אנטשולדיקן פאר די־דאָזיקע רייד. ווען א מענטש איז גליקלעך, פּלאַפּלט ער ווי א קינד, וואָס עס זאָל אים נישט קומען אויפן צונג.

— מיסטער סאָקאָל, — האָט געזאָגט שרהלע, — איר האָט א נשמה־יתרה.

ער האָט זי אָנגענומען פאר ביידע הענט און זיי שטאַרק א דריק געטאָן. זיי זענען ארויס פון וואַלד, אריבער דעם סטייט ראוד און באַלד זיך ווידער געפונען אין שאָטן פון ביימער.

— לאָמיר זיך אביסל אָפּרוען, — האָט סאָקאָל פאָרגעשלאָגן. — אָט דאָ ערגעץ דאַרף זיין א באַנק.

ער האָט אָפּגעזוכט אן אַלטע, איינגעבויגענע באַנק, וואָס איז געווען אויסגעפלאָכטן פון גראָבע צווייגן. זיי האָבן זיך צוגעזעצט.

— ווען פאָרט איר אהיים? — האָט געפרעגט שרהלע.

— מסתמא דעם ערשטן אָקטאָבער, — האָט זיך פארטראַכט סאָקאָל. — וואָס האָב איך זיך צו איילן? אין דער היים איז נישט אזוי אנגענעם, אז מען האָט נישט וואָס צו טאָן.

— קאָנען אייך אייערע אייגענע און פריינט נישט ארויסהעלפן ווידער אָנצופאַנגען א ביזנעס?

— מיט ביזנעס האָב איך געענדיקט. איך וואָלט געוואָלט זיך נעמען בעסער פאר אן ארבעט. איך וויל פירן אן ערלעך לעבן. איך האָב איצט גאָר אנדערע אידעען אין קאָפּ. און ווען פאָרט איר אהיים?

— א פּאָר טעג נאָך ראש־השנה, — האָט געענטפערט

שרהלע און זיך פֿארקוקט אויף איניציאַלן, וואָס זענען געווען אויסגעקריצט אויף דער ווייסער קאָרע פֿון אַ נאָנטער בערעזע.

— וועלן מיר אינגיכן זיך שוין דאַרפֿן געזעגענען?

— יאָ, אָבער איר וועט דאָך קאָנען אַמאָל אַרויפֿקומען צו אונז אין שטאָט.

עס איז דורכגעשפּרונגען אַ וועווערקע. סאַקאָל האָט אומבאַ־מערקט אַרויפֿגעלייגט אַ האַנט אויף שרהלעס אַקסל.

זי האָט זיך אויפֿגעהויבן און געזאָגט:

— קומט, מיסטער סאַקאָל, עס וועט ווערן שפּעט.

אַ ווײַלע שפּעטער זענען זיי שוין געווען אויפֿן שפּיץ באַרג, וווּ עס האָט זיך געפֿונען אַ סטאָר מיט פֿאַרשיידענע „סאָ־ווענירס" פֿון די „ווײַט מאַונטענס". דאָרט האָבן זיי געקויפֿט צוויי בילעטן אַרויפֿצוקריכן אויפֿן אָבסערוויישאָן־טורעמל.

די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַלץ נידעריקער. פֿאַר זיי האָט זיך אויף מײַלן און מײַלן ווײַט אַ שפּרייט געטאָן אַ גרויסער טאָל, אײַנגעהילט אין גיגאַנטישע בלויע שאָטנס, אַרומגערינגלט מיט הויכע בערג, פֿאַרוואָרפֿן דאָ און דאָרט מיט פֿאַרמס, קאַרשן־גערטענער, קליינע שטעטלעך און ישובים.

— מײַן גאָט! — האָט אויסגעשריגן שרהלע. — ווי וווּנ־דערבאַר דאָס איז!

סאַקאָל איז געשטאַנען נעבן איר און לייכט זי געהאַלטן אַרומגענומען בײַ דער טאַליע. דער ווינט האָט געריסן אירע גאָל־דענע האָר און אָפּגעצייכנט די פיגור. סאַקאָלן האָט זיך אַביסל פֿאַרדרייט דער קאָפּ פֿון דער הויכקייט.

ער האָט זיך צוגעזעצט אויף איינער פֿון די בענק, וואָס זע־נען געווען אויסגעשטעלט אַרום דער קליינינקער פּלאַטפֿאָרם פֿון דעם אָבסערוויישאָן־טורעמל.

ער האָט געקוקט אויף שרהלען, ווי זי שטייט אַ באַגייס־טערטע און דער ווינט שפּילט זיך מיט אירע האָר, פּלאַטערט מיט איר קלייד, און אַ פֿרייד האָט זיך געריסן פֿון זײַן האַרץ.

ער איז ווידער צוגעגאַנגען צו איר.

— וווּנדערבאַר! וווּנדערבאַר! — האָט זי עטלעכע מאָל ווידערהאָלט.

דערנאָך האָבן זיי געקוקט אויף דער געגנט דורך אַ גרויסן

פענסטער מיט קאָלירטע שויבן: רויט, גרין, געל און בלוי, און אַלץ אין זייערע אויגן האָט מיט יעדער באַוועגונג אָנגענומען אַן אַנדער פאַרב. אַראָפּ פון אָבסערוואַטאָריע — טורעמל זענען זיי געבליבן שטיין בײַ אַ גרויסן מעגאַפאָן, וואָס איז געשטאַנען נאָנט איבערן טיפן טאָל. שרהלע האָט עטלעכע מאָל עפּעס אַרײַנגעשריגן און די ווײַטקייט האָט שוואַך געענטפערט מיט אַן עכאָ.

— איצט פּרובירט איר עפּעס אַרײַנשרײַען, — האָט פאָרגעשלאָגן שרהלע.

סאָקאָל האָט זיך פאַרטראַכט. דערנאָך אַביסל פאַרשעמט און האַלב אין שפּאַס און האַלב ערנסט געזאָגט:

— איך וועל באַלד אַנטפּלעקן פאַר דער וועלט אַ גרויסן סוד, — און מיטן גאַנצן כּח אַרײַנגעשריגן אינם גרויסע, אָפענע מויל פון מעגאַפאָן:

— איך האָב דיך ליב, שרהלע!

דער טאָל האָט שטילער זיך אָפּגערופן, אומגעקערט די זעלבע ווערטער און איז גלײַך אַנטשוויגן געוואָרן, זיך פאַרטאָיעט אין זיך.

שרהלע האָט געשמייכלט און געקוקט אַביסל אומעטיק אויף סאָקאָלן.

אין אָוונט זענען זיי ווידער געווען צוזאַמען, אויף דער טעאַטער־פאָרשטעלונג, אין וועלכער „ברײַנדעלע קאָזאַק" האָט גענומען אָנטייל.

בײַם אַרײַנגאַנג פון האָטעל „דרײַ וועגן" איז געשטאַנען אַ מאַן מיט אַ הייזעריקן קול זיך געבעטן בײַ די פאַרבײַגייער:

— קומט אַרײַן זען אַ יידישן שאָו. איר וועט האָבן אַ סך פּלעזשור. אײַנטריט פרײַ. העכסט־אינטערעסאַנט פּראָגראַם. קומט אַרײַן!

אין לאָבי פון האָטעל זענען געשטאַנען אַ פּופּציק שטולן באַזעצט דערווײַל פון אַ פּאָר עלטערע פרויען און עטלעכע קינדער. אין אַ ווינקל איז געזעסן אַ מאַן, און גיך און גרילצנדיק געשפּילט אויף אַ צימבל, נאָכאַנאַנד טרייסלענדיק מיטן קאָפּ, באַוועגט מיט די אַקסלען און געוואָרפן אומרואיקע און אומעטיקע בליקן צום אַרײַנגאַנג, ווו קיינער האָט זיך אַלץ נישט באַוויזן. סאָקאָל און שרהלע האָבן זיך געזעצט אַן אַ זײַט, שטיל גערעדט

און געוואַרט, די פֿאָרשטעלונג זאָל זיך אָנהויבן. ענדלעך זענען אַריינגעקומען נאָך אַ צען מענער און פֿרויען, צווישן וועלכע עס זענען געווען עטלעכע באַרדעריקעס פֿון „ברײַנדעלע קאָזאַקס" קאַטעדזש, וועלכע זענען געקומען זען שפּילן זייער „צעדרייטע מיסעס".

אויף דער סצענע האָט זיך באַוויזן דער סטאַר, אַ מאַן מיט אַ בלייך פּנים און אַ געדיכטן קאָפּ טונקל־גרויע האָר. ער האָט אָנגעקוקט דעם קליינעם עולם, אַ זיפֿץ געטאָן און אָנגעהויבן:

— ליידיס און דזשענטעלמען! מיר וועלן שפּילן פֿאַר אייך „די צוואה פֿון אַ גרינעם טאַטן" מיט טענץ און געזאַנג. די הויפּט־ראָל וועט דורכפֿירן די באַוווּסטע אַרטיסטין מאַדאַם שטיינמאַן, באַקאַנט אין בעטלעהעם אונטערן צונאָמען: „ברײַנ־דעלע קאָזאַק". האָט געדולד! דאָס ווערטע פּובליקום וועט זיך נאָך צוזאַמענקלייבן. דערווייל וועט אייך דער צימבאַליסט אַמו־זירן מיט זיין אויסגעצייכנטן אינסטרומענט. מאָריס, שפּיל!

דער מאַן מיטן צעטראָגענעם פּנים האָט ווידער געגומען גרילצן אויף זיין צימבל, טרייסלען מיטן קאָפּ און דאָס „ווערטע פּובלי־קום" האָט זיך ווייטער געלאַנגווייליקט.

אַביסל שפּעטער האָט זיך די לאָבי עטוואָס אָנגעפֿילט. די קינדער זענען געוואָרן אומגעדולדיק און גענומען אַרומלויפֿן. דער זייגער אויפֿן וואַנט האָט שוין געוויזן פּונקט צען. איין פֿרוי האָט זיך דעמאָנסטראַטיוו אויפֿגעהויבן און איז אַרויס. פֿון דרויסן האָט זיך אַלץ געהערט אַ בעטנדיק, הייזעריק קול.

— קומט אַריין, זעט אַ ייִדישע שאָו! איינטריט פֿריי.

ווידער האָט זיך באַוויזן דער סטאַר אויף דער קליינער פּלאַטפֿאָרם, וואָס האָט געזאָלט דינען פֿאַר אַ סצענע. דערנאָך איז פֿון אַ זייטיקער טיר האַסטיק אַריינגעקומען שרעקלעך גרימירט „ברײַנדעלע קאָזאַק" און נאָך איר זענען נאָכגעלאָפֿן אַ ייִנגל פֿון אַ יאָר צוועלף און אַ גאַנץ שלאַנק, שוואַרץ־חנעוודיק, דערוואַקסן מיידל. „ברײַנדעלע קאָזאַק" האָט אַ געשריי געטאָן:

— קינדער, אייער זיידע קומט היינט פֿון יוראָפּ צופֿאָרן. אייער גרענד פּאַ!

די פֿאָרשטעלונג האָט זיך אָנגעהויבן. דאָס מיידל האָט זיך געקרימט, אַז זי וויל נישט האָבן אין הויז אַ שמוציקן גרינעם

זיידן. דאָס יונגל, פאַרקערט, איז געשפּרונגען און געטאַנצט פון פריידן און זיך צעזונגען אין אַ צעבראָכענעם יידיש סענטימענטאַלע לידלעך. דערנאָך האָט זיך פון דער דרויסנדיקער טיר באַוויזן אין דער לאָבי דער זיידע אַליין, מיט אַ באָרד און אַן אַלטן געלן טשעמאָדאַן אויף די איינגעבויגענע אַקסלען. עס איז געוואָרן אַ טומל אויף דער סצענע. דער גרינער זיידע האָט דערציילט שרעקלעכע זאַכן פון דער אַלטער היים, געשילדערט אַ פּאָגראָם, געהויבן די אויגן צו דער סטעליע, געדריקט די פויסטן און פּלוצים גאָר זיך אַוועקגעלאָזט טאַנצן אַ קאַמאַרינסקע. דער צימבאַליסט האָט אים אַקאָמפּאַנירט. גלייך האָט „ברײנדעלע קאָזאַק", וואָס האָט געשפּילט די ראָל פון דער טאָכטער, זיך דערוווסט, אַז איר פאָטער האָט פאַרלאָרן זיינע פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר, וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט פון דער אַלטער היים, און זי הייסט אים גיין אין מושב־זקנים. דער אַלטער האָט זיך צעוויינט און געזונגען טרויעריקע לידער, דאָס אייניקל האָט אים אונטערגעהאָלפן און געטרייסט, אַז ער וועט אים אַוועקגעבן זיין בעט. עס ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז דאָס געלט האָט דער גרינער זיידע נישט פאַרלאָרן און ער וויל נישט בלייבן ביי אַזאַ אומדאַנקבאַרער טאָכטער.

ער נעמט פאַרן האַנט דאָס אייניקל און ביידע לאָזן זיך אַוועק דורך דער לאָבי צום אַרויסגאַנג וואַנדערן איבער דער וועלט. אָבער ביידע קערן זיך גלייך אום און דער זיידע „דעליווערט" אַ „ספּיטש" פאַרן עולם.

— ליידיס און דזשענטלמען! — האָט אָנגעהויבן דער סטאַר. — עס איז שווער צו שפּילן אין אַזאַ פּלאַץ אַן דעקאָראַציעס. מיין העמד איז דורכגעווייקט פון שוויס. מיר האָרעווען ווי שוסטער און שניידער און אַמאָל נאָך שווערער. מיר זענען אמתע האָרעפּאַשניקעס, פּראָלעטאַריער. דערצו איז נישט גרינג צו זיין אַ שוישפּילער ביי יידן און ספּעציעל נאָך שפּילן אין אַ וואַנדער־טרופּע. מיר ווייסן קיינמאָל נישט, וואָס דער מאָרגן וועט אונז ברענגען. היינט דאָ און מאָרגן דאָרטן. אָט איז קראַנק געוואָרן אונזער פּרימאַדאָנע און מען האָט זי געמוזט אַוועקנעמען אין שפּיטאָל. ליידיס און דזשענטלמען! די שאָו האָט זיך ערשט אָנגעהויבן. מיר וועלן נאָך היינט שפּילן און שפּילן און

מיר קאָנען אייך אַמוזירן ביז האַלבע נאַכט. איצט וועט איר זיך אָפּרופן הארציק און ביישטייערן פאַר דעם פּלעזשור, וואָס מיר האָבן אייך דאָ פאַרשאַפט און גייען נאָך פאַרשאַפן. ווער גיט די ערשטע צוויי דאָלאַר?

אַלע האָבן געשוויגן. דער זייגער אויפן וואַנט האָט אָפּגע־קלאַפּט עלף מאָל. די שטילקייט איז געוואָרן אַ געדריקטע.

— די ערשטע צוויי דאָלאַר? —האָט ווידערהאָלט דער סטאַר שטילער. מען האָט אַלץ געשוויגן. ער האָט גענומען אַ היטל און זיך געלאָזט קלייבן צווישן עולם. ער איז פּלוציים גע־וואָרן לעבעדיק. זיך געשטעלט אויף די קני פאַר עטלעכע יונגע פרויען און געגלאָצט מיט די אויגן. „דאָס וווערטע פּובליקום" האָט איינגעהאַלטן געלאַכט און געוואָרפן אין היטל דיימס, קוואָ־דערס און האַלבע דאָלאַרס. דערנאָך האָט דער סטאַר אויסגע־שאָטן דאָס געלט אויף אַ טיש און אויסגערופן:

— ווער אַ דאָלאַר פאַר איבערציילן?

שרהלע האָט זיך אויפגעהויבן.

— קומט, סאַקאַל, — האָט זי שטיל געזאָגט. — איך קאָן עס נישט פאַרטראָגן.

זיי זענען אַרויס און זיך געלאָזט אויף אַ שפּאַציר מיטן פּראַכטפולן וועג, וואָס פירט צו מייפלוווד. שרהלע האָט געהאַלטן סאַקאָלן אונטערן אָרעם און גערעדט מיט פאַרדראָס וועגן דער פאָרשטעלונג. אין איר אָפּשאַצונג האָט זי אַרויסגעוויזן געשמאַק און פאַרשטענדעניש פאַר גוטע פּיעסעס. דערנאָך האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט צו טרינקען ביים קוואַל, וואָס האָט זיך געפונען אויפן וועג. עס איז געלעגן אַ ברייטער שטיין אין דערביי איז גע־שטאַנען אַן אַלטער בוים מיט אַ גרויסער אָפענער וווּנד אין זיין שטאַם, פון וועלכער עס האָט נאָכאַנאַנד געשטראָמט אַ דינינקעס, פרישׁ קאַלט וואַסערל. אויפן בוים איז אויך אויף אַ קייטעלע גע־האַנגען אַ צינקאָווע קרוזשקע.

זיי זענען צוגעקומען צו אַ קלייגעם שטיינערנעם קלויסטער מיט קאָלירטע פענסטער. דעמדאָזיקן קלויסטער האָט אַ מיליאָנער אויסגעבויט, אַן אָנדענק פון זיין איין - און - איינציקער טאָכטער, וועלכע איז געשטאָרבן גאָר אַ יונגע. אַלע האַלבע שעה האָט אַן אָרגאַן אינעווייניק אויטאָמאַטיש אויסגעשפּילט אַ טרויעריקן רע־

ליגיעזן מאָטיוו. איצט האָט עס ווידער געשפּילט און סאָקאָל מיט שרהלען זענען געבליבן שטיין אויף א ווײַלע. זיי זענען געגאַנגען פאַרבײַ די גרינע, גלאַטע און ברייטע גאַלף - פעלדער, וואָס זענען געשלאָפן אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט. ש־הלע האָט אַלץ געהאַלטן סאָקאָלן אונטערן אָרעם. דערנאָך האָבן זיי באַמערקט א באַנק ביים וועג און זענען דאָרט א ווײַלע געזעסן און געשוויגן.

אהיים האָבן זיי זיך אומגעקערט אזייגער צוועלף. די גאַנצע טרופּע, מיט וועלכער „בריינדעלע קאָזאַק" האָט געשפּילט, איז געווען ביי איר און געטרונקען און געגעסן. און זי איז געשטאַנען אין מיטן צימער, עפּעס פאַרגעשטעלט א טשיקאַווע סצענקע, ווי זי פאַרדינגט רומס אירע היי־פיבערניצעס און אַלץ צוגעגעבן:

— סוקסעס, סוקסעס, א גרויסער סוקסעס!

---

אויף מאָרגן האָט א מאַן, וואָס איז איינגעשטאַנען ביי „בריינדעלע קאָזאַק", פאַרגעשלאָגן סאָקאָלן אויף א טאָג זיין אַלטן אויטאָמאָביל. צוערשט האָט סאָקאָל געפירט א גאַנצע גרופּע פרויען קיין ליטלטאָן איינקויפן שפּייז, דערנאָך איז ער צוגעפאָרן צו די באַיעס פון דער „קאָמונע", פאַרבראַכט מער ווי א שעה מיט חבר פאָלן, וועלכער האָט איצט געשמאַק געאַרבעט אויף א נייער דערציילונג און זיך געפילט מונטער און גוט. ער האָט אויך אויסגעזען געזונטער און זיין דאַרער קערפּער איז, דאַכט זיך, עטוואָס פולער געוואָרן. סאָקאָל האָט חבר פאָלן געגעבן אָנצוהערן, אז ער פילט זיך די לעצטע טעג אויסערגעוויינלעך גוט און אפילו גליקלעך. ביי א געלעגנהייט וועלן זיי זיך נאָך דורכרעדן וועגן דעם, ווייל די פרייד קומט צו אים פון א וועלט, וואָס האָט אים, סאָקאָלן, געדאַרפט זיין פרעמד איצט לויט זיינע נייע איבערצייגונגען.

חבר פאָל האָט זיך אָנגעשלאָגן, וואָס עס קומט פאָר מיט סאָקאָלן. יאָ, זיי וועלן זיך טאַקע דורכרעדן. ער וואָלט געוואָלט אַלץ וויסן.

דערנאָך איז סאָקאָל אויף א ווײַלע צוגעפאָרן אין האָום,

געפונען אַ בריוו מיט אַ „מאָני אָרדער" אויף עטלעכע דאָלאַר פון דער היים. דאָס שטילע שניידערל, דער געוועזענער קופּלעטיסט, דער אַנטיקן־הענדלער מיסטער רובאַנאָוו, זינאָטשקע און נאָך אַנדערע האָבן אים אַרומגערינגלט און פריילעך באַגריסט. ווו איז ער דאָס פאַרפאַלן געוואָרן און פאַרוואָס האָט ער זיי פאַרלאָזן? אָן אים איז דאָ אַביסל לאַנגווייליק. יאָ, יאָ, מען וויים, מען וויים. אימיצער האָט אים געזען מיט אַ שיינער בלאָנדער פרוי, וואָס שטייט אין בּיי „ברײַנדעלע קאָזאַק". און ווו האָט ער עס גענומען די מאַשין? ווהין קלייבט ער זיך אַנטלויפן?

סאָקאָל האָט אויך געלאַכט און געענטפערט אין שפּאַס, אַז וועגן די אַלע זאַכן וועלן זיי זיך דערוויסן אין אַ טאָג אַרום, ווען ער וועט זיך אומקערן אין האָום. זאָלן זיי זיך גאָרנישט זאָרגן. עס איז אַלץ אין דער בעסטער אָרדענונג. צוריקוועגס האָט ער אונטערגעפירט זינאָטשקען צו דער „קאָמונע". עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז חבר פאָל געפעלט איר שוין און אַז נעכטן נאָכמיטאָג האָבן זיי צוזאַמען געמאַכט אַ לאַנגן שפּאַציר אויפן וועג צו ווייטפיעלד און ער האָט איר אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכן דערציילט.

— ער וועט דיך נאָך מאַכן פאַר אַ קאָמוניסטקע, — האָט סאָקאָל איר אַ קניפּ געטאָן אין באַק ווי אַ קינד.

זי איז אַרויס פון מאַשין, געזאָגט „גוד באַי" און זיך געלאָזט צום קאָטעדזש אויפן בערגל, אַ פלינקע און אַ שלאַנקע, אין אַ רויטער בלוזקע מיט קורצע אַרבל.

ווען סאָקאָל האָט זיך אומגעקערט, איז שוין געווען נאָכמיטאָג. שרהלע, איר מאַן און קינד, „ברײַנדעלע קאָזאַק" און נאָך אַ פרוי האָבן זיך אַרײַנגעזעצט אין מאַשין און סאָקאָל האָט זיי געפירט צום יידישן פאַרמער. „ברײַנדעלע קאָזאַק" האָט געהאַלטן אין איין רעדן וועגן אירע רומינג ביזנעס און אַז אויף ווינטער פּלאַנט זי זיך אַריבערצוקלייבן קיין פלאָרידע און עפענען דאָרט אַ גרויס־ באָרדינג הויז. נישקשה, אירע פריינט וועלן אַהין אויך קומען צו איר, און אויפן סטיידזש וועט זי שוין גיין אין עטלעכע יאָר אַרום. זי וויל צו ערשט מאַכן אַ סך געלט. זי דאַרף האָבן געלט, זי וויל צובויען צום קאָטעדזש נאָך אַפּאָר רומס. דער אַל־

טער פּרעזידענט פון באַנק, וואָס פּלעגט איר געבן הלוואות אויף לייכטע אויסצאָלונגען, איז אוועקגעשטאָרבן. זי מוז איצט אַליין זאָרגן פאַר זיך. „ברײנדעלע קאָזאַק" וועט נאָך שפּילן אַ גרויסע ראָל אין לעבן. יעס, סער, זי וועט זיך נישט אונטערגעבן אַזוי לײַכט. זי האָט אירע אַמביציעס.

נאָר אָט האָט די אַלטע מאַשין סאָפּענדיק זיך אַראָפּגעלאָזט באַרג־אַראָפּ און באַלד געבליבן שטיין בײַ דער אָרעמער כאַטע פון דעם יידישן פּאַרמער. אַ גרויסער שוואַרצער הונט האָט זיך צע־בילט. עס האָבן זיך באַוויזן דער אַלטער, וואָס האָט געשפּילט אויף אַ האַרמאָשקע, און די שוואַרץ ־ חנעוודיקע פרוי מיטן קינד אויף די הענט, וועלכע האָט געבענקט נאָך אַ „ראָמאַנטישן יונגג־מאַן". „ברײנדעלע קאָזאַק" האָט זיי טומלדיק באַגריסט און אין דער שטיל אַ פרעג געטאָן דעם אַלטן, ווען וועט ער זיך שוין אַרײַ־בערקלייבן צו איר. זי האָט פאַר אים אַ פּראַכטפולן רום. אָבער אָט איז אַרויס דער פּאַרמער אַליין און זיך דעפּרייט מיט די געסט. וואָס מאַכט מיסטער סאָקאָל? יאָ, יאָ, צו אַלץ ווערט מען צוגעוווינט. אַזוי איז דאָס לעבן. זאָלן די געסט זיך אַרומזעצן בײַם גרויסן טיש אונטערן בוים. מען וועט אַביסל פּאַרברענגען און ער וועט אַרויספּברענגען פון קעלער אַ פּאָר פלעשער גוטן סיידער. אַך, ווען ער האָט אַ פּאַרטנער מיט געלט, אַ „גאַש בראַט"! ער וואָלט ממש וווּנדער אויפגעטאָן מיט דעמדאָזיקן פּלאַץ.

מען האָט זיך אַרומגעזעצט אַרום טיש, געמאַכט פון פּראָסטע ברעטער, אין שאָטן פון אַלטן בוים און אָנגעהויבן טרינקען סײַ־דער. עס איז אויך אַרויסגעקומען דעם פּאַרמערס פרוי. דער זקן האָט געבראַכט זײַן „האַרמאָשקע", געזאָגט, אַז ער וועט שפּילן פינף און פערציק „סאָנגס". אימיצער האָט אים באַמערקט, אַז ער מוז אַלט זײַן אַ יאָר אַכציק. דער אַלטער איז געוואָרן בייז. אַ ליגן! מען האָט אויך אויסגעטראַכט, אַז ער הוסט בײַ נאַכט. נישט אמת! ער שלאָפט בײַ נאַכט רואיק. ער איז נאָך אפילו נישט קיין זיבעציקער. האָסט געהערט אַ מעשה? מען האַלט אין איין אויסטראַכטן אויף אים זאַכן, וואָס זענען נישט געשטויגן און נישט געפלויגן. און ער האָט גענומען שפּילן אויף זײַן „האַ־

מאַשקע״ און אונטערגעזונגען מיט אַ הייזעריק, האַלב־פאַר־שטיקט קול.

דערנאָך האָט די פרוי מיטן קינד אויף די הענט דערציילט, ווי אַזוי זי האָט איינמאָל אָנגערייצט דעם הונט אויף דעם זשורנאַליסט, וועלכער שטייט איין ביי „ברײנדעלע קאָזאַק״, ווייל יענער האָט איר געמאַכט אין „פייפער״ פאַר אַ העלדין פון אַ נאַרישער געשיכטע. אַזאַ בעסטיע!

מען האָט געלאַכט. די קאָמפּאַניע איז געוואָרן אַלץ פריילעכער. אויך דער פאַרמער האָט איבערגעגעבן אַ טשיקאַווע געשיכטעלע. ביי אים איז דאָ געווען אַ באָרדער, וועלכער האָט געליטן פון שלאָף־קראַנקהייט און איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען ווי אין חלום. דער בחור איז אויך פאַרבליבן ביי אים אויף ווינטער. זאַלבעדריט וועט פאָרט זיין היימלעכער, האָט ער געטראַכט. און אַביסל אַרויסהעלפן אין דער באַלעבאַטישקייט קאָן ער אויך. נו, האָט דערדאָזיקער פאַרשלאָפענער חברהמאַן זיך גענומען שאַרן צו זיין פרוי. אָט אַזוי שטיל, מיט אַ קינדיש־פאַרלאָרענעם שמייכל אויפן קרענקלעכן פנים. דאַכט זיך, אַן אידיאָט, אַ תמעוואַטער יינג, און דאָך האָט ער געהאַט אַזוינע גערדאַנקען... וואָס האָט מיין ווייב געזאָגט אויף דעם? פרעגט זי. ווי אַלע פרויען, וואָס האָבן ליב קאָמפּלימענטן און זיסע ריידעלעך. און דער יונג האָט אַ גלאַט צינגל. ער פלעגט איר נאָכאַנאַנד אַריינשושקען שטילינקע סודות און אַלץ אָט אַזוי ווי אין חלום.

מיין פרוי מעלקט די קי און ער, דער אידיאָט, שטייט דערביי און דערציילט אויסגעטראַכטע נאַרישע מעשיות, מאַכט זי אַזוי צום לאַכן, אַז די ווענט פון שטאַל האָבן געציטערט. אָדער אין אָוונט זיצט זי אַזוי ביים טיש און נייט עפּעס און ער לייענט־פאָר איר אַ ביכל און דערקלערט אַלץ. אַ קאָפּ האָט דער אידיאָט גראָד אַ גוטן. ער הייסט אים אַרויסגיין פון צימער עפּעס טאָן. טראָג אַריין האָלץ פון שטאַל. ער האָט נאָך צייט. רוים – אָפּ די שניי ביים אַריינגאַנג, וואָס די זאַווערוכע האָט אָנגעטראָגן. כיי ווי וועט די נאַכט אָנפאַלן נאָך אַ שניי. ווען זיי זענען אַוועקגעפאָרן אין שטאָט אויף אַ פּאָר וואָכן און ער איז געבליבן אַליין אויף דער פאַרם. וואָס פאַר אַ בריוועלעך ער האָט זיי געשריבן. ממש גאַנצע מגילות. אָט גייט ער אַרום איבערן שטוב און בענקט

פּלומרשט נאָך זיי ביידע, אַז זיי זאָלן שוין קומען אַהיים. דער בחור האָט אַלץ פאַרנאַכלעסיקט און אַ טייערע קו איז אים געמאַלן. דאָס האָט אים שוין אינגאַנצן אַרויסגעבראַכט פון זיך און ער האָט אים אַרויסגעטריבן.

פאַרן אַוועקגיין האָט דער זקן געשפּילט אַ זיי־געזונט־מאַרש, דער הונט האָט פריילעך געבילט, די קאַטשקעס האָבן געקוואַקעט. סאָקאָל האָט זיך געפילט אויסערגעווײנלעך גוט און אַביסל בגילופינדיק פון דעם אויסגעטרונקענעם סיידער.

— וואָס פאַר אַ פרייד עס ברענגען אים אָט די קליינינקייטן, — האָט ער געטראַכט. — עס איז אַזוי גוט...

„ברײנדעלע קאָזאַק" האָט אויך געבעטן סאָקאָלן צוצופאָרן צום ערשטן יידישן באָרדינג הויז אין דער געגנט. עס האָט גענומען אַ צוואַנציק מינוט און דער אויטאָמאָביל האָט זיך גענומען קאַראַפּקען אויף באַרג־אַרויף. ער האָט שווער געסאָפּעט און קוים זיך אַרויפגעדראַפּעט. אָבער אָט האָט זיך באַוויזן אַ גרויס הויז, וואָס איז געשטאַנען אַרומגערינגלט מיט עפּל־ביימער.

דעם באַלעבאָס האָט מען געפונען ביים שטאַל. ער איז געשטאַנען און געהאַקט האָלץ. דערזען די געסט האָט ער אַ וואָרף געטאָן די האַק אויף אַ קופּע פּאָליאַנעס און געגעבן שלום די מענער. דאָס איז געווען אַ דאַרער מאַן פון אַ יאָר זעכציק מיט אַ צעקנייטשט מיד פּנים און עטוואָס איינגעבויגענע אַקסלען. ער האָט אויסגעזען אַביסל עלטער פון זיינע יאָרן, ווייל ער האָט אַ סך דורכגעמאַכט דאָ אין דעם איינזאַמען ווינקל, ווו דער זומער איז קורץ און קיל מיט וווּנדערבאַרע זוניקע טעג, און דער ווינטער לאַנג און בייז מיט גרויסע פרעסט און שניי־זאַווערוכעס.

דער באַלעבאָס האָט די קאָמפּאַניע איינגעלאַדן אין הויז עפּעס טרינקען און אַז מען האָט נישט געוואָלט, האָט ער אַוועקגעפירט אַלעמען הינטער אַ קאָטעדזש, ווו עס זענען געשטאַנען אַ פּאָר פרייע בענק. דאָרט איז געזעסן אַן אַלטער דיקער מאַן מיט אַ גרוי „בולאַנזשע"־בערדל.

— מיין שווער, — האָט געזאָגט דער באַלעבאָס.

מען האָט זיך צערעדט וועגן דעם היי־פיבער־סעזאָן און דער אַלטער האָט נאָך דערציילט עטלעכע טשיקאַווע געשיכטעס פון זיין לעבן און עפּעס אַ דין־תּורה וועגן אַן אָקס, וועלכער האָט

נישט געהאַט קיין מוט און מ'האָט אים נישט געטאָרט פאַרקויפֿן און ווי אַזוי אַן אַרבעטער האָט דעם „בול" אַפּגעשניטן אַן אויער און ער איז פֿון אים פּטור געוואָרן.

דערנאָך האָט זיך די קאָמפּאַניע געלאָזט פֿאָרן צום „אָלד מען אָוו די מאַנטיינס", „אינדיען העד" און „לאָסט ריווער". זיי איז אויסגעקומען צו קלעטערן איבער שמאָלע טרעפּ און פֿינס־טערע, שטיינערנע, פֿייכטע דורכגאַנגען. אַלע ווײַלע פֿלעגט שרהלע בלײַבן שטיין און סאָקאָל האָט איר געהאָלפֿן זיך דראַפּען ווײַטער. עטלעכע מאָל איז אים אויסגעקומען זי צוצוהאַלטן מיט בײַדע הענט. זי האָט אויך געמוזט אַרומכאַפּן זײַן האַלז, מורא האָבנדיק צו פֿאַלן. בײַדע האָבן געלאַכט. אַזוי איז דער טאָג פֿאַרגאַנגען און מען איז געפֿאָרן צוריק. דער אָוונט איז געווען קיל און אָנגע־נעם. סאָקאָל האָט געפֿילט אַ זיסע מידקייט, געטראַכט, אַז אַלץ גייט פֿאַרבײַ און ווער וויס, צי ער וועט נאָך זען דיזעלבע פֿלע־צער דאָס קומענדיקע יאָר אָדער אַן אַנדער זומער.

און אָט איז געקומען דער דריטער טאָג, וואָס סאָקאָל האָט פֿאַרבראַכט מיט שרהלען. אין דער פֿרי, שפּאַצירנדיק איבער בעטלעהעם, האָט ער געטראָפֿן סאַשען. זי איז געגאַנגען פֿון פּאָסט־אָפֿיס אין איר אוניפֿאָרם פֿון אַ וועיטרעס. דאָס ווײַסע פֿאַרטוכל האָט איר געפּאַסט שטאַרק צום פּנים. זי האָט סאָקאָלן געפֿרעגט, וואָס טוט ער אַזוי פֿרי אין שטעטל און ער האָט איר געענטפֿערט, אַז ער איז שוין דעם דריטן טאָג דאָ און שטייט־אײַן בײַ „ברײַנדל קאָזאַק". עפּעס האָט אים דאָ פֿאַרהאַלטן. שפּעט בײַנאַכט, נאָכן באַל פֿון דער האָום־אַדמיניסטראַציע, וועט ער זיך שוין אומקערן צוריק אַהין.

סאַשע האָט אים דערציילט, אַז זי איז זייער צופֿרידן מיט איר אַרבעט. דאָס קינד שפּילט זיך כּמעט אַ גאַנצן טאָג אין גאָרטן פֿון האָטעל. זי האָט סאָקאָלן אויך געגעבן אָנצוהערן, אַז איין אָוונט אין וואָך איז זי פֿרײַ און קאָן גיין וווּהין זי וועט נאָר וועלן. די וואָך וועט עס אויסקומען דאָנערשטיק און זי קלײַבט זיך צו באַזוכן די באַיעס פֿון דער „קאָמונע". ער וועט דאָך מסתּמא אויך דאָרט זײַן.

— איך וועל קומען, — האָט געזאָגט סאָקאָל.

דערנאָך האָט זי אים דערציילט וועגן אייניקע רײַכע מענער

פון האָטעל, די טענץ, וואָס קומען פאָר אַלע אָוונט אין קאַסינאָ, די דינערס און סאַפּערס, ווו מען פרעסט אָן אַ מאָס און די גע־היימע הוליאַנקעס מיט פרויען אין די פאַרמאַכטע צימערן.

— מיר איז עס גוט באַקאַנט, — האָט סאָקאָל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. — איך האָב אַלץ דורכגעמאַכט. — ער האָט זי באַגלייט ביזן האָטעל און זי האָט אים באַוויזן איר מיידעלע, וואָס האָט זיך געשפּילט צווישן בייטן מיט פאַרביקע בלומען. דערנאָך האָט סאָקאָל זיך אומגעקערט צוריק צו מיסעס שטיינמאַנס קאָטעדזש.

דאָנערשטיק אָוונט וועט ער זי זען.

צום „מאַונט וואַשינגטאָן" זענען זיי געפאָרן אינגאַנצן זאַל־בעדריט. סאָקאָל מיט שרהלען און „בריינדעלע קאָזאַק". זי איז שוין געווען אויף אַלע בערג, — האָט זי געזאָגט. — אָבער זי וועט פאָרן נאָכאַמאָל אָנקוקן די שיינקייט פון גאָטס וועלט.

דער וועג פון בעטלעהעם צום פוס פון „מאַונט וואַשינגטאָן" איז געווען אַ פאַרגעניגן. סאָקאָל האָט גוט געטריבן די מאַשין איבער דעם גלאַטן סטייט ראָוד. פון ביידע זייטן וועג ציען זיך גרינע, גלאַטע גאָלף־פעלדער. עס זעען זיך רייכע ווילעס, קאָטע־דזשעס, דאָ און דאָרט אַ האָטעל. אָט איז אַ בערעזע־וועלדל, וואָס דערמאָנט אין רוסלאַנד. די נאַטור איז צוגעפּוצט ווי פאַר אַ יום־טוב, ווי פאַר געסט. שרהלע זיצט נעבן סאָקאָלן און „בריינדעלע קאָזאַק" באַמערקט אַלע ווײַלע עפּעס און רעדט אַרויס איר אומ־רו.

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אָנקוקן דעם האָטעל וואַשינגטאָן. דאָרט האָבן זיי געזען פּראַכטפולע זאַלן פאַר בעלער, געהיימע שענקלעך אין כינעזישן און פראַנצויזישן סטיל, וווהין מען האָט געדאַרפט צוקומען דורך פאַרבאָרגענע, שמאָלע אַריינגאַנגען, ברייטע פאַרצעלייענע „סווימינג פּולס" צו באָדן זיך, ווערענדעס מיט ווייסע קאַנאַפּעס צו רוען און לייען־זאַלן מיט טויזנטער ביכער, זשורנאַלן און צייטונגען אין פאַרשיידענע שפּראַכן.

אַ קליינע, קאָלירפולע, געהיימנישפולע וועלט פאַר רייכע פּוסט־און־פּאַסטניקעס, וואָס האָבן זיך ליב צו לאָזן וווּיל־גיין.

זיי זענען צוגעפאָרן צום פוס פון באַרג. דאָרט איז שוין גע־ווען אַ היפּשער עולם.

זיי האָבן גענומען זייערע טיקעטס, זענען אַריין אין קאַר, וועלכער איז שוין געווען כמעט פול. דער וואַגאָן האָט אינגאַנצן ניין און פערציק פּלעצער און ווערט געשטופּט פון אַ קליינעם לאָקאָמאָטיוו פון הינטן אויף ציין־רעדער „קאַגווילס״.

אָט האָט דער לאָקאָמאָטיוו אַ פייף געטאָן, גענומען סאַפּען שווער, קרעכצן און אָטעמען מיט אַ געדיכטן, שוואַרצן רויך. די שטאָלענע ציין האָבן גענומען קלאַפּן און זיך נאָכאַנאַנד איינבייסן אין אַ לאַנגער, פיר־קאַנטיקער פּוסטער רער, וועלכע איז אָנגעשטעקט מיט רונדע, קורצע אייזנס. דער לאָקאָמאָטיוו, האָט זיך געדאַכט, קריכט אויף אַלע פיר און שטרענגט־אָן די לעצטע כּוחות. מען האָט אַלץ געמיינט, אַז אָט־אָט וועט מען בליבן שטיין אויף די שמאָלע רעלסן, וואָס זענען אונטערגעשפּאַרט אויף קורצע באַלקנס. שרהלע איז געוואָרן נערוועז, אָבער נישט אָפּגעריסן אירע אויגן פון די פענסטער פון קאַר און אַלע ווײַלע באַגייסטערט אויסגעשריגן, קוקנדיק אויף די אַרומיקע בערג מיט זייערע רונדע גרינע קעפּ און טיפע שפּאַלטן. און דאָס באַנעלע שלעפּט זיך אַלץ העכער און העכער. עס נעמט אַ צוואַנציק מינוט און מען בליבט שטיין ביי אַ גרויסן, גרינעם, הילצערנעם וואַסער־טענק. מען טרינקט־אָן דעם לאָקאָמאָטיוו מיט פריש וואַסער. די פּאַסאַזשירן גייען אויף אַ ווײַלע אַרויס פון קאַר. אונטן שפּרייט זיך אויס אַ וואונדערבאַרער טאָל אין דער פאָרם פון אַ גיגאַנטישער שיסל. ברייטע, צעשווומענע בלויע שאָטנס ליגן דאָ און דאָרט אויף די זייטן פון די בערג. די זון באַשיינט זיי ערטערווייז. די בערג פון אונטן ווערן עפּעס אַלץ העכער און העכער. עס איז אַ וואונדער. עס האָט דאָך געזאָלט זיין פאַרקערט. דער לאָקאָמאָטיוו גיט ווידער אַ פייף און מען שלעפּט זיך ווייטער.

עס שווימען פאַרביי פאַנטאַסטישע וואָלקנס. די זון באַווייזט זיך אַלע ווײַלע און באַהאַלט זיך ווידער. עס ווערט פריילעך און אומעטיק. די בוימער זענען שוין אונטער דעם באַנעלע. דאָ וואַקסן גאָר שטיינער, וואָס זענען באַדעקט מיט שימל־גרינלעך פון אַלע זייטן. אַ וויסטע וועלט, ווו ווינטן קאָנען זיך צעשפּילן און הוליען פראַנק און פריי.

— מיין גאָט, — זאָגט שרהלע צו סאָקאָלן. — איך שטעל מיר פאָר, ווי דאָ איז ווינטער אין אַ זאַווערוכע.

א פּאַסאַזשיר, אַפּנים אַ רוסישער ייִד, שטויסט אין אַ זייט אַ צווייטן, ווייזט אים אָן אויף אַ שפּיציקן פעלז אויף איינעם פון די בערג, אויף וועלכן עס רוט אַ וואָלקנדל.

— איר געדענקט ביי לערמאָנטאָוון:

„נאָטשעוואַלאַ טוטשקאַ זאָלאָטאַיאַ,

נאַ גרודי אוטיאָסאַ וועליקאַנאַיי".

און אַן אַנדערער פאַרצייכנט עפּעס אין אַ נאָטיץ־ביכל און רוקט אַלע ווײַלע זיין קאָדאַק אין פענסטער.

פון דערווייטנס דערזעט מען אַ צווייטן טריין, וואָס קומט אַנטקעגן. מען בלייבט ווידער שטיין ביי אַ גרינעם וואַסער־טענק. אָט האָט דער אָנקומענדיקער טריין זיך אָפּגעשטעלט און די ערשטע פּאַסאַזשירן בייטן זיך מיט די קאַרס און מען שלעפּט זיך ווייטער אַלץ העכער און העכער.

דער קאָנדוקטאָר שרייט־אויס:

— יעקבס לייטער! מיר דערנענטערן זיך צו יעקבס לייטער!

דאָ איז דער וועג זייער אַ שווערער. דאָס באַנעלע קאַראַבקעט זיך כּמעט שטייענדיק. אַלע קוקן אין די פענסטער. די רעלסן ציען זיך משופּעדיק. פעלזן אויף פעלזן און אונטן אַן אָפּגרונט.

— יעקבס לייטער! יעקבס לייטער! — ווידערהאָלט דער קאָנדוקטאָר.

נאָר אָט איז שוין דאָס באַנעלע אַרויף אויפן שפּיץ פון „מאונט וואַשינגטאָן". אויבן איז געווען נעפּלדיק און מען האָט גאָרנישט נישט געזען. סאָקאָל, שרהלע און „בריינדעלע קאָזאַק" זענען אַריין אין רעסטאָראַן. דאָרט זענען געשטאַנען עטלעכע טישלעך געגרייט פאַר דינערס. ביי דעם קאָונטער האָבן אייניקע געטרונקען קאַפע, געגעסן סענדוויטשעס. „בריינדעלע קאָזאַק" האָט באַמערקט, אַז עס וואָלט געווען אַ פאַרגעניגן דאָ איבערצונעכטיקן מיט אַ געליבטן און פאַרטאָג באַגעגענען דעם זון־אויפגאַנג. נאָר ווי נעמט מען דעם געליבטן, אַז שטענדיק באַהאַלט ער זיך אויס פון איר. פּלוצים איז זי אַנטשוויגן געוואָרן און איז אַוועק אָנשרייבן אַ פּאָר קאַרטלעך און אָנקויפן אייניקע „סאָווענירס".

סאָקאָל און שרהלע האָבן זיך צוגעזעצט ביי אַ קליין טישל,

דער באַגײַסטערטער אויסדרוק פֿאַר די בערג איז נאָך אַלץ נישט אַראָפּ פֿון איר פּנים.

— איך וועל קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן די קורצע רייזע. מיר האָט זיך געדוכט, אַז מיר זענען אַלע אין געפֿאַר און דאָס באַנע־לע וועט אָט־אָט אַראָפּגיין פֿון די רעלסן. איך האָב געבעטן גאָט, מיר זאָלן נישט אומקומען.

— און גאָט האָט דערהערט אייער געבעט, — האָט גע־שמייכלט סאָקאָל.

— און ער וועט ווײַטער אונדז אָפּהיטן פֿון אַלדאָס בייז, — האָט שרהלע געזאָגט מיט אַ זיכערן טאָן.

— אפֿשר, מיסעס ווייסבערג, — האָט צוגעגעבן סאָקאָל.
שרהלעס פּנים איז געוואָרן ערנסט.

— רופֿט מיך פּשוט מיטן ערשטן נאָמען. עס קלינגט אַביסל פֿרעמד: מיסעס ווייסבערג.

— איר זענט גערעכט, דער נאָמען שרהלע פּאַסט אייך בע־סער.

— אמת! — האָט שוין ווידער געלויכטן איר פּנים.

סאָקאָל האָט געוואָלט איר זאָגן, אַז ווען זי וועט אוועקפֿאָרן, וועט ער שטאַרק בענקען נאָך איר, נאָר ער האָט זיך דערפֿילט עפּעס אַביסל דערשראָקן און נישט זיכער מיט זיך. ער איז שוין נישט יונג און זי קאָן אים ווי טאָן מיט איר ענטפֿער. זי קאָן אים אויפֿמערקזאַם מאַכן, אַז זיי זענען פּשוטע באַקאַנטע, וואָס האָבן זיך צופֿעליק געטראָפֿן אין די בערג, און וועלן מסתּמא דערנאָך זיך מער נישט זען. דערצו האָט זי ליב איר מאַן און ער דאַרף אַזוי נישט רעדן צו איר.

אָבער נאַרישקייטן! פֿאַרוואָס זאָל ער איר נישט זאָגן, אַז ער האָט זי ליב? דאָס וועט אים באַפֿרייען פֿון אַ גרויס געפֿיל, וואָס זוכט אַן אויסוועג אין אים. ווו איז אָהינגעקומען זיין געוואַגט־קייט מיט פֿרויען? אפֿשר האָט ער גערדאַרפֿט צוגיין צו שרהלען אויך אַזוי?

„ברײַנדעלע קאָזאַק" האָט זיך באַוויזן מיט אַ פּאָר אַנזיכטס־קאַרטלעך אין האַנט.

— דאָ איז שרעקלעך קאַלט, — האָט זי געזאָגט.

פאַרן אַוועקגיין האָבן זיי פאַרצייכנט זייערע נעמען אין בוך.

— פּאַרטיק, — האָט געזאָגט „ברייגדעלע קאָזאַק״. — שוין געזען „יעקבס לייטער״ אויך. און איצט צוריק צו מיינע ווייבלעך.

צוריקוועגס זענען די פּאַסאַזשירן געווען בעסער אויפגעלייגט. דאָס באַנעלע איז געגאַנגען שנעלער. סאָקאָל מיט שרהלען האָבן געקוקט אין איין פענסטער און אָט האָבן זיי באַמערקט אַן אויפשריפט אויף אַ ברעטל, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ קופּע שטיינער, אַז אויף דעם פּלאַץ איז מיט יאָרן צוריק, קריכנדיק אויפן באַרג, דערהרגעט געוואָרן אַ יונג מיידל, אַ טאָכטער פון אַ דזשאָדזש.

דאָס אַראָפּפאָרן האָט איינגאַנצן פאַרנומען אַ פּערציק מינוט און פאַרנאַכט־צו זענען זיי שוין מיטן זעלבן וועג געפאָרן צוריק קיין בעטלעהעם.

---

אַזייגער ניין אין אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן דער יערלעכער באַל פון דער היי־פּיבער־סאָסייעטי. דער הילצערנער האָל, וואָס האָט אַריינגענומען אַ טויזנט מענטשן, איז געווען דעקאָרירט מיט גירלאַנדן פון פּאַפּירענע בלומען און יאַפּאַנישע לאַמטערנדלעך. אַרום צען איז שוין דער זאַל געווען געפּאַקט און אויף דער סצענע האָט זיך באַוויזן דער פּרעזידענט פון האָום, גערעדט צו די פאַרזאַמלטע און אַפּעלירט, אַז זיי זאָלן אויך ווייטער שטיצן מיט אַלע מיטלען די נויטיקע און סימפּאַטישע אינסטיטוציע, וואָס העלפט אַזוי פיל אָרעמע היי־פּיבערניקעס. ער האָט אויך געבעטן דעם עולם, קומען צום חנוכת הבית פון דער נייער געביידע פון האָום, וואָס דאַרף פאָרקומען אין אַ וואָך אַרום און פאַרענדיקט זיין רעדע מיט אַ שפּאַס, אַז לשנה הבאה זאָלן אַלע ווידער ניסן אין בעטלעהעם.

דערנאָך האָט אַ דיק מיידל געזונגען אַן אַריע פון אַן איטאַליענישער אָפּערע אין פראַנצויזיש און די קראַנקע מוזיק־לערערין, וואָס איז איינגעשטאַנען ביי מיסעס קרייזלער, האָט איר אַקאָמפּאַנירט אויף דער פּיאַנאָ. עס איז אויך אויפגעטרעטן אַ

בחורל און געשפּילט אויף אַ וויאָלאָנטשעל און „בריינדעלע קאָ־זאַק" מיט דאַלמאַטשן, דעם אַראַנזשירער פון „פּאַדזשאַמע פּאַ־רעם" אין בעטלעהעם, האָבן דורכגעפירט אַ קאָמישע סצענקע פּו־דעם לעבן פון די היי־פּיבערניקעס.

נאָכן קאָנצערט האָט מען צוגענומען די שטולן. אַ קליינער אָרקעסטער האָט גענומען שפּילן. און פּאָרלעך האָבן זיך אַוועקגע־לאָזט טאַנצן, אַלע ווײַלע אָנשטויסנדיק זיך איינע אויף די אַנ־דערע.

אין אַ ווײַס קלייד, מיט אַ פּאָר רויטע נעגעלעך, פּאַרפּלאָנ־טערט אין די בלאָנדע האָר, אַביסל גליקלעך אויפגערעגט, האָט שרהלע געטאַנצט מיט אַ יונגנמאַן און סאָקאָל איז געשטאַנען אַז אַ זייט און זיך געסטאַרעט נישט צו פּאַרלירן זי פון די אויגן. פריער האָט זי שוין מיט אים געטאַנצט און זיין האַרץ האָט נאָך אַלץ זיך נישט געקאָנט באַרואיקן.

דער אָרקעסטער איז אויף אַ ווײַלע שטיל געוואָרן. די טאַנצנ־דיקע פּאָרלעך זענען זיך פּאַנאַנדערגעגאַנגען, צעמישט מיטן עולם. שרהלע האָט אָפּגעלאָזט דעם יונגנמאַן און איז צוגעגאַנגען צו סאָקאָלן.

— דאָ איז שרעקלעך היים, — האָט זי געזאָגט. און מיט אַ ראָזעווע טיכעלע אָפּגעווישט דעם שטערן.

— קומט אַרויס אין קאָרידאָר. — האָט זי גענומען אונטער־אָרעם סאָקאָלן.

זיי זענען אַרויס אין קאָרידאָר. דער אָרקעסטער האָט ווידער־גענומען שפּילן. לוסטיקע טענער האָבן זיך אַ טראָג געטאָן אין דער לופטן.

— עס איז שוין שפּעט, — האָט געזאָגט סאָקאָל. — איך דאַרף זיך אומצוקערן אין האָום.

— פּאַרוואָס? — האָט עפּעס ווי נישט פּאַרשטאַנען שרהלע.

— איר קאָנט נישט בלייבן לענגער דאָ?

— עס איז נישט באַקוועם. שוין דריי טעג, ווי איך בין אין בעטלעהעם.

רעדנדיק, זענען זיי פּאַמעלעך אַראָפּ פון צווייטן שטאָק און זענען אַרויס אויף די טרעפּ פון דער געביידע.

— דרויסן איז אַזוי גוט, — האָט פריי אָפּגעאָטעמט שרהלע.

— פאַרקילט זיך נאָר נישט, — איז געוואָרן אומרואיק סאַקאָל.

ביים אַריינגאַנג פון זשעקסאָן־האָל זענען געשטאַנען אויטאָמאָבילן און דער קליינער טראַק פון האָום. עטלעכע שטילע פיגורן האָבן לאַנגזאַם אַרומגעשפּאַצירט הין און צוריק אויפן טראָטואַר.

סאָקאָל האָט דערקענט דאָס שטילע שניידערל, אים צוגערופן, געפרעגט, פאַרוואָס ער גייט נישט אַריין אינעווייניק.

— אין דרויסן איז גאַנץ גוט, — האָט ער געענטפערט. — איך הער די קלעזמער און ס'איז געשמאַק אַזוי אַרומצוגיין.

דאָס שטילע שניידערל האָט אָנגעקוקט שרהלען.

— ווי געפעלט זי אייך? — האָט סאָקאָל געפרעגט מיט אַ שמייכל.

— אַ פרייד צו קוקן אויף איר, — האָט געענטפערט דאָס שטילע שניידערל און איז פאַמעלעך צוריק אַראָפּ פון די טרעפּ.

אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט שרהלע זיך אומגעקערט אין האָל. זי האָט געבעטן סאָקאָלן קומען ווידער צו זיי פאַר איר אוועקפאָרן.

אָט דאָס איז פאָרגעקומען אין די דריי טעג, וואָס זענען באמת געווען געבענטשטע פאַר סאָקאָלן.

15

אַ גאַנצן טאָג האָט גערעגנט. די „ווהייט מאַונטענס" זענען געווען פאַרכמורעט און באַדעקט מיט צעריסענע טונקל - גרויע וואָלקנס. די פּאַציענטן פון האָום זענען געזעסן אויף דער גרויסער וועראַנדע פון דער נייער געביידע. אייניקע האָבן געשפּילט אין שאָך, דאָמינאָ, קאָרטן. אַנדערע האָבן געלייענט צייטונגען, דיסקוטירט פּאָליטישע פראַגן. סאָקאָל איז אַרומגעגאַנגען איבער דער וועראַנדע, זיך צוגעהערט, וואָס מען רעדט ביי דער און יענער גרופּע. ער האָט זיך געפילט שטאַרק צופרידן, וואָס ער איז שוין פּטור געוואָרן פון דער פאַרקילונג, וואָס האָט אים נישט אָפּגעלאָזט צוויי טעג נאָכאַנאַנד.

מיטאָמאָל האָט איינער פון די פּאַציענטן אָנגעהויבן זינגען

דאָס באַוווסטע רוסישע ליד „דובינושקאַ״. אַלע אויף דער ווע־ראַנדע האָבן זיך גענומען צוהערן. סאָקאָל איז צוגעקומען צו דער גרופּקע נענטער.

אַ מאַן פון אַ יאָר אַכציק אין אַ האַרטן קאַפּעלוש האָט גע־רויכערט אַ ליולקע און זיך צוגעהערט, וועגן וואָס מען שמועסט. אַ יונגערמאַן מיט איין אויג, מיט אַ פאַרקאַשערטן קאָלנער, האָט אויפגעהערט צו זינגען און זיך גענומען היצן:

— פערד זענען זיי, די באָלשעוויקעס! איינער מאַכט צו מיר, אַז ווען סטאַלין זאָגט אים, אַז די ערד שטייט אויף איין אָרט, וועט ער גלייבן. אָבער זאָל זאָגן, אַז די ערד דרייט זיך אַ מענשע־וויק — וויל ער פון דעם נישט הערן. הער אַ געשיכטע: אַ גאַנץ גרויס פאָלק ווערט פאַרשקלאַפט און ליידט פון נויט און הונגער און דאָס איז ביי זיי קאָמוניזם און פרייהייט.

אַ יידל מיט אַ רויט שפּיציק בערדל איז אונטערגעשפּרונגען צו דעם, וואָס האָט גערעדט, און אים אַרייַנגעשריגן אין פּנים אַריין:

— זאָגט מיר, פעטער, האָט איר אַמאָל געהערט פון ראַס־טאָוו נאַ דאָנו? אַהאַ, איר ווייסט נישט. איז נישט לאַנג געקומען פון דאָרטן אַ ייד און גייט און פרעגט ביי אים, וועט איר אַלץ וויסן און נישט זידלען די באָלשעוויקעס.

— עך, — האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט דער יונגער־מאַן אויף איין אויג. — וואָס איז דאָ צו רעדן, אַז אַלע זענט איר בלינד און טויב געוואָרן. און דער אמת פון לעבן איז אַנטלאָפן פון אייך. — און ער האָט זיך ווידער צעזונגען:

„עי, דובינושקאַ אוכנעם!״

גוטע ווערטער, — האָט געטראַכט סאָקאָל. — טאַקע דער אמת פון לעבן אַנטלויפט פון מענטשן, אָבער ווי כאַפּט מען אים? ווו געפינט מען אים? און אפשר איז גערעכט חבר פּאָל, וועלכער זאָגט, אַז מען טאָר זיך נישט גריבלען קיין סך. מען זעט אומגע־רעכטיקייטן, דאַרף מען קעמפן קעגן זיי און מאַכן, אַז די אַלע יעניקע, וואָס פראַצעווען, זאָלן האָבן אַלץ, וואָס זיי דאַרפן.

עס האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פון גלעקל, וואָס האָט גערופן די פּאַציענטן עסן וועטשערע.

דעם קומענדיקן פרימאָרגן האָט סאָקאָל געהאַט אַ סך עגמת־

נפש. ער האָט זיך דערוווּסט, אַז סאַשעס מיידעלע גע׳פינט זיך אין שפּיטאָל און זי אַליין האָט פאַרלאָזט דעם דזשאָב און זיך אַריבערגעקליבן צו מיסעס קרייזלער, וועלכע האָט זי אַריינגענומען כּמעט אומזיסט צו זיך.

שפּעטער האָט מען אים איבערגעגעבן אַלע איינצלהייטן. סאַשעס מיידעלע האָט זיך געשפּילט. די מוטער איז געווען איבערגליקלעך. דאָס מיידעלע האָט געשטיפט און געלאַכט און איר קול פלעגט זיך דערטראָגן אַלע ווײַלע צו איר אין עס־צימער.

נאָר דאָס האָט זיך לאַנג נישט געצויגן. אָט איז דאָס מיידעלע צוגעקומען בײַטאָג צו איר און גענומען זיך קלאָגן, אַז איר טוט וויי דער קאָפּ. סאַשע איז געווען זייער פאַרנומען. מען האָט גע־דאַרפט באַלד דערלאַנגען וואַרעמעס די געסט. זי האָט איר געגעבן אַ קוש און גע׳הייסן זיך גיין ווייטער שפּילן. אָבער גלייך נאָך דיי־נער איז זי אַן אומרואיקע אַרויס זי זוכן און געפונען דאָס קינד אונטער אַ בוים, ווו זי ליגט אויפן גראָז מיטן פּנימ׳ל צו דער ערד און ברענט אין פיבער.

זי האָט דאָס מיידעלע אַרויפגעטראָגן אין איר חדרל, וואָס האָט זיך געפונען אונטערן דאַך, אַרײַנגעלייגט אין בעט און אָנ־געהויבן זיך איינרעדן, אַז עס איז גאָרנישט און דאָס קינד וועט גיך געזונט ווערן. זי דאַרף זיך נאָר גוט אויסשלאָפן.

זי האָט איר געגעבן אַן אַספּיר־מיטל און אויסגעריבן מיט אַלקאָהאָל, און באַלד איז דאָס מיידעלע אײַנגעשלאָפן. סאַשע איז אַראָפּ אונטן אין עס־צימער און אָנגעהויבן גרייטן די טישן צום סאַפּער, ווי אַלע טאָג, און נאָר איר פּנים איז געוואָרן עטוואָס בלייכער און די באַוועגונגען אומרואיקער און נערוועזער.

זי האָט באַשלאָסן דערווײַל קיינעם גאָרנישט צו זאָגן, אפשר וועט דער פיבער ביז אָוונט פאַריבערגיין. דאָס הויז איז פול מיט פרויען און קינדער, און וואָס וועט זיין, אויב דאָס איז אַן אָנ־שטעקנדיקע קראַנקהייט? דער באַלעבאָס וועט זי דאָך פּשוט אַרויס־טרייבן. אין מיטן דער אַרבעט פלעגט זי אַלע ווײַלע אַרויפלויפן אויבן. דאָס קינד האָט אַלץ געשלאָפן.

אַזוי איז אַוועק דער נאָכמיטאָג און דער אָוונט און דערנאָך איז געקומען די נאַכט. סאַשע איז געזעסן בײַ איר מיידעלעס בעטל און געביטן די קאַלטע קאָמפּרעסן אויף איר קאָפּ. סאַשע איז אַ

גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפֿן. אַלע ווײַלע פֿלעגט זי מיד פֿאַרמאַכן די אויגן און איר פֿלעגט זיך דאַכטן, אַז איר מאַן, וואָס איז וואַנזיניק, טראָגט אַרײַן אין חדרל אַ טויט קינד, לייגט עס אַוועק אויף דער פּאָדלאָגע, גייט שטיל אַרוים און זאָגט נישט קיין וואָרט. ערשט פֿאַרטאָג איז סאָשע אײַנגעשלאָפֿן מיט אַ שווערן שלאָף. ווען זי האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, האָט זי דערזען, אַז דעם קינדס קערפּערל איז אינגאַנצן אויסגעשלאָגן מיט קליינע, רויטע פֿלעקן. דאָס איז געווען אַן אָנשטעקנדיקע קראַנקהייט. זי איז אַראָפּ אונטן און דערציילט דעם באַלעבאָס.

— איר וועט מיך אומגליקלעך מאַכן! — איז ער געוואָרן צערודערט. — אַלע פֿרויען מיט די קינדער וועלן זיך צעלויפֿן. איך בעט אײַך, רעדט נישט וועגן דעם מיט די פֿרויען. מיר וועלן רופֿן אַ דאָקטאָר. און איר קאָנט דערווײַל בלײַבן אויבן און נישט אַרבעטן הײַנט.

סאָשע האָט מיטאָמאָל דערפֿילט, ווי די פֿיס אירע ווערן בײַ איר שוואַך און זי וועט באַלד פֿאַלן אין אָנמאַכט. נאָר זי האָט זיך געשטאַרקט און פּאַמעלעך זיך אומגעקערט צוריק אין איר חדרל.

כמעט אַ גאַנצן טאָג איז זי געזעסן און געוואַרט אויפֿן דאָקטאָר. אַ פּאָר מאָל איז זי אַראָפּ אונטן, געזוכט דעם באַלעבאָס און אים נישט געקאָנט געפֿינען. האָט זי אַליין אַרויסגערופֿן דעם דאָקטאָר, און מען האָט איר אַלץ פֿאַרזיכערט, אַז אָט־אָט וועט ער קומען. זי האָט נישט געקאָנט אָנקוקן די צופֿרידענע, זאַטע געסט. טרערן האָבן זי געשטיקט. זי איז אַ ווײַלע געשטאַנען אויף דער ווערענדע פֿון האָטעל. עס איז געווען מיטאָג־צײַט. פֿון די אָפֿענע פֿענסטער האָט זיך געטראָגן אַן אָנגעהאַלטענער טומל, אַ קליינער אָרקעסטער האָט געשפּילט און עפּעס אַ פֿרוי האָט געזונגען און זיך פֿאַרגאַנגען אין טרעלן, ווי אַ סאָלאָוויי. אימיצער פֿון די געסט האָט גענומען זי רופֿן, און איינער אַ מאַן מיט אַן אַראָפּהענגענדיק פּנים איז אַפֿילו אויפֿגעשטאַנען פֿון זײַן פּלאַץ און אַרויס צו איר. סאָשע האָט אים געזאָגט, אַז זי פֿילט זיך שלעכט און דערפֿאַר אַרבעט זי נישט הײַנט. דערנאָך איז זי אַוועק איבערן הויף און ענדלעך געפֿונען דעם באַלעבאָס. ער האָט געפֿרעגט, וואָס ס'מאַכט דאָס מיידעלע און פֿאַרזיכערט, אַז דער דאָקטאָר

מוז יעדע מינוט אָנקומען. מען האָט אים ערגעץ פאַרהאַלטן ביי א פרוי, וואָס גייט שווער צו קינד. די הויפּט־זאַך איז, אַז קיינער פון די פרויען טאָר נישט ווימן, אַז איר מיידעלע איז קראַנק.

ווען זי איז געגאַנגען צוריק אין איר חדרל, האָבן שוין די געסט געהאַט אָפּגעגעסן און זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען איבערן האָ־טעל מיט געלעכטער און געפּילדער.

סאַשע האָט זיך געזעצט ביים קליינעם אָפענעם פענסטער וואַרטן אויפן דאָקטאָר.

עס איז אַוועק דער גאַנצער נאָכמיטאָג און דער אָוונט איז געקומען. דרויסן איז אינגאַנצן פינסטער געוואָרן און דער דאָק־טאָר איז נאָך אַלץ נישט געקומען. אין קאַסינאָ האָט מען אָנגע־צונדן ליכט. דאָרט האָט געדאַרפט דעם אָוונט עפּעס פאָרקומען א קאָנצערט און די יוגנט האָט זיך געקליבן טאַנצן. סאַשע איז גע־זעסן אָן געדאַנקען אין קאָפּ. עפּעס האָט זי פאַרלאָרן איר מוט און נישט געוווסט, וואָס צו טאָן.

און נאָר ווען דער אָרקעסטער האָט אין קאַסינאָ א קלאַפּ גע־טאָן, האָט זי זיך פּלוצים אויפגעכאַפּט. זי איז אַרויסגעלאָפן אין דרויסן און באַשלאָסן לויפן גיך צום דאָקטאָר. רייצנדיקע און פרייליכע טענער פון מוזיק פון דער קאַסינאָ זענען איר נאָכגע־לאָפן, זיך געדרייט אַרום איר אומעט און געמאַכט דעם ווייטאָק נאָך שאַרפער און שווערער אַריבערצוטראָגן. סאַשע האָט אָבער דעם דאָקטאָר נאָך אַלץ נישט געטראָפן. נאָר מען האָט איר פאַר־זיכערט, אַז ווי נאָר ער וועט זיך אומקערן פון דער קימפּעטאָרין, קומט ער גלייך צו איר.

זי איז געקומען צוריק אין האָטעל. די מוזיק האָט נאָך אַלץ געשפּילט און די יוגנט האָט געטאַנצט אין קאַסינאָ. אין איינעם פון די קאָרידאָרן איז אַרויס פון א טיר אַנטקעגן א יונגערמאַן אָן א רעקל און אָפּגעשטעלט די שיינע ווייטערקע. ער האָט זי גע־פרעגט, פאַרוואָס מען זעט זי נישט א גאַנצן טאָג. דערנאָך האָט ער זיך אַרומגעקוקט און מיט אַמאָל זי אַרומגעכאַפּט ביי דער טאַליע און גענומען ציען צו זיך. סאַשע האָט אים געוואָלט אָפּ־שטויסן, נאָר זי האָט נישט געהאַט קיין כח און שטיל געבעטן, ער זאָל זי אָפּלאָזן.

— מיין גאָט, ווי וואונדער־שיין איר זענט היינט.

— לאָזט מיך אָפּ. מיין מיידעלע איז קראַנק.

זי האָט זיך באַפרייט פון זיינע הענט און איז אוועק. ער איז נאָכגעגאַנגען. ביים אַריינגאַנג פון איר חדרל האָבן זיי זיך ביידע אָפּגעשטעלט.

— פּליעז, טרעט אָפּ פון מיר, — האָט זי ווידערהאָלט און אויפגעמאַכט די טיר.

עס איז געווען זייער שטיל, נאָר אַ פּאָר שמעטערלינגען האָבן זיך געדרייט אַרום אַ קליין פייער פון אַן עלעקטריש נאַכט־לעמפּל, וואָס האָט שוואַך באַלויכטן דאָס חדרל מיט אַ נידעריקער סטעליע. סאַשע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו איר מיידעל.

אַ שעה שפּעטער האָט מען דאָס קינד צוגענומען אין האָס־פּיטאַל.

---

אין אָוונט אין האָום האָט מען אַראַנזשירט אַ זיי־געזונט „סניזינג פּאַרטי". אייניקע פּאַציענטן האָבן זיך שוין געקליבן נאָך ראש־השנה צו פאָרן אַהיים און מען האָט זיך גענומען באַצייטנס געזעגענען.

דעמזעלבן אָוונט איז אויך געווען אַ הוליאַנקע ביי די באָיעס פון דער „קאָמונע".

יענעם טאָג האָט סאָקאָל נאָכמיטאָג פאַרבראַכט ביי מיסעס קרייזלער און געוואַרט אויף סאַשען, וועלכע האָט אַלע ווײַלע גע־זאָלט קומען פון האָספּיטאַל, ווו איר מיידעלע איז געלעגן.

סאָקאָל איז געזעסן ביי מיסעס קרייזלער אין צימער אויף אַ ווייכער קאַנאַפּע און איבער אים, אויפן וואַנט, איז געהאָנגען אַ גרויס אָליעגראַף־בילד אין אַ ראַם, ווי יעזוס הײַלט קרעציקע און פאַרקריפּלטע. די בלייכע פּיאַנאָ ־ לערערין איז נישט אָפּגעטרעטן פון קלאַוויר, אַלע ווײַלע געשפּילט פאַר אים עפּעס פון שאָפּען און זיך געקלאָגט, אַז זי איז זייער, זייער קראַנק און באַזונדערס מאַ־טערן זי שרעקלעכע קאָפּ־ווייטאָקן. דערצו איז זי אָרעם און מוז אין אַזאַ צושטאַנד אַליין זיך פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט. מיסעס קרייזלער האָט זיך אויך געקלאָגט פאַר סאָקאָלן, אַז זי האָט געהאַט אַ שלעכטן סעזאָן. איין צימער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען ליידיק און זינאָטשקע האָט איר נאָך נישט באַצאָלט דעם חוב.

סאַקאָל האָט געשוויגן. ווען ער דערציילט זיי זיינע צרות, וואָס וואָלטן זיי דאַן געזאָגט?! מיסעס קרייזלער וויס נאָך אפּנים אַלץ נישט, אַז ער געפינט זיך אין האָום.

סאַשע האָט זיך אומגעקערט פון האָספּיטאַל פאַרנאַכט־צו. זי האָט אַריינגעפירט סאַקאָלן צו זיך. די קראַנקהייט ביי איר קינד איז געגאַנגען נאָרמאַל און דאָס מיידעלע איז אַרויס פון געפאַר. אָבער סאַשע האָט זיך נאָך אַלץ געפילט דערשעפּט פון די לעצטע איבערלעבונגען.

דערצו האָט ערשט איצט אין איר זיך צעפלאַקערט דער האַס קעגן דעם באַלעבאָס פון האָטעל. איר האָט באמת וויי־געטאָן, פאַרוואָס זי האָט געהאַנדלט ווי אַ שוואַכלינג און זיך אַזוי פאַר־לאָרן. זי האָט געדאַרפט אַריינגיין אין דייניננג רום ביים עסן און אויסשרייען פאַר אַלעמען, אַז איר מיידעלע האָט באַקומען סקאַר־לאַט־פיבער, ליגט דאָ און דער האָטעל־קיפּער רופט נישט קיין דאָקטאָר. דער באַלעבאָס וואָלט שוין דאַן נישט פאַרפאַלן געוואָרן אויף שעהן־לאַנג. פונוואַנען האָט זיך פּלוצים גענומען צו איר אַט דער שרעק, וואָס האָט ממש פּאַראַליזירט איר ווילן?

סאַשע האָט סאַקאָלן דערציילט נאָך אַנדערע איינצלהייטן, וועלכע ער האָט פון פריער נישט געוווסט. דערנאָך האָט זי זיך צוגעלייגט אַביסל אָפּרוען און געבעטן סאַקאָלן זיך זעצן אויפן ברעג פון בעט. זי האָט זיך גענומען פיעשטשען פאַר אים, גע־וואָלט, ער זאָל זי אַביסל טרייסטן, זאָגן לאַשטשענדיקע ווערטער. זי האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט אויף איר אויסזען, אויף די עטוואָס טונקעלע רינגען אונטער די אויגן און אויף אַ דיניננק קנייטשעלע, וואָס האָט זיך איצט באַוויזן אויף איר שטערן. אָבער סאַקאָל האָט איר פאַרזיכערט, אַז פאַרקערט, זי איז נאָך שענער געוואָרן, און דאָס איז געווען אמת. די גלידער פון איר פּראַכט־פולן קערפּער האָבן זיך ווי אָנגעגאָסן מיט אַ שלעפעריקער שטיל־קייט פון אַ זומער־ נאָכמיטאָג ערגעץ אין אַ פעלד. אירע באַוועג־ונגען זענען געוואָרן לאַנגזאַם, מאַט. סאַשע האָט באַמערקט, אַז אויב אַזוי, האָט זי די לעצטע צייט געדאַרפט ווערן גאָר אַ גרויסע קראַסאַוויצע, ווייל קיין צרות האָבן איר נישט געפעלט.

זי האָט אים דערציילט, ווי מיסעס קרייזלער איז זייער גוט צו איר און נעמט זי אַלע טאָג אין האָספּיטאַל מיט איר מאַשין.

זי רעדט נאָכאַנאַנד וועגן יעזוסן און זיינע לײַדן, וואָס האָבן, לויט איר פאַרזיכערונג, אויסגעקויפט די זינד פון דער מענטש־הייט.

אָבער זי, סאַשע, דערציילט איר וועגן לענינען און קאָמוניזם, וואָס איז אויך געוואָרן אַ רעליגיע פאַר מיליאָנען אונטערדריקטע און פאַרשקלאַפטע. מיסעס קרייזלער הערט זי גערן אויס. זי איז מיט איר איינשטימיק. אָבער דער קאָפּ איז ביי איר אַביסל אַ צע־טומלטער און זי פאַרשטייט אַלץ קאַפּויער.

— יאָ, יאָ, — האָט געלאַכט סאָקאָל און פאַמעלעך געגלעט סאַשען איבערן קאָפּ.

אין צימער האָט אַריינגעקוקט דער בין־השמשות, אָנגעפילט די ווינקלען מיט שאָטנס. הינטער די פענסטער האָט דער באַלע־באָס פון „פערד־פלאַץ", דער פלינקער און רייכער מעקסיקאַנער, אויסגעטאַנצט און אויסגעקלאַפּט מיט די פיס אַ „דזשיג". ער האָט גערעדט הויך און דערציילט אימיצן, אַז אין דער יוגנט איז ער געווען אַן אַקראָבאַט אין אַ צירק. ער איז נאָך זייער פלינק, כאָטש ער איז שוין אַלט געוואָרן זעכציק יאָר און אַז ער איז קלוג און לאַכט פון די נאַרישע פאַרמער, וואָס האָבן פיינט אַ ייִד. זיי פעלט עפּעס אין קאָפּ.

סאָקאָל האָט זיך צוגעהערט, ווי דער מעקסיקאַנער רעדט, און אַלץ געגלעט סאַשען. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און האַלב־גע־דרימלט.

אַז ס'איז אינגאַנצן פינסטער געוואָרן אין חדר, האָט סאָקאָל דערפילט חברטע סאַשעס הענט אַרום זיין האַלז.

---

נאָך פון דערווייטנס האָט סאָקאָל דערהערט לוסטיקע אויס־געשרייען און אַ טומל, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דעם קאַטעדזש, ווו די באַיעס פון דער „קאָמונע" האָבן געהאַט אַ שמחהלע.

סאָקאָל איז געווען מיד, דערשלאָגן און נישט געהאַט קיין גרויסן חשק צו גיין אַהין, כאָטש חבר פאָל האָט אים געבעטן אומ־באַדינגט קומען. מיט סאַשען איז ער זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אַביסל ברוגזדיק. זי איז צו אים צוגעשטאַנען און געוואָלט נאָך ווייסן, ווו און מיט וועמען ער האָט פאַרבראַכט די לעצטע וואָך.

און סאָקאָל האָט דערמאָנט שרהלען, אָבער אַ סך פֿאַרבאַהאַלטן. סאַשע האָט זיך אויף דאָס איבעריקע שוין אַליין אָנגעשטויסן פֿון עטלעכע ווערטער, פֿון צופעליקע, באַגייסטערטע אויסדרוקן וועגן יענער. זי האָט זיך אָנגעבלאָזן אויף סאָקאָלן. מילא, זאָל ער טאָן, וואָס ער וויל. זי האָט נישט קיין רעכט אים צו פֿאַרבאָטן. דאָס איז זיינע אַן אָנגעלעגנהייט. אָבער אין אַ צייט, ווען זי האָט אַזוי פֿיל צרות דורכגעמאַכט, האָט ער זי נישט באַזוכט אָפֿן. ווידער אַפֿנים זיך געשעמט מיט איר! אויב ער איז אַזאַ מענטש, איז וואָס פֿאַר אַ געמיינזאַמעס קאָנען זיי האָבן?

סאָקאָל האָט זיך געפֿילט שולדיק קעגן סאַשען. דאָס געוויסן האָט אים געפּלאָגט, אַז ער האָט אפשר טאַקע געהאַנדלט נישט פֿיין.

סאָקאָל איז צוגעקומען צום קאַטעדזש און אַריינגעקוקט אין די פֿענסטער פֿון דיינינג רום. דאָס גרויסע צימער איז געווען גע־פּאַקט מיט געסט, וואָס זענען געקומען אפֿילו פֿון בעטלעהעם. די מערסטע קאָמוניסטיש ־ געשטימטע יונגע פֿאַרלעך. חבר פֿאָל איז געזעסן מיט זינאָטשקען אויף איין שטול און מיט איין האַנט זי געהאַלטן אַרומגענומען. זיין מאַנגאַליש פּנים האָט אויסגעזען צו־פֿרידן. סאָקאָלס האַרץ האָט גענומען קלאַפּן שטאַרקער, זיין שטערן האָט זיך פֿאַרקנייטשט. נאָר וואָס אַרט עס אים? וואָס איז זיינע דאגות? פֿאַרקערט, ער דאַרף גאָר זיין צופֿרידן פֿון דעם, ווייל חבר פֿאָל וועט דאָך האָבן אויף איר אַ גוטע ווירקונג.

סאָקאָל איז אָבער נישט אַריין אין קאַטעדזש. שטיל, אומבאַ־מערקט זיך אומגעקערט און איז אַוועק אין האָום. ער האָט באַ־שלאָסן דעם אָוונט זיך לייגן פֿריער שלאָפֿן און זיך גוט אויס־רוען.

נאָר אין דער נייער געביידע, ווו זיין צימער האָט זיך געפֿונ־נען, איז געווען זייער טומלדיק. עס וואָלט געווען אוממעגלעך איינצושלאָפֿן. אין דעם גרויסן לאָבי איז פֿאַרגעקומען די זייר־גע־זונט „סניזינג פּאַדע״. די יונגע פּאַציענטן האָבן זיך געמאַכט נאַריש, פֿאַרגעשטעלט קאָמישע סצענקעס, געזונגען פֿאָלקס־לידער. מיידלעך זענען געווען איבערגעטאָן אין מענערישע קליידער און פֿאַרקערט. אַלע ווײַלע פֿלעגט אויסברעכן אַ הילכיק געלעכטער. דער געוועזענער קופּלעטיסט האָט זיך געפֿילט, ווי אַ פֿיש אין

וואסער און רעציטירט איין צווידיטיק לידל נאָך א צווייטן. די גראָבע ווייבער האָבן זיך ממש געהאַלטן פאַר די זייטן. בראָטן זאָל ער זיך אויף א סקאָוואָראָדע. וואָס פאַר א טייוול עס זיצט אין אים!

סאָקאָל האָט זיך אוועקגעזעצט אין א ווינקל נעבן שטילן שניידערל. ער האָט באַשלאָסן צו פאַרברענגען דאָ א ווײַלע, פאַר־טרייבן די שלעכטע שטימונג, וואָס דער קלײנער ארגומענט מיט סאשען האָט אויף אים אַרויפגעוואָרפן. אָט האָט אין מיטן דער לאַבי זיך אוועקגעשטעלט א קלייניגקער, פלינקער מאַן, מיט א רונד בײַכל און א ראָזעווע, זשוליקעוואַטע פּנים, אַן אַרבעטסלאָזער יעפּאָרם ־ רבילע. ער האָט געבעטן דעם עולם זיין שטיל. ער וויל עפּעס פּאַרלייענען.

— שאַ, שאַ. שטיל זאָל זיין! — האָבן זיך דערהערט קולות פון אַלע זייטן. — דער רבי וועט רעדן.

— דאָס איז א צוואה פון א הייפּיבערניק, — האָט ער אָנ־געהויבן. — פאַראַיאָרן זומער האָב איך פאַרבראַכט אין בעט־לעהעם מיט מײַנעם א חבר. מיר האָבן אַליין געקאָכט און דער־פאַר פלעגן אונז אַלע רופן: מאַן און ווייב. פּלוצים האָב איך גע־מוזט זיך אומקערן אהיים און צוגעשיקט מיין פריינט קיין בעטלע־העם א קורץ בריוועלע מיט א צוואה. הערט זיך איין: „טייערע ווייבעניו מיינע. האשה חיים. ערשטנס, קום איך דיר מודיע זיין, דאָס איך נים האַרציק, נישט ערגער פון דיר צו הערן. איך זאָג דיר בנאמנות, אז מיין ניסן האָט זיך צוגעפּאַסט צו דער איצטיקער צייט, דאָס הייסט, איך בלאָז שופר: תקיעה, שברים, תרועה. קום איך דיר צו שרייבן, אז איך האָב פאַרגעסן צו שרייבן א צוואה, וואָס עס זאָל געטאָן ווערן מיט מיין האָב און גוטס, וואָס איך האָב איבערגעלאָזן ביי דער באַלעבאָסטע אונזערער אין אַלמער:

דעריבער גיי איך טאַקע באַלד דאָ שרייבן מיין צוואה. טאָ־מער וועט חלילה וחס מיט מיר עפּעס פּאַסירן, זאָלסטו וויסן, וואָס צו טאָן.

מיין צוואה: זייענדיק אין פולן פאַרשטאַנד, שרייב איך: א) מיין בעג מיט די פּאָטייטאָס מיט די מוראַשקעס, וואָס האָבן זיך דאָרטן פאַרקליבן, לאָז איך איבער צו מיין טייערער ווייב מרת. חיים, זי זאָל עסן, ווי איר האַרץ גלוסט זיך און מאַכן בולבענע

לאַטקעס און אַ בולבע־קוגל דעמזועלבן טאָג, וואָס די צוואה וועט פאַר־
עפנטלעכט ווערן. ב) מיין בעג ציבעלעס גיב איך איבער מיין
האַרציקע, שוואַרץ ־ חנעוודיקע, זינגענדיקע באַלעבאָסטעניו. איך
וואָלט פאַר איר קיין צען זעק ציבעלעס נישט געגעבן; פשוט, ווייל
איך האָב נישט. אָבער איין זעקל איז זי ביי מיר ווערט. זאָל זי
זיך אָבער נישט צוכאַפּן און אויפעסן מיט איין מאָל. זי וועט זיך
נאָכדעם נישט קאָנען קושן מיט חיימען. ג) מיין באָקס צוקער לאָז
איך איבער דער זוויערער, אָבער גוטער, מרס. ,,קיי''. ווי צוקער
איז זיס איר קאָמפּאַני. זאָל גאָט געבן, אַז איר גורל זאָל זיסער
ווערן אויפן נייעם יאָר, אמן סלה. ד) די זאַלץ לאָז איך איבער
דער באַלטימאָרער רויט־נאָזיקער אשה מיטן קופּערנעם יצר־הרע...
איך האָב שוין פאַרגעסן איר נאָמען. מען קאָן זי אָבער לייכט
דערקענען. עס פעלט איר זאַלץ''.

אונטערגעשריבן: דר. לאַפּאַצאַן.

דאָס רבילע האָט זיך פאַרנויגט און דער עולם האָט גענומען
טומלדיק פּאַטשן בראַוואָס.

סאָקאָל איז געוואָרן לאַנגווייליק. מען מאַכט זיך נאַריש. ער
האָט זיך אויפגעהויבן, געזאָגט דעם שטילן שניידערל אַ גוטע
נאַכט און איז אַוועק צו זיך אין צימער. אָבער ביז האַלבער נאַכט
האָבן די פּאַציענטן זיך משמח געווען און ער האָט אַלץ נישט
געקאָנט איינשלאָפן, געפּלאָגט פון פאַרשיידענע אומעטיקע מח־
שבות.

16

עס איז געווען אַ פּאָר טעג פאַר יום־כפּור. דער פרימאָרגן איז
געשטאַנען אַ קאַלטער, אַ קלאָרער, און אין דער לופט האָט זיך
שוין געפילט דער שטילער, גאָלדענער ,,ניו־איינגלאַנד''־הערבסט
מיט זיינע בונטע פאַרבן. אויף פיל בוימער זענען די בלעטער שוין
געוואָרן קופּער־רויט.

סאָקאָל איז געגאַנגען קיין בעטלעהעם. פון דאָרט האָט ער
זיך געקליבן צו פאָרן קיין ליטלטאָן צום סטיישאָן, ווייל שרהלע
מיט איר מאַן און קינד האָבן דעם פרימאָרגן געדאַרפט פאָרן
אַהיים.

דעמזעלבן טאָג אַזייגער דריי נאָכמיטאָג האָט אויך געראַפּט פאַרקומען דער חנוכּת הבית פון דער נייער געביידע פון האָום. די פּאַציענטן זענען געווען אומצופרידן און פיל האָבן פּראָטעס־טירט און ׳געסטראַשעט מיט אַ סקאַנדאַל, ווייל דער מענעדזשער האָט אַלעמען געלאָזט וויסן, אַז פאַר זיי וועט ביי דעם באַנקעט נישט זיין קיין פּלאַץ און זיי וועלן נישט קאָנען אָנטיילנעמען אין דעם יום־טוב.

די פּאַציענטן האָבן זיך צוזאַמענגערעדט גלייך נאָך וואַרע־מעס צו האָבן אַ מיטינג אין וואַלד ביים וואַסער און באַשליסן, ווי אַזוי צו רעאַגירן אויף דער באַליידיקונג.

באַזונדערס האָבן געאַרבעט מעשים דאָס שוואַרצע ווייבל, דער פּיינטער, וואָס האָט געשריבן שלעכטע גראַמען, זינאָטשקע און חבר כּאַצקלסאָן, וועלכער איז שוין אַרויס פון האָספּיטאַל און ווידער אויפגעלעבט, און נאָך עטלעכע לינק־געשטימטע.

שטאַפּעטן זענען געלאָפן אַלע ווײַלע פון האָום צו די באַיעס פון דער „קאָמונע" און צוריק, און חבר פּאָל האָט געגעבן אינ־סטרוקציעס, ווי צו אָרגאַניזירן דעם בונט.

סאָקאָל אַליין האָט אויך געפילט, אַז דאָס, וואָס מען האָט נישט איינגעלאַדן די פּאַציענטן צום ׳יום־טוב, איז טאַקע אַ באַ־ליידיקונג. כאָטש ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז די פּלעצער דאַרף מען פאַר די רייכע געסט, פאַר די, וואָס קאָנען עפּעס ׳מנדב זיין פאַר דער האָום. אָבער ער האָט באַשלאָסן צו פּראָטעסטירן מיט אַלעמען גלייך, ער וועט גיין מיט די באַליידיקטע און אָרעמע...

אַ שאַרפער פייף פון אַן אויטאָמאָביל האָט איבערגעריסן זיי־נע געדאַנקען און באַלד האָט זיך אַ קליינע מאַשין אָפּגעשטעלט נעבן אים. און אַ מאַן האָט געפרעגט, וווהין ער גייט, און אים איינגעלאַדן אונטערצופירן קיין בעטלעהעם.

סאָקאָל האָט באַדאַנקט, איז אַריין אין מאַשין און זיך גע־זעצט נעבן מאַן.

אויף דעם הינטערשטן פּלאַץ איז געזעסן אַ יונגע פרוי מיט צוויי קינדער, אַ יינגל פון אַ יאָר צען און אַ מיידעלע פון אַ יאָר זיבן־אַכט. די פרוי איז געווען אַ טונקעלע, אַ קליינינקע, מיט גרוי־סע שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן ׳געקוקט אַביסל דערשראָקן און

אומעטיק. איר פּנים, רונד און ליב, האָט אויסגעזען ווי בײַ א מיידעלע.

דער מאַן האָט סאָקאָלן דערציילט, אַז ער איז אַ שפּאַניאָלישער ייד, איז געקומען מיט אַ פּאָר יאָר צוריק פון ביירוט קיין אַמעריקע און ער האָט גלייך געקריגן אַ מתּנה היי־פיבער און אַסטמע און איצט מוז ער קומען אַלע יאָר אין די „ווייט מאונטענס". דעם סעזאָן האָט ער מיטגענומען מיט זיך זיין גאַנצע פאַמיליע און אַזוי ווי אין עטלעכע טעג אַרום איז שוין יום־כּפּור, פאָרט ער איצט אין שלאַכט־הויז, ווו עס געפינט זיך דער שוחט פון בעטלעהעם, און וועט דאָרטן שלאָגן כּפּרות. און דערנאָך וועט ער אים ברענגען אין שטעטל.

סאָקאָל האָט גערן איינגעשטימט. ביז שרהלעס אָפּפאָרן איז נאָך געווען גענוג צייט.

די מאַשין האָט זיך פאַרקירעוועט אויף אַ שמאָלן וועג און באַלד זענען זיי צוגעפאָרן צו אַן אַלטן שייער, ווו מען פלעגט שעכטן קעלבלעך און עופות פאַר די יידישע קצבים פון דער געגנט.

די לופט האָט דאָ געשמעקט מיט בלוט און מיסט. אין גרויסע שמוציקע שטייגן האָבן געקוואָקעט הינער, וואָס מען האָט געדאַרפט קוילן. אַ קעלבל איז געשטאַנען צוגעבונדן צו אַ בוים און נערוועוועט מיט אומעט אין דעם גאָלדענעם חלל אַריין. ביים אַריינגאַנג פון שייער, איינגאַנצן באַשפּריצט מיט טונקל־רויטע פלעקן, מיט אַ קליינעם חלף צווישן די ציין און אַ שוואַרץ הענטל אין האַנט, איז געשטאַנען דער שוחט, אַ הויכער שטאַרקער מאַן, מיט אַ קליין, שפּיציק, בלאָנד בערדל. נעבן אים האָט אַ בחור פאַנאַנדערגעטיילט די געקוילעטע עופות.

דער שפּאַניאָלישער ייד איז צוגעגאַנגען צום שוחט און אים געזאָגט, וואָס ער וויל.

דער שוחט האָט אַרויסגענומען דעם חלף פון מויל.

— דאָ שלאָגן כּפּרות? — האָט ער געפרעגט מיט אַ שמייכל.

— יאָ, חכם, — האָט שטיל צוגעגעבן דער שפּאַניאָל. — דו וועסט מיט אונז זאָגן די ווערטער.

דער שוחט האָט אָנגעקוקט די קליינינקע פרוי, וואָס איז גע־

שטאַנען אַן אַ זייט אַ שטילע און אַביסל אַן אומעטיקע און גע־
האַלטן ביידע קינדער פאַר די הענט.

— גוט, גוט, — האָט געזאָגט דער שוחט.

דער מאַן האָט אויסגעקליבן אַן אַלטן האָן פאַר זיך, אַ הענדל
פאַרן יינגל און צוויי הינדעלעך פאַר זיין פרוי און מיידעלע. דער
שוחט איז צוגעקומען, געדרייט די עופות איבער זייערע קעפּ און
געשלאָגן כפּרות. ווען ער האָט געענדיקט, האָט ער גענומען די
עופות און געוואָלט זיי שעכטן, נאָר די פרוי האָט אים אָפּגע־
שטעלט און געזאָגט:

— חכם, דו ביסט נאָך נישט פאַרטיק. איך האָב נאָך אַ קינד,
—און זי האָט אַרויפגעלייגט איר רעכטע האַנט אויף איר פולן, שפּי־
ציקן בויך. — איך שוואַנגער און וויל, דו זאָלסט אויך אים אויס־
לייזן פון זיינע זינד.

דער שוחט און סאָקאָל האָבן זי אָנגעקוקט.

— מען דאַרף עס נישט, — האָט געזאָגט דער שוחט און
געשמייכלט.

נאָר זי האָט געפאָדערט:

— טו עס, חכם. גאָט וועט דיר העלפן.

איר מאַן האָט אויך אַ קוק געטאָן אויפן שוחט מיט בעטנ־
דיקע אויגן.

— וואָס ווילסטו, אַ הענדל אָדער אַ הינדל? דו ווייסט דאָך
נישט, וואָס דו טראָגסט, — האָט געזאָגט דער שוחט.

— נעם אַ הענדעלע, חכם. אַ הענדעלע.

דער שוחט האָט גענומען אַ ווייס הענדל, איז אַן ערנסטער
צוגעקומען צו דער פרוי און עס אַ פּאָר מאָל געדרייט איבער
איר בויך און דערביי געזאָגט: „זה חליפתי"... זי איז געשטאַנען
מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און אירע אויגן זענען געווען פול
מיט טרערן פון פרייד און האָפענונג.

---

אַ שעה שפּעטער איז סאָקאָל געשטאַנען אויף דער פּלאַטפאָרם
פון דעם וואָקזאַל אין ליטלטאַן און געוואַרט אויף שרהלען מיט
איר מאַן, וועלכע האָבן אַוועקגעשיקט זייערע זאַכן מיטן עקס־
פּרעס און געדאַרפט באַלד זיך אומקערן צו אים.

א צען אויטאָמאָבילן האָבן געבראַכט א זעכציק פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן געמאַכט א סך טומל און אָנגעפּילט די לופט מיט פריילעכע אויסגעשרייען. דער צוג האָט געדאַרפט אָנקומען אין פינף מינוט אַרום.

סאָקאָל איז געשטאַנען און געטראַכט, אַז ס'וואָלט געווען גוט, ווען שרהלעס מאַן מיט איר קינד פאָרן אַוועק און זי בלייבט מיט אים כאָטש אויף איין טאָג אַליין. אָבער וואָס פאַר א משוגענע געדאַנקען קומען אים אין קאָפּ. אָט באַלד לויפט דאָך אָן די באַן און שרהלע פאָרט אַוועק. וואָס טוט זיך מיט אים? ער לאָזט זיך אַריין אין פאַנטאַזיעס, ווי א פאַרליבט בחורל.

די ערשטע איז צו אים צוגעקומען שרהלע. סאָקאָל האָט אָנ־געקוקט איר ליכטיק פּנים און מיט אַמאָל אַזוי זיך אַרויסגערעדט:

— פאָרט נאָך נישט אַוועק. פאַרבלייבט כאָטש נאָך אויף א טאָג.

— וואָס פאַלט אייך איין, מיסטער סאָקאָל? — האָט זי זיך פאַרוואונדערט. — מיר האָבן שוין אַוועקגעשיקט אונזערע זאַכן, געקויפט טיקעטס און טעלעגראַפירט מיינע עלטערן, זיי זאָלן אונז באַגעגענען ביים סטיישאָן.

עס איז צוגעקומען שרהלעס מאַן מיט איר יינגעלע. מען האָט נאָך א פאָר מינוט גערעדט וועגן דער רייזע, וואָס ציט זיך א גאַנצן טאָג און איז עפּעס זייער לאַנגווייליק און אַז אין שטאָט מוז נאָך מסתּמא גוט פּלאָגן דער היי־פיבער, ווייל איייניקע זענען נאָך איצט פון ניו - יאָרק געקומען קיין בעטלעהעם. מיסטער וויסבערג האָט אויך געבעטן סאָקאָלן אַרויפקומען צו זיי אַמאָל. זיי וועלן נאָך דיסקוטירן פיל פראַגן, וואָס האָבן א שייכות מיטן קאָמוניזם.

— יאָ, יאָ, — האָט צוגעשטימט סאָקאָל.

עס האָט זיך דערהערט, ווי די באַן קומט־אָן. די פּאַסאַ־זשירן האָבן געכאַפּט זייערע טשעמאָדאַנען און פּעקלעך. סאָקאָל האָט א קוש געטאָן שרהלעס יינגעלע, געדריקט שטאַרק די האַנט ביי שרהלען און איר מאַן. דערווייל איז שווער - סאַפּענדיק מיט קנויל רויך אָנגעלאָפן דער צוג און געבליבן שטיין. די פּאַסאַזשירן האָבן זיך א לאָז געטאָן צו די וואַגאָנען. סאָקאָל האָט געהאָלפן שרהלען און איר מאַן אַריין אין וואַגאָן און איז אַוועק צוריק. ער איז

געבליבן שטיין אויף דער פּלאַטפאָרם און געוואַרט, דער צוג זאָל אַוועק. שרהלען האָט ער מער נישט געקאָנט זען. אָט האָבן די רעדער פון דער באַן גענומען סקריפּען. דער צוג האָט זיך אַ ריר געטאָן און איז אַוועק. סאָקאָל איז אַראָפּ פון דער פּלאַטפאָרם, געזוכט אַ באַקאַנטן צווישן די אויטאָמאָבילן, וועלכער זאָל אים ברענגען קיין בעטלעהעם און פון דאָרט וועט ער צופוס אַוועק־שפּאַנען צוריק אין האָום. איצט האָט ער מער נישט וואָס צו טאָן אין בעטלעהעם.

פּלוצים האָט אימיצער אים אַ רוף געטאָן. די שטימע האָט אים אויסגעזען צו זיין באַקאַנט. עפּעס איז געווען אין דעם קול, וואָס האָט אים געמאַכט אויפציטערן. ער האָט זיך אומגעקערט, זיינע אויגן נישט געגלויבט. פאַר אים איז געשטאַנען שרהלע. זי האָט אויסגעזען זייער צעטראָגן און איר פּנים האָט געשמייכלט מיט אַ שולדיקן שמייכל פון איינעם, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין אַזאַ סיטואַציע, וואָס מען קאָן עס אויסטייטשן אויף פאַרשיידענע אופנים.

— מיסטער סאָקאָל, איך האָב פאַרשפּעטיקט דעם טריין, — האָט זי אַרויסגערעדט אַ פאַרלאָרענע.

— אָבער ווי אַזוי! — האָט זיך ביי אים אַרויסגערופן אַ געשריי פון פרייד. — דאָס איז דאָך וווּנדערבאַר.

שרהלע האָט אים דערציילט, אַז אין וואַגאָן איז געווען זייער ענג. איר האָט זיך פאַרדרייט דער קאָפּ און זי איז אַרויס אויף אַ רגע. זי האָט נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך מיט איר. דערווייל איז דער צוג אַוועק און איר מאַן האָט שוין געשריגן דורכן פענסטער פון וואַגאָן, אַז זי זאָל זען אַרויסצופאָרן מיטן צווייטן טריין.

— מיסטער סאָקאָל, אייער פאַרלאַנג איז מקוים געוואָרן. איר זענט פּשוט אַ מכשף. איר זעט, וואָס איר האָט אָפּגעטאָן. איך מוז דאָ פאַרבלייבן נאָך אַ פּאָר שעה. — סאָקאָל האָט נישט גע־קאָנט פאַרשטיין, צי שרהלע זאָגט דעם גאַנצן אמת. עס האָט אויסגעזען מאָדנע, כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז דאָס האָט נישט געקאָנט פּאַסירן. ער האָט זי געבעטן פאַרבלייבן. האָט זי דערפילט זיין פאַנטאַסטישן פאַרלאַנג און אַליין געוואָלט פאַרבלייבן. אָדער האָט זיך איר טאַקע פאַרדרייט דער קאָפּ און דערווייל איז דער

צוג אוועק. אָבער ווי עס זאָל נישט זיין, איז איר זיין דאָ אָדע־ביידע זאַכן צוזאַמען — וואונדערבאַר.

— וואָס דענקט איר איצט צו טאָן? — האָט געפרעגט סאָקאָל. — איר האָט מיט זיך אייער טיקעט?

— יאָ, — האָט זי אויפגעמאַכט איר רעדיקול, צו זיין זיכער. — איך האָב אויך אַ פּאָר דאָלאַר מיט זיך און וועל דאָ וואַרטן אויף דעם צווייטן צוג.

— אָבער אַזוי לאַנג. לאָמיר ערגעץ גיין. קומט אַריין אין אַ רעסטאָראַן.

— גוט, גוט, — האָט צוגעשטימט שרהלע און באַלד צוגע־געבן: — איר דענקט מסתמא, אַז איך בין פאַרבליבן, ווייל אייך האָט זיך אַזוי געוואָלט. איך האָב אָבער אויף אַן אמת פאַרשפּע־טיקט דעם טריין.

— שרהלע, ווי די זאַך זאָל נישט זיין, בין איך גליקלעך, — האָט זי אָנגענומען פאַר אַ האַנט סאָקאָל.

זי האָט האַלב פאַרמאַכט די אויגן - דעקלעך און מיד גע־זאָגט:

— איך האָב אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. תמיד, ווען איך דאַרף ערגעץ פאָרן, קאָן איך נישט איינשלאָפן פריער.

זיי האָבן פאַרבראַכט מער ווי צוויי שעה אין ליטלטאַון, זע־נען געווען אין צוויי רעסטאָראַנען. דערנאָך זענען זיי אַרויס פון שטאָט און פאַמעלעך אַרומגעשפּאַצירט איבער אַ לאַנגער שאָטנ־דיקער אַלייע נעבן אַן אַלטן בית - עולם. שרהלע האָט זיך שוין באַרואיקט און אפילו געשפּאַסט פון דער גאַנצער געשיכטע. נאָך אַ גליק, וואָס „ברײנדעלע קאָזאַק" איז נישט געווען אויפן וואָק־זאַל. זי וואָלט עס גלייך צעפּויקט איבער גאַנץ בעטלעהעם. אָט וואָס אַ שטילע פרומע פרוי, אַ „דאַל", קאָן אָפּטאָן. לאָזט דעם מאַן אַוועקפאָרן מיטן קינד און אַליין גייט זי זיך אַרוים רואיק פון וואַגאָן צוליב אַן אַנדערן. ביידע האָבן זיך צעלאַכט.

דערנאָך האָט איר סאָקאָל דערציילט וועגן דעם חנוכת הבית פון דער נייער געביידע פון האָום און אַז פיל פּאַציענטן קלייבן זיך צו פּראָטעסטירן, ווייל מען האָט זיי נישט איינגעלאַדן צום יום־טוב. שרהלען האָט פאַרדראָסן, וואָס זי וועט נישט קאָנען זיין דערביי.

זיי זענען ארוים פון דער אַלייע און זיך געזעצט אויפן גראָז, האָרט ביים נידעריקן שטיינערנעם פּלויט פון בית עולם. ארום האָט מען קיינעם נישט געזען, נאָר פון דערווייטנס, איבערן סטייט ראוד, זענען פון צייט צו צייט פאַרבייגעפאָרן איינצלנע אויטאָמאָבילן. אויפן האָריזאָנט האָבן זיך געזען די בערג, באַגאָסענע מיט זון.

שרהלע האָט זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז און האַלב פאַרמאַכט די אויגן.

— לאָזט מיר נישט איינשלאָפן, — האָט זי געזאָגט. — איך וועל נאָך פאַרשפּעטיקן דעם צווייטן טריין אויך.

סאָקאָל האָט געקוקט אויף איר, ווי זי דרימלט, לייכט פאַרגלעט די בלאָנדע הערעלעך, וואָס זענען איר געקראָכן אין די אויערן און מיט אַ פינגער קוים אָנגערירט אירע גאָלדענע ברעמען. שרהלעס אונטערשטע ליפּ האָט אַלע ווײַלע געצוקט.

סאָקאָל האָט ביז ווייטאָק זיך פאַרוואָלט זי אַ קוש טאָן. עפּעס האָט זיך אים אַלץ אויסגעדאכט, אז ווען ער וועט זי אַ קוש טאָן מיט געוואַלט, וועט שרהלע זיך פילן באַליידיקט און איבעררייסן מיט אים די באַקאַנטשאַפט.

אָבער שרהלע האָט מיט אַמאָל אויפגעמאַכט די אויגן און זיך אויפגעהויבן. — איר דאַרפט, דאַכט זיך, שוין אַוועקגיין, — האָט זי געזאָגט.

— איר ווילט דען, איך זאָל אייך לאָזן אַליין? — האָט סאָקאָל געפרעגט.

— איך וועל זיך אומקערן צום סטיישאָן און דאָרט וואַרטן ביז די באַן וועט אָנקומען, — האָט שרהלע געענטפערט און זיך פאַרקוקט אויף די קברים ביים פּלויט, אויף די פאַרוויאַנעטע און פרישע בלומען - קרענץ, וואָס זענען דאָ און דאָרט געהאָנגען אויף די צלמים.

סאָקאָל איז געשטאַנען נעבן שרהלען. ביידע האָבן געשוויגן. אַ בין האָט זיך אין דער לופטן פאַרבייגעטראָגן מיט אַ זשומען. עס איז אָנגעלאָפן אַ ווינטעלע און די בוימער האָבן שטיל אַ רויש געטאָן. מיט אַמאָל האָט סאָקאָל דערפילט שרהלעס הענט אויף זיינע אַקסלען. אירע אויגן האָבן אויף אים מאָדנע אַ קוק געטאָן און איר מויל האָט זיך האַלב צעעפנט, ווי זי וואָלט עפּעס וועלן

זאָגן. סאָקאָל האָט זיך אינסטינקטיוו צוגעבויגן צו איר. שרהלעס הענט האָבן ארומגעכאַפּט זיין נאַקן און זייערע ליפּן האָבן זיך באַגעגנט. אָבער פּלוצים האָט זי זיך אָפּגעריסן פון אים און וואַקלענדיק זיך, ווי א שכורע, געמאַכט א פּאָר טריט אַוועקצוגיין.

— עס איז שפּעט, — האָט זי געזאָגט און אפילו נישט גע־וואָלט ער זאָל זי באַגלייטן צום וואָקזאַל. נאָר ער האָט זי געבראַכט צום סטיישאָן און זי איז אַוועקגעפאָרן.

---

אין האָום האָט זיך סאָקאָל אומגעקערט צו ענדע פון וואַ־רעמעס. ער איז נאָך אַלץ געווען אונטערן איינדרוק פון געזעגענען זיך מיט שרהלען און נישט געקאָנט פאַרגעסן א מאָדנע לויה, וואָס ער האָט באַגעגנט צוריקוועגס. הינטערן טויטן ־ וואָגן זענען געגאַנגען אַלטע פּאָרלעך מיט שטילע לאַנגזאַמע טריט און גאָר צום סוף פון דעם „קאַרטעזש" האָבן זיך געשלעפּט צוויי הונדערט־יאָריקע, א מאַן מיט א פרוי. ביידע זענען זיי געווען אָנגעטאָן אין אַלטמאָדישע פאַרביקע קליידער און די פרוי האָט געטראָגן א רויטע שטרויס־פעדער אין א פּראָסטער, שוואַרצער, שטרויענער העט.

סאָקאָל האָט זיך געזעצט עסן. די מערסטע פּאַציענטן האָבן זיך שוין אויפגעהויבן פון זייערע פּלעצער און זיך געקליבן אין וועלדל צום מיטינג.

ביי דער נייער געביידע האָט מען צעשטעלט די לאַנגע טישן פאַרן יום ־ טוב און צעלייגט די קעיקס מיט די איבעריקע נאַ־שערייען, וואָס מען האָט צוגעגרייט פאַר די געסט. איבער דעם אַריינגאַנג האָט מען אויפגעהאָנגען אַן אַמעריקאַנער און א יידישע פלאַג. צו דעם חנוכת ־ הבית האָט מען אויך איינגעלאַדן דעם מעיאָר פון בעטלעהעם.

אַזייגער דריי האָבן שוין די געסט גענומען זיך צוזאַמענ־קלייבן. איין אויטאָמאָביל איז אָנגעקומען נאָך א צווייטן. עס האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן א הונדערט אויסגעפּוצטע פרויען און מענער און זיך צעזעצט ביי די טישן. מען האָט גענומען סערווירן טיי און קאַלטע, זיסע געטראַנקען. אויף דער ספּעציעל צוגעגריי־טער קליינינקער פּלאַטפאָרם איז געזעסן דער מעיאָר, אַן אַלטער

מאן מיט פארטרערטע אויגן, און דער שמש פון דער שול, אן עלטערער ייד אין טונקעלע שפאקולן. דאס חנוכת - הבית האט זיך אפיציעל אנגעהויבן. אויף דער פלאטפארם האט זיך באוויזן דער פרעזידענט פון האום. דער עולם האט גענומען פאטשן בראַ־וואַ. אן א זייט זענען געשטאנען א צוואנציק פאציענטן, פרויען און מענער, וועלכע האבן מורא געהאט אנטייל צונעמען אין דעם פראטעסט - מיטינג. דער פרעזידענט האט געהאלטן א לאנגע רע־דע, דערציילט, ווי אזוי עס איז דער אדמיניסטראציע אנגעקומען שווער צו זאמלען די גרויסע סומע, וואס מען האט געדארפט אנ־צוהויבן צו בויען די נייע געביידע, אין וועלכער דער אנשטאלט האט זיך אזוי גענויטיקט. ער האט אויך אנגעווארפן פלענער פאר נאך א געביידע און צום סוף געדאנקט דעם מעיאר פון בעטלע־העם. פאר דער נאטמעריינטלעכקייט, וואס דאס שטעטל ווייזט ארויס צו די יידן, און ענדלעך אים געגעבן דאס ווארט.

דער עולם האט שטארק אפלאדירט און מיט דרך - ארץ אויסגעהערט די פאר ווארעמע ווערטער פון דעם אלטן קריסט מיט די פארטרערטע אויגן. דערנאך האט גערעדט דער שמש.

— עסקיוז מי, לידים ענד דזשענטעלמען, דהעט איי קענאט האלד מאי פרעיער אין ענגליש. אי וויל ריעד איט אין היברו און ער האט אנגעהויבן:

ברוך אתה ה׳ אלהינו מלך העולם, שלח רפואה שלמה לכל האנשים הסובלים ממחלת היי־פיבער, שלח ברכה לכל האנשים הנותנים צדקה ושלח ברכה להאפיסערס, המתעסקים לטובת המחלה היי־פיבער.

געבענטשט ביזטו גאט אונזער גאט פון דער וועלט, שיק אראפ א רפואה שלמה צו אלע מענטשן, וואס לידן פון היי־פיבער. בענטשן זאלסטו אלע מענטשן, וואס גיבן צדקה, בענטשן זאלסטו אלע אפיסערס, דעם פרעזידענט, וויס־פרעזידענט, די עק־זעקוטיווע און דעם מעיאר פון בעטלעהעם.

דער שמש האט זיך פארנויגט פאר די געסט, דער־נאך פאר די בענק פון ביידע זייטן און צוגע־געבן: געפינישט! דער עולם האט נאך נישט באוויזן צו ענדיקן פאטשן בראוואָ אויף דעם שמשס טשעקאווע דרשה, ווי פון דערווייטנס האט זיך דערהערט א געזאנג. דאס זענען גע־

גאַנגען די אומצופרידענע פּאַציענטן פון מיטינג און געזונגען אַ רעוואָלוציאָנער ליד. די שטימען האָבן געקלונגען פאַרשיידן און נישט אייניק, ווייל נישט אַלע האָבן געקענט די ווערטער און זיך געסטאַרעט נאָר אונטערצוכאַפּן דעם מאָטיוו, וואָס איז געווען ענלעך צו דעם מאַרש פון דער באָלשעוויסטישער רויטער אַרמיי.

דער מיטינג אין וועלדל איז געווען אַ היציקער. די באַיעם פון דער „קאָמונע" האָבן אַגיטירט פאַר אַ פּשוטן סקאַנדאַל, וואָס זאָל צעשטערן דעם גאַנצן יום־טוב, ווייל די באַליידיקונג איז אַ בלוטיקע. נאָר אַ דאַנק סאָקאָלן און דעם אַלטיטשקן קופּלעטיסט, וועלכער האָט געוואָלט רעדן פאַר די געסט, געזוכט אַ געלעגנהייט זיך צו באַווייזן פאַרן עולם, האָט מען מיט אַ גרויסער מערהייט ענדלעך באַשלאָסן אויסצודריקן אַ רואיקן פּראָטעסט, וואָס קאָן מאַכן אַ שטאַרקערן איינדרוק.

עס איז אויסגעווילט געוואָרן אַ קאָמיטע פון דריי, וואָס זאָל אין שטאַרקע ווערטער איבערגעבן דעם פּראָטעסט.

פאָראויס האָבן געשפּאַנט סאָקאָל, דער געוועזענער קופּלע־טיסט און חבר כאַצקלסאָן, אונטערהינקענדיק אויף אַ פוס. הינ־טער זיי זענען געגאַנגען חברטע סאַשע, וועלכע איז צוליב דעם ספּעציעל געקומען פון בעטלעהעם, דאָס שוואַרצע ווייבעלע און זינאָטשקע, אויסגעפּוצט אין אַ רויטער בלוזע און מיט אַ רויטן באַנד אין די האָר. אויך איז צולעצט נאָכגעגאַנגען דאָס שטילע שניידערל, אין וועלכן מען האָט פּאַמעלעך אָנגעצונדן אַ פייערל פון פאַרדראָס קעגן די רייכע און זאַטע.

די געסט אַרום די טישן זענען מיט אַמאָל שטיל געוואָרן, זיך גענומען צוהערן, פונוואַנען דאָס געזאַנג דערטראָגט זיך. אייניקע האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע פּלעצער. דער מענעדזשער איז צוגעלאָפן צום פּרעזידענט און זיך גענומען שושקען מיט אים. די געסט האָבן אויך אָנגעהויבן מורמלען צווישן זיך. דערווייל האָבן זיך די „בונטאָווטשטשיקעס" אַלץ מער דערנענטערט צום האָטעל און אָט איז דאָס געזאַנג שטיל געוואָרן און די גאַנצע גרו־פּע איז צוגעקומען צו דער נייער געביידע און איז געבליבן שטיין.

די געסט האָבן שווייגנדיק געוואַרט, וואָס דאָ וועט פאָרקומען. פון דער גרופּע האָבן זיך אָפּגעטיילט דריי: סאָקאָל, דער אַלטיטשקער קופּלעטיסט און חבר כאַצקלסאָן. דער פּרעזידענט איז צוגע־

קומען צו דעם קאָמיטע. בײַ די זייטן זענען געשטאַנען דער מע־גערזשער און עטלעכע מענער פֿון דער עקזעקוטיווע.

— וואָס האָט פּאַסירט? — האָט ער איינגעהאַלטן געפֿרעגט.

—וואָס פֿאַרלאַנגט איר?

— פֿאַרוואָס האָט איר אונז באַליידיקט! — האָט פּלוצים אויסגעשריגן דער אַלטיטשקער קופּלעטיסט, פֿון אויפֿרעגונג זיך פֿאַרהוסט און מער נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין וואָרט.

— ווער האָט אייך באַליידיקט? — האָט געפֿרעגט דער פּרעזידענט.

— ווער, פֿרעגט איר! — האָט גענומען ציטערן פֿון כּעס סאָקאָל און זיין פּנים האָט זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט. — מיט וועמען פֿראַוועט איר עס דעם חנוכּת־הבית? ווער האָבן דאָ געדאַרפֿט זיין די הויפּט־מחותּנים? מיר, די אָרעמעלייט, פֿאַר וועמען דער אַנשטאַלט עקזיסטירט. און איר האָט פֿאַרגעסן אָן אונז. עס פּאַסט אייך נישט צו זיצן מיט קבצנים בײַ איין טיש. פֿאַר אונז איז נישטאָ קיין פּלאַץ.

— מיסטער סאָקאָל, — האָט אים איבערגעשלאָגן דער פּרעזידענט.— וואָס הייסט, עס פּאַסט אונז נישט. איר רעדט נאַרישקייטן. אַלע זענען דאָ ווילקאָם. נאָר מיר האָבן פּשוט נישט געהאַט גענוג קיין טישן. איר ווייסט דאָך, ווי דער אַנשטאַלט נויטיקט זיך אין געלט און מיר דאַרפֿן האָבן אַן עולם, וואָס קאָן אונז העלפֿן.

— וואָס דען! אונז דאַרפֿט איר? ערלעכע האָרעפּאַשניקעס? — האָט אַ געשריי געטאָן חבר כּאַצקלסאָן. — מיר פֿאַרשטייען עס שוין גאָר גוט.

— שווייגט! — האָט אים אָפּגעשטעלט דער מענעדזשער.

סאָקאָל איז פּלוצים געוואָרן בלאַס. ער האָט געפֿילט, ווי זיין האַרץ קלאַפּט שטאַרק און רייסט זיך ממש פֿון דער ברוסט. די הוצפּהדיקע און רחמנותדיקע בליקן, וואָס האָבן געטאַנצט פֿאַר זיינע אויגן, האָבן אים געשטאָכן ביז פּיזישן ווייטאָק און אויפֿגערעגט ביז וואַנזין. כּמעט אַלע האָבן אים דאָ געקענט. צווישן די געסט איז אויך געווען „ברײַנדעלע קאָזאַק". זי האָט סאָקאָלן באַגריסט און עפּעס געזאָגט, נאָר ער האָט קיין וואָרט נישט פֿאַרשטאַנען. ער האָט אויך מער נישט געהערט, וואָס דער פּרעזידענט

רעדט און ווי ער פֿאַרענטפֿערט זיך פֿאַרן עולם. די געסט אַרום די טישן האָבן גענומען אָננעמען מאָדנע צעשוווּמענע פֿאָרמען. פּילפּאַרביקע פֿונקען האָבן אַ טאַנץ געטאָן פֿאַר זײַנע אויגן און זענען פֿאַרלאָשן געוואָרן. סאָקאָל האָט געפֿילט, ווי די כּוחות גייען אים אויס. די ערד וויגט זיך אונטער זײַנע פֿיס, פֿאַרשווינדעט. ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, געוואָלט פֿאַלן. נאָר אימיצער האָט אים אַרומגענומען און צוגעהאַלטן. דערנאָך איז אים מיט אַמאָל געוואָרן גוט און ווי אין האַלבן שלאָף האָט ער סמוטנע געהערט אַן איינגעהאַלטענעם טומל אַרום אים. „בריינדעלע קאָזאַקס״ קול האָט זיך צו אים דערטראָגן פֿון ווײַט, ווײַט...

— — — — — — — — — — — —

סאָקאָלן האָט מען אַרײַנגעפֿירט אין זײַן צימער און אַרײַנגעלייגט אין בעט. נאָר דער פּרעזידענט האָט דאָך געהייסן אַרויסרופֿן דעם אַמבולאַנס פֿון ליטלטאַון האָספּיטאַל.

סאַשע, זינאַטשקע, דער געוועזענער קופּלעטיסט און דאָס שטילע שניידערל זענען נישט אָפּגעטרעטן פֿון זײַן בעט. סאָקאָל האָט זיך געשעמט צו עפֿענען די אויגן, צו קוקן אויף זיי. אַז אַזוי וועט זיך ענדיקן דער גאַנצער פּראָטעסט, האָט ער גאָרנישט ערוואַרטעט. פֿאַרוואָס איז אים פּלוצים געוואָרן אַזוי נישט גוט! אַפֿנים, אַז זײַן האַרץ ווערט אַלץ מער אָפּגעשוואַכט און ער האָט געדאַרפֿט זיך בעסער אָפּהיטן. תּמיד טראַכט ער אַזוי און עס לאָזט זיך אויס פֿאַרקערט, ער קען נישט זײַן רואיק, כאָטש טיף אין האַרצן בענקט ער אַזוי נאָך שטילקייט. דערצו, די שטענדיקע באַגעגענישן מיט פֿרויען.

יאָ, ער האָט צעשטערט די סצענע פֿון פּראָטעסט מיט זײַן פֿיזישער שוואַכקייט. בײַ די אַרומיקע געסט האָט ער זיכער מסתּמא אַרויסגערופֿן נאָר אַ געפֿיל פֿון רחמנות און מער גאָרנישט. אָט, מיסטער סאָקאָל, דער געוועזענער גביר און ערשטער פּרעזידענט פֿון האָום, איז נעבעך אַראָפּ פֿון זינען, חברט זיך מיט שנאָרער און קאָמוניסטן, אָרגאַניזירט בונטן און ווייס נישט אויף וואָסער וועלט ער איז.

סאָקאָל האָט אַלץ געציטערט מיט אַן אינערלעכן נערוועזן ציטער. סאַשע האָט אים איינגעדעקט מיט אַ פּאָר קאָלדרעס. דערנאָך האָט זי זיך איבערגעבויגן איבער אים, שטיל געפֿרעגט, ווי

ער פילט זיך. ער האָט געבעטן, מען זאָל אים לאָזן אַליין אין צימער. ער וויל איינדרימלען. נאָר קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. זיי האָבן מורא געהאַט אים צו לאָזן אַליין. דער געוועזענער קופּלעטיסט האָט זיך נישט געקאָנט באַרואיקן. ער האָט זיך געדרייט אַרום זינאָטשקען און שטיל גערעדט, אַז ווען נישט דאָס אומגליק מיט סאָקאָלן, וואָלט ער די זאַטעע בורזשויען באַוויזן, ווער ער איז. אָ, ער האָט שוין געהאַט צוגעגרייט אַ שטאַרקע רעוואָלוציאָנערע רעדע און אַפילו אַ פּאָר פּאַסנדיקע גראַמען צו דעם פאַל. ער האָט זיך געקליבן זיי אַ וואָרף צו טאָן אין די פּנימער אַריין דעם ביטערן אמת, וואָס וואָלט זיי אויפגערודערט. דאַרף פּלוצים געשען אַזאַ געשיכטע.

— געַנוג, — האָט זיך ביי אים געבעטן זינאָטשקע. — מיסטער סאָקאָל וויל איינשלאָפן.

אָבער דער קראַנקער האָט דערהערט דעם קופּלעטיסטס רייד און נישט ווילנדיק אין האַרצן אַ שמייכל געטאָן. ביידע זענען זיי גרויסע העלדן. אויפן ערשטן דאַרף מען נאָר שטאַרק אָנשרייען און ער ווערט שאַ־שטיל, און דער צווייטער חלשט גלייך אַוועק.

עס איז אַריינגעקומען דער מענעדזשער מיט צוויי מענער אָנגעטאָן אין ווייסן. דער אַמבולאַנס איז שוין געשטאַנען ביי דער טיר. סאַשע, זינאָטשקע, דער קופּלעטיסט און דאָס שטילע שניידערל זענען אַרויס פון צימער.

דער ,,אינטווירן’’ האָט געפונען פאַר נויטיק צו נעמען סאָקאָלן אין האָספּיטאַל. ער האָט אים אויך געמאַכט אַן איינשפּריצונג. באַלד איז סאָקאָל אַריינגעפאַלן אין אַ האַלבן דרימל און פאַרגעסן, ווו ער איז און וואָס מיט אים האָט פּאַסירט.

ווען מען האָט אים אַרויסגעטראָגן צום אַמבולאַנס זענען אין דער לאַבי געשטאַנען פּאַציענטן און אייניקע פון די געסט. מען האָט גערעדט איינגעהאַלטן און נאָר ,,ברייינדעלע קאָזאַקס’’ קול האָט געקלונגע איבער אַלעמען, אַז מען זאָל אויף סאָקאָלן גוט אויפפּאַסן אין האָספּיטאַל.



די גאַנצע צייט וואָס דער אַמבולאַנס איז געלאָפן קיין ליטל־

טאַן, האָט סאָקאָל זיך נישט אויף אַ רגע אויפגעכאַפּט פון זיין שווערן שלאָף. ער האָט געזען אַזאַ חלום: עס איז אַ שטיקנדיקער זומער־טאָג. ער איז נאָר־וואָס אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. פריער האָט ער אַ סך אַרומגעוואַנדערט און איז שרעקלעך אויסגעמאַטערט פון וועג. די סאָבוויי האָט אים געבראַכט אויף דער איסט־סייד. די גאַס, איבער וועלכער ער גייט, איז אַן אָרעמע, אַ שמוציקע, ענג־אָנגעפּיקעוועט מיט מענטשן און הינטער אירע אומעטיקע, קרומע הייזער, ציען זיך אין הימל אַריין הויכע שוואַרצע קוימענס פון פאַבריקן און געדיכטע וואָלקנס רויך שווימען אין אַלע זייטן און פילן אָן די לופט מיט אַ שווערן ריח פון איבערגעברענטע קוילן.

ער זוכט אַ צימער, ווו זיך אָפּצורוען, פאַר דאָס ביסל געלט, וואָס ער האָט נאָך ביי זיך. נאָר אין וואָס פאַר אַ הויז ער גייט נישט אַריין, ציט אים צוריק אין דרויסן. אומעטום הערשט אַזאַ שרעקלעכע נויט און די מענטשן, וואָס רעדן צו אים, זעען אויס קראַנק און אויסגעהונגערט, אַז דאָס האַרץ פאַרגייט אים אין ווייטאָג.

און אַזוי בלאָנקעט ער אַרום, אַ שעה נאָך אַ שעה, און ענדלעך גייט ער אַריין אין אַ קליינעם פּאַרק זיך צוזעצן. אַ פּאָר פאַרדאַרטע בוימער שטייען נעבן אַן אויסגעטריקנטן שטיינערנעם פאָנטאַן מיט עטלעכע אייזערנע בענק אַרום. דאָ און דאָרט שפּילן זיך אָפּגעריסענע, שמוציקע קינדער מיט בלייכע פּנימער און אַן אַלטער מאַן אין שמאַטעס זיצט אויף אַ באַנק און וואַרעמט זיך קעגן דער זון.

ער זעצט זיך נעבן אַלטן. דער גאַנצער קערפּער טוט אים וויי. אין די אויערן רוישט אַ סמוטנער טומל פון דער גרויסער שטאָדט, ווי אַ ים ביינאַכט, ווען פון דער פינסטערניש טראָגן זיך פאַרשטיקטע קולות פון מענטשן, וואָס טרינקען זיך.

— ווער ביסטו? — פרעגט ביי אים דער אַלטער מאַן.

ער דערציילט אים, אַז אַמאָל איז ער געווען זייער רייך, נאָר אַלץ פאַרלאָרן, און איצט האָט ער נישט ווו צו זיין און אין האָ[illegible] וויל מען אים נישט אַריינגעמען, ווייל ער חברט זיך מיט קאָמוניסטן. דער אַלטער לאַכט מיט אַ טרוקן געלעכטער און ראָט אים צו פאָרן אין די „ווהייט מאָונטענס". דאָרט וועט מען אים אַריינ־

נעמען אין האוס. דערנאָך גייט ער ווידער זוכן אַ צימער. די גאַס, איבער וועלכער ער שלעפּט זיך, האָט נישט קיין סוף. דאַרע קעץ און הינט מיט הונגעריקע אויגן קריכן ארום אומעטום. ער שטעלט זיך אָפּ ביים אריינגאַנג פון אַ הויז מיט פאַררויכערטע ווענט. אַ בלאַס, דאַר מיידל, אָנגעטאָן אין פאַרביקע שמאַטעס, מיט אַ מערק־ ווירדיק פּנים און פּיכטע, לייכטנדיקע אויגן, שטייט דאָרט און האַלט אויסגעשטרעקט איר דינע האַנט און בעטלט. ער פרעגט זי, אפשר ווייס זי פון אַ צימער. קוקט זי אים אָן און ענטפערט, אַז גאָר אויבן וווינען אירע עלטערן און ביי זיי וועט ער געפינען אַ ווינקל. ער פרעגט ביים מיידל, ווי רופט מען זיי און אין וועלכער טיר זאָל ער אָנקלאַפּן.

ענטפערט זי, אַז זי רופט מען סאַשע, די טיר זייערע איז שטענדיק אָפן.

— איך קען דאָך אייך, — זאָגט ער. — וואָס בעטלט איר עפּעס?

— אין אונזער געזעלשאַפט זענען אַרבעטער געצוווּנגען צו לעבן פון טשאַריטי, — ענטפערט זי.

ער הויבט זיך אויף. אויף די טונקעלע טרעפּ הינטער אים קריכט נאָך אַ הונגעריקע קאַץ און אירע אויגן ברענען ווי צוויי גרינע פייערלעך. ענדלעך געפינט ער אַ טיר, וואָס איז טאַקע האַלב־אָפן. ער קלאַפּט אָן. נאָר קיינער ענטפערט נישט. ער רופט אימיצן, וואָס זאָל אים אַרויס אַנטקעגן. דערהערט זיך אַ שוואַכע פרויען־שטימע, וואָס פרעגט:

— ווער איז דאָרט?

ער גייט אַריין צו איר אין חדר. אין בעט ליגט אַ פרוי מיט איינגעפאַלענע באַקן און גרויסע, בלויע רינגען אונטער די אויגן. אירע ליפּן זענען בלוטלאָז און צעשפּאָלטן פון היץ. די לופט איז פאַרשטיקט און אָנגעפילט מיט אַ שאַרף גערוך פון רעצעפּטן.

— ווער זענט איר? — פרעגט זי ביי אים.

ער זאָגט זיין נאָמען און גיט צו, אַז ער איז זייער באַפריינד־ דעט מיט איר טאָכטער סאַשע און וויל ביי זיי איינשטיין.

קריכט זי פּאַמעלעך אַראָפּ פון בעט און אין איין העמד, מיט טויט־בלאַסע פּיס, פירט זי אים אַריין אין אַ צווייט קליין חדר און זאָגט, אַז דאָס האָט זי צו פאַרדינגען און נעמט זיך בעטן ביי

אים ער זאָל דאָ בלייבן מיט זיי, ווייל איר מאַן ווערט אָפּט פאַר־לאָרן פון שטוב אויף גאַנצע וואָכן און אַז איר איז אין הויז אַליין אומעטיק. און זי הויבט אָן צו דערציילן וועגן איר לעבן און וועגן אַזעלכע טיפע ליידן, אַז ער קאָן נישט הערן. ער גייט אַרויס אין און לאָזט זיך צום וואָקזאַל ברענגען זיין קאַסטן זאַכן. די הונ־געריקע קאַץ שלעפּט אים זיך ווידער נאָך. און אין דרויסן זאָגט ער דעם מיידל, אַז ער האָט געדונגען ביי זיי דאָס צימער. נעמט זי אים דורך מיט איר מאָדנעם קוק. און איר פּנים איז אַזוי שיין! ער גייט דורך נעפּלען איבער די גאַסן און די מענטשן, וועלכע ער טרעפט, זענען אַלע אויסערגעוויינלעך הויך, זייערע שאָטנס ציען זיך אַזש ביז די שפּיצן פון די גרויסע קוימענס אַרום. ער אַליין זעט אויס אַנטקעגן זיי ווי אַ קאַרליק, און זיי ווערן אַלע פאַרשוווּנדן אין די נעפּלען און ווייזן זיך ווידער.

דערנאָך קומט ער מיט זיין קאַסטן צוריק. דאָס מיידל בעטלט נאָך אַלץ ביי דעם אַריינגאַנג.

ער וויל איר עפּעס זאָגן און קאָן נישט. אין האַלז שטיקט אים. ער לאָזט דעם קאַסטן אין קאָרידאָר און לויפט צוריק איבער די גאַסן פון שטאָט, וואָס שטיקן זיך אַלץ פון שווערע, קלעפּעדיקע, שווימענדיקע טומאַנען.

שפּעט ביינאַכט קומט ער אין זיין צימער און הערט, ווי די פרוי קלאָגט זיך אויף אַ שטאַרקן ווייטאָק אין קערפּער און רופט אימיצן, מען זאָל אויף איר רחמנות האָבן. אין אַן אַנדער הדר זיצט איר טאָכטער אויף איר בעט, האַלט אויסגעשטרעקט די האַנט און זינגט מאָנאָטאָן אַ בעטלער־ליד. ער גייט אַריין צו דער פרוי. זי קרעכצט און דערציילט אים, אַז זי האָט מיט אַ שטריק געשלעפּט דעם קאַסטן פון קאָרידאָר, זיך אונטערגעריסן. נאָר ער איז אַזוי מיד און לייגט זיך שלאָפן. דאָס מיידל זינגט אַלץ און ער טראַכט אין דרימל, אַז דאָס איז דאָך סאַשע און איר פּנים איז געוואָרן אַזוי שיין, אַזוי שיין! און עס איז ווידער אַ דושנער טאָג מיט קלעפּעדיקע נעפּלען. ער לויפט אַרום איבער די גאַסן, האָוועט מיט די הויכע מענטשן. ער דערקענט וואָל־סטריט. און דער בראָוקער פאָדערט אַ סך געלט און ער קאָן אים עס נישט געבן. און ווען ער קומט ביינאַכט אַהיים, איז אין הויז קיינער נישטאָ און נאָר דאָס מיידל זיצט אויפן בעט און זינגט דאָס בעט־לער־ליד. פרעגט ער זי, וווּ איז איר מוטער. דערציילט זי, אַז מען

האָט איר מוטער צוגענומען אין שפּיטאָל און דאָרט וועט זי שטאַרבן, און זינגט ווייטער און אַזוי מעלאַנכאָליש קלינגט דער מאָטיוו אין דער אָרעמער וווינונג, וווּ אין יעדן ווינקל באַהאַלט זיך אַ שווייגנדיקע די נויט. אים כאַפּט אַרום אַ שרעק. נאָר ער ווייס' נישט, וווּהין צו אַנטלויפן.

אויף מאָרגן קומט ער ווייטער פֿאַרנאַכט אַהיים. דאָס מיידל שטייט ווידער ביים אַריינגאַנג פֿון הויז און בעטלט ביי די פֿאַר־בייגייער. ער פֿרעגט זי, וואָס איז מיט איר מוטער, אָבער זי ענט־פֿערט נישט. גייט ער אַריין אין דער וווינונג. עס איז פֿינסטער און שטיל. דאָס צימער, וווּ די קראַנקע פֿרוי איז געלעגן, איז פֿאַרמאַכט. קלאַפּט ער אָן און די טיר עפֿנט זיך אַביסל אויף.

אין אַ ווינקל, אויף אַ נידעריקן טאַבורעטל, זיצט דאָס שניי־דערל און האַלט אַ גרויסן תּהילים אויף די קני.

— וואָס הערט זיך? — פֿרעגט ער ביים שטילן שניידערל.

ענטפֿערט ער מיט אַ פֿאַרשטיקט קול און זאָגט:

— גוט, גוט. איצט וועט זי שוין אַלעמאָל זיין געזונט. מען דאַרף גאָרנישט זאָרגן.

ער עפֿנט־אויף ברייטער די טיר און דערזעט אַ לאַנגן, שוואַרצן אָרון, דאָס דעקל איז אָפּגערוקט און אינעווייניק ליגט די פֿרוי. איר פּנים איז איצט געשוואָלן און האַלב באַלויכטן פֿון די צוויי ליכט, וואָס ברענען ביי איר צוקאָפּנס. ער וויל אַ געשריי טאָן און קאָן נישט. ער לויפֿט אַרום אין גאַס, לאָזט זיך איבער די שמוציקע גאַסן און נאָך אים יאָגן זיך נאָך אַ סטאַיע הונגע־ריקע קעץ, ברענען אין דער פֿינסטערניש מיט די אויגן, שפּרינ־גען אויף אים, דראַפּען זיך איין מיט די נעגל אין זיין לייב און ווילן אים צערייסן.

— — — — — — — — — —

סאָקאָל איז געלעגן אין אַ קליינער פּאַלאַטע. עס איז שוין אַוועק אַ צוויי שעה ווי ער איז געקומען צו זיך. אַנטקעגן איז גע־ווען אַ גרויס פֿענסטער און סאָקאָל האָט געזען, ווי די בערג אַרום און אַרום ווערן איינגעהילט אין אָוונט־שאָטנס.

ער האָט ווידער געטראַכט וועגן קאָשמאַר אין אַמבולאַנס, דערנאָך וועגן דעם געשעעניש ביים חנוכּת הבית. אַ געפֿיל פֿון פֿאַרדראָס האָט אים געפּלאָגט ביז פּיזישן ווייטאָק.

עס האָט זיך אָנגעהויבן גוט. ער איז געגאַנגען מיט אַ גרוי־
סע אָרעמע מענטשן זוכן יושר, פּראָטעסטירן קעגן אַ באַליידי־
קונג. עס האָט לאַנג גענומען, ביז ער איז דערגאַנגען צו אַזאַ באַ־
שלוס. דאָס האָט געדאַרפט זיין דאָס גרעסטע געשעעניש אין זיין
לעבן, די ליכטיקסטע שעה. דאָס וואָלט אָפּגעווישט די שמוץ פון
זיינע פריערדיקע מעשים. ער האָט געוואָלט אויסוואַקסן אין זיינע
אייגענע אויגן, וויזן די חברים, אַז ער איז ערנסט און ערלעך
אין זיינע נייע איבערצייגונגען. ער איז געווען גרייט צו זאָגן די
זאַטע און פאַרזאָרגטע מיט אַלדאָס גוטס אַ סך שאַרפע, ביי־
טערע אמתן און דערמאָנען, אַז עס דערנענטערט זיך זייער סוף,
וואָס קאָן זיין שרעקלעך, ווייל זיי ווילן נישט וויסן פון גערעכטי־
קייט. יאָ, אַזוי האָט ער געטראַכט און געפילט, ווען ער האָט מאַר־
שירט מיט דער גאַנצער קאָמפּאַניע פון מיטינג אין וואַלד צום
חנוכת הבית פון דער נייער געביידע. און אָט האָט ער אפילו
נישט באַוויזן אַרויסצורעדן עטלעכע ווערטער און איז אַוועקגע־
פאַלן.

איצט מוז מיט אים קאָכן גאַנץ בעטלעהעם. דאָס שטעטל גייט
אָפּנים אויף רעדלעך. אין אַלע האָטעלן, קאַטעדזשעס און באָר־
דינג־הייזער האָט מען אָפּנים פאַרגעסן אפילו אָן דעם היי־פיבער
און מען רעדט נאָר וועגן אים. מען חוזקט און מען לאַכט אין
די הויפנס. שוין איינמאָל אַ קאָמוניסט, אַ קעמפער! מיט פריער
איז ער שוין אַ גרעסערער העלד.

אין דער קליינינקער פּאַלאַטע איז געוואָרן פינסטער. סאַקאָלן
האָט אַ קנויל געשטיקט אין האַלז. אַ שרעק איז אים באַפאַלן, אַז
ער וועט דאָ אויסגיין אַליין. אָבער באַלד איז אַריין די קראַנקן־
שוועסטער און אָנגעצונדן ליכט.

שפּעטער האָט זיך געצויגן אַ לאַנגער אָוונט.

דער דאָקטאָר האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל וואָס ווייני־
קער טראַכטן און איבערהויפּט זיך נישט אויפרעגן. אָבער אומ־
זיסט. אין קאָפּ זענען אַלץ געקראָכן די איבערלעבונגען פון טאָג.
אָט האָט ער זיך געזעגנט מיט שרהלען, געטראָפן די מאָדנע לויה,
זיך אומגעקערט אין האָוס. דערנאָך איז ער אַוועק מיט די פּאַ־
ציענטן צום מיטינג אין וועלדל. דאָרט האָט מען זיך פאַנאַנדער־

געזעצט אונטער די בוימער. נאָר אָט האָט איינער פון די באָיעס פון דער קאָמונע א געשריי געטאָן:

— חברים, איך עפן דעם מיטינג.

— איך וויל א וואָרט! — האָט געבעטן א צווייטער.

— איך האָב אויך וואָס צו זאָגן, — האָט זיך אויפגעהויבן א הויכע פרוי מיט א רויט פּנים. — לאָזט מיר רעדן פריער.

— ווער האָט אייך גערופן אהער? — האָט געפרעגט חבר כאַצקלסאָן. — מיר קאָנען זיך באַגיין אָן שפּיאָנקעס.

עס איז געוואָרן א טומל. די פרוי האָט געכאַפּט א גראָבן צווייג און זיך געוואָרפן צו כאַצקלסאָנען. זי האָט זיך היסטעריש צעשריגן, אַז זי וועט אים דערהרגענען.

סאָקאָל האָט זיך דערמאָנט, ווי שווער עס איז אים אָנגעקומען די פרוי צו באַרואיקן און אַז צום סוף האָט זי אַלעמען אויסגעזידלט, אָנגערופן שנאָרערס און געהייסן דאַנקען גאָט, וואָס מען האָט זיי אַריינגענומען אין האָזס, אַז נישט וואָלטן זיי אין שטאָט צעריסן זייערע הערצער פון נײַסן, און זיי קלייבן זיך נאָך מאַכן סקאַנדאַלן, פּראָטעסטן און דעמאָנסטראַציעס.

דערנאָך איז די פרוי אַוועק און דער מיטינג האָט זיך ענדלעך אָנגעהויבן.

עס האָבן כּמעט גערעדט אַלע. אפילו דאָס שטילע שניידערל האָט אָנטייל גענומען, כאָטש ער האָט גערופן צו שלום. מיט א באַזונדער אינטערעס האָט זיך סאָקאָל צוגעהערט, ווען זינאָטשקע האָט גערעדט. אירע ווערטער זענען געווען היציקע און אויפריכטיקע. זי האָט געראָטן צו מאַכן דעם גרעסטן סקאַנדאַל. איר האָט זיך געוואָלט נעמען נקמה אָן אימיצן פאַר דער דערנידערונג, וואָס זי האָט געמוזט קומען אין האָזס.

יאָ, און ער סאָקאָל האָט אויך גערעדט. ער האָט זיך געסטאַרעט אַלעמען צו באַרואיקן. פון אָנפאַנג האָט מען אים עטלעכע מאָל איבערגעשלאָגן מיט שאַרפע באַמערקונגען, אַז ער איז אַפּנים געקנאָטן פון דעמזעלבן טייג און דערמאָנט יענע בורזשויען, וואָס זיצן איצט בײַ די יום־טובדיקע טישן. צו וואָס איז ער געקומען אַהער אַפּגיסן אַלעמען מיט קאַלט וואַסער? עס קאָן נישט זײַן קיין שלום צווישן זיי און יענע. און מען טאָר אפילו נישט רעדן וועגן דעם. און ער, סאָקאָל, מוז איינמאָל פאַר אַלעמאָל זיך אָפּגעבן א

חשבון, ווו ער באַלאַנגט. אויף צוויי שטולן קאָן ער נישט זיצן. אדרבה, זאָל ער אַרויסגיין מיט אָפענע רייד.

ער האָט עס געטאָן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זייער פאָדערונג איז אַ גערעכטע. אים איז פון אָנפאַנג געווען שווער צו רעדן. זיין קול האָט געציטערט. עס האָבן אים פשוט געפעלט ווערטער, אויס־צודריקן די געפילן, וואָס האָבן אים געשטיקט. דאָך האָט ער זיך אַביסל באַרואיקט און געזאָגט, אַז ער ווייס, דאָס זיי זענען גע־רעכט און די באַליידיקונג פון דער אַדמיניסטראַציע פון דעם אַנ־שטאַלט איז אַ גרויסע. ער באַנעמט עס שוין צו־גוט. מען דאַרף, מען מוז פּראָטעסטירן. אָבער דעם אמת געזאָגט, זענען אים סקאַנדאַלן נישט צום האַרצן.

דערנאָך האָט ער זיך מתודה געווען און דערציילט פון זיין פריערדיקן לעבן, ווי ער האָט זיך געוואָרפן מיט טויזנטער, זיך אָנגערופן מיט די ערגסטע נעמען. ער האָט געבעטן מען זאָל אים גלויבן, אַז ער איז אויפריכטיק. זיין פּלאַץ איז איצט מיט זיי, און אויב די מערהייט וועט באַשליסן צו צעשטערן דעם חנוכּת־הבית מיט אַ סקאַנדאַל, וועט ער דעם סקאַנדאַל אָנהויבן דער ערשטער.

און אָט מיט וואָס פאַר אַ פיאַסקאָ עס האָט זיך אַלץ געענ־דיקט צוליב אים.

עטלעכע מאָל אין דערדאָזיקער נאַכט האָט סאָקאָל גערופן די נוירס און זיך געקלאָגט, אַז ער קאָן נישט שלאָפן און פילט זיך נישט גוט. ענדלעך איז צו זיין בעט צוגעקומען אַ דאָקטאָר און ער האָט ווידער באַקומען אַ „נידעל״.

און ווידער האָבן זיך אַ צי געטאָן חלומות: ער פאָרט אין ראַשאַוער אין אַ סאַבוויי, ביי אַלע פאַסאַזשירן זענען די פּנימער ערנסטע, אויסגעמאַטערטע, פאַרשלאָפענע. ער שטייט צוזאַמענגע־דריקט פון אַלע זייטן און קאָן זיך נישט רירן פון אָרט. גלייך אין פּנים אָטעמט אים מיט אַ שלעכטן ריח אַן אַלטער נעגער מיט פאַרפוילטע ציין, פון הינטן שטויסט אים נאָכאַנאַנד אַ פרוי מיט שאַרפע עלנבויגנס און גיט אים אָנצוהערן, אַז ער שטייט נעבן אַ ליידי און דאַרף זיין אַ דזשענטלמען. ער טאָר זיך נישט באַוועגן. פון רעכטס און פון לינקס קוקן אויף אים און, דאַכט זיך, זעען אים

נישט צוויי הויכע פעסט־געבויטע מענער, מיט רויטע, אָנגעכמור־רעטע פּנימער.

די סאָבוויי לויפט, שטעלט זיך אָלע ווײַלע אָפּ מיט אַ טרייסל און לויפט ווײַטער. ער שטייט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן אין פּרוווט אײַנדרימלען, כדי נישט צו פילן אַזוי די ענגשאַפט און די שטיקעניש, וואָס פּלאָגט אים שטאַרק. נאָר אָט האָט זיך די טריין ווידער אָפּגעשטעלט און דער אַלטער נעגער מיט דער פרוי, וואָס האָט אים געשטויסן אין זײַט, גייען אַרויס. ער אָטעמט אָפּ לייכ־טער, נעמט זיך אַרומקוקן און באַמערקט, אַז אַ פּאָר טריט פון אים, בײַ דער טיר פון וואַגאָן, שטייט אַ יונגע פרוי מיט אַ רונד פרייש פּנים און שמייכלט. אין דער רעכטער האַנט האַלט זי אַ קליינעם בוקעט געלע בלומען, וועלכע זי טראָגט אַלע ווײַלע אונ־טער צום נאָז, שמעקט און האַלב פאַרמאַכט די אויגן.

סאָקאָלן ווערט עפּעס לייכטער אויפן האַרצן. ער נעמט נישט אַראָפּ די אויגן פון דער פרוי און הויבט אָן אַליין צו שמייכלען. אים איז אויך אַביסל מאָדנע, וואָס קיינער, דאַכט זיך, באַמערקט זי נישט, כאָטש זי זעט אויס צו זײַן די אײנציקע גליקלעכע באַ־שעפעניש אין טריין.

אַ סך פּאַסאַזשירן גייען אַרויס און אין סאָבוויי ווערט גראַ־מער. סאָקאָל זעצט זיך און די פרוי מיט די געלע בלומען אין האַנט פאַרנעמט אַ פּלאַץ אַנטקעגן אים.

איצט קאָן ער זי גוט אָנקוקן. זי איז ברייט־בייניערדיק, מיט אַ פולער ברוסט, דער קאָליר פון אירע האָר איז ווי פון פלאַקס.

די פרוי לאָזט אַראָפּ די בלומען אויף די קני. די גאַנצע צײַט גייט נישט אַראָפּ דער גליקלעכער שמייכל פון איר פּנים. פאַרקערט, ער צעגיסט זיך איבער איר גאַנץ ווײַס וועזן און נעמט שטראַלן פון אַלע אירע גלידער. סאָקאָל טראַכט, אַז די פרוי האָט מסתמא אַ געליבטן און דאָס האָט ער איר געשאָנקען די געלע בלומען. זיי האָבן ביידע זיך באַגעגנט אין אַ טונקעלן חדרל. ער האָט זי ליב געהאַט און איצט, קאָן זי עס נישט פאַרגעסן. זיכער איז עס געווען אַזוי און די פרוי איז אַזוי נאַאיוו, אַז זי קאָן נישט באַהאַלטן איר גליק און לאַכט מיט אים אַפילו אין דער ענגער, דושנער סאָבוויי, צווישן פאַרזאָרגטע מידע מענטשן, וואָס אײַלן זיך אַהיים און באַמערקן גאָרנישט.

נאָר אַמ האָט די טריין זיך ווידער אָפּגעשטעלט. די טירן פון די וואַגאָנעס האָבן זיך צעעפנט. די פרוי האָט זיך אויפגעהויבן, אַרויסגעצויגן אַ געל בלימל פון בוקעט, עס אַ וואָרף געטאָן צו סאָקאָלס פיס און איז אויף גיך אַרויס.

— — — — — — — — —

די סאָבוויי לויפט, דאַכט זיך, איבער דעם איסט ריווער בריק. אין וואַגאָן קומט אַריין אַ יונגערמאַן אין פאַנטאַסטישע קליידער. ער שטעלט זיך אַוועק אין מיטן טריין און הויבט אָן זינגען מיט אַ הייזעריקער שטימע דעם אינטערנאַציאָנאַל, נאָר עס קלינגט עפּעס ווי „אלי, אלי". דערנאָך נעמט ער זיין היטל און גייט־צו צו יעדן.

— וואָס איז דאָס פאַר אַן אומגליק, — זאָגט בייז אַן אַלטע לידי מיט אַ מעלאַנכאָליש פּנים. — רעוועט ווי אַן אָקס און וויל נאָך דערפאַר געלט.

— פוילט זיך צו אַרבעטן, — באַמערקט אַ פליכעוואַטער מאַן מיט בלויע זעקעלעך אונטער די אויגן. — וואָלט ער כאָטש פאַרמאָגט אַ שטיקל שטימע.

עטלעכע מיידלעך מיט אויסגעצויגענע פּנימער נעמען קוואַ־קען. דער זינגער כאַפּט פלוצים אַרויס פון קעשענע אַ גרויסן שוואַרצן רעוואָלווער און גיט אַ ווילדן געשריי:

— הענדס אַפּ!

אין דער רגע וואַרפן זיך אויף אים עטלעכע מענער, נעמען אים שלאָגן און בלוט רינט פון זיין נאָז. די מיידלעך קוויטשען, מען זאָל אָפּשטעלן די טריין און רופן אַ פּאָליסמאַן. דער צעבלו־טיקטער זינגער הויבט זיך אויף און צעוויינט זיך פלוצים, אַז ער איז שוין לאַנג אַרבעטסלאָז, דאַרף אויסהאַלטן אַן אַלטן פאָטער און אַ קראַנקע שוועסטער. מיט דעם רעוואָלווער האָט ער געוואָלט ענדיקן זיין אייגן לעבן. ער איז קיינמאָל פריער נישט געווען קיין שנאָרער אָדער אַ פאַרברעכער. זאָל מען אים אָפּלאָזן. סאָקאָל שטופּט זיך צו צו אים, פאַלט אויף די קני, בעט זיך ביי די אַרומיקע, מען זאָל דעם אָרעמען זינגער באַפרייען. נאָר די מיידלעך מיט אויסגעצויגענע פּנימער באַפאַלן סאָקאָלן פון אַלע זייטן, שטויסן

אים מיט די פּיס און הערן נישט אויף צו קוויטשען. ער קאָן זיך נישט באַפרייען פון זיי...

— — — — — — — — —

סאָקאָלן חלומט זיך אַליץ.

ער ליגט קראַנק אין אַ קליינעם חדרל, וואָס האָט אַ קרומע, נידעריקע סטעליע. דאָס צימערל זעט אויס ווי אַ גרויסער פּאַנטאַסטישער אָרון, אין וועלכן אימיצער האָט אים אַריינגעלייגט, כאָטש ער איז האַלב־טויט. עס קומט אַריין זייער אַ דיקער דאָקטאָר, קאָן נישט אָפּכאַפּן דעם אָטעם און קלאָגט זיך, אַז ער ליידט פון אַסטמע. ער קוקט לאַנג אויף סאָקאָלן און זאָגט ענדלעך:

— איר מוזט פאָרן קיין רוסלאַנד. פאַר מענטשן מיט שוואַכע הערצער איז דער היי־פּיבער געפערלעך. די „ווייט מאָונטענס" זענען צו הויך פאַר אייך.

— יאָ, — שטימט ער איין. — אָבער אין רוסלאַנד איז נישטאָ קיין היי־פּיבער האָום.

— מען וועט אויסבויען, — פאַרזיכערט אים דער דאָקטאָר.

— יידן זענען אַ פאָלק פון רחמנות.

און אָט קלייבט ער זיך אין וועג. ער קוקט אויף זיך אין שפּיגל. אַ שרעק באַפאַלט אים. פון אים איז געוואָרן אַ תל. זיין פּנים איז בלייך, די באַקן איינגעפאַלן, די אויגן האָבן זיך ווי פאַרלאָשן. ער איז אינגאַנצן געוואָרן גרוי.

ער כאַפּט דעם טשעמאָדאַן, געזעגנט זיך מיט זיין פרוי און טאָכטער. ער לויפט צו טיים סקווער, כאָטש ער ווייס, אַז ס'איז זייער ווייט און אָט זיצט ער שוין אין „באָס". די פרוי מיט די געלע בלומען גייט אַריין און זעצט זיך אַוועק נעבן אים. ביידע דערפרייען זיך שטאַרק. זי שמייכלט אים שטיפעריש איבערן פּנים מיט די געלע בלומען. זיי פאָרן אַריין אין אַ שטעטל.

עס שנייט שטיל. ווי דורך אַ זיפּ שיטן זיך קליינע שנייעלעך.

— דאָס איז וווּנדערבאַר, — זאָגט זי.

און אָט זענען זיי אין אַ קליינעם צימער. זי צעוואַרפט די געלע בלומען איבערן בעט. ער קושט זי און זי לאַכט שטיל. אָבער ער פילט, אַז זי ווייס נישט, דאָס ער איז מיט איר. אימיצער רופט זיי. אָט זענען זיי אין עס־צימער. דאָרט זיצן חבר פאַל און חברטע סאַשע. זיי פירן אַ הייסע דיסקוסיע מיט צוויי אויסגעפּוצטע מע־

נער. זיי זעצן זיך אַז אַ זייט, אין אַ ווינקל. קיינער באַמערקט זיי נישט. אַלע הויבן אָן פּלוצים צו זינגען דעם מאַרש פון דער רויטער אַרמיי. זיי קערן זיך אום צוריק אין צימער, וואָס איז באַלויכטן פון אַ פייער פון קאַמין. דורך די פענסטער זעט מען, ווי דער שטילער שניי פאַלט אַלץ און פאַלט. אַ שיקסע אין אַ פעלצל שטייט אין אַ קופּע שניי און לאַכט, רופט זיך שליטלען פון אַ בערגל. און אונטן זינגט מען אַלץ און מען זינגט דעם מאַרש פון דער רויטער אַרמיי...

— — — — — — — — — —

דער טאָג איז אַ זוניקער און אַ פּראָסטיקער. די לופט איז קרישטאָל־ריין. אויפן בלישטשענדיקן שניי אַרום האָבן זיך אויסגעצויגן בלויע, ווייכע שאָטנס פון סאָסנע ־ בוימער. סאָקאָל מיט חבר פּאָל גייען אַריין אין אַ שיטער וועלדל. צווישן די בוימער זעט זיך אַ באַנגאַלאָ און אַביסל ווייטער אַ טשיקען „קופּ״.

זיי קלאַפּן אָן אין טיר פון דער באַנגאַלאָ.

— קומט אַריין, קומט אַריין, — דערהערן זיי אַ קול און די טיר עפנט זיך אויף.

אַ הויכער, בלאָנדער מאַן אין גומענע שטיוול מיט כאָלעוועס ביז איבער די קני, אין אַ צעריסענער פעלענער קורטקע, גיט זיי שלום און פאַרוואָרפט חבר פּאָלן מיט פראַגן.

— ווי האַלט עס עפּעס מיט דער סאָציאַלער רעוואָלוציע? קומען פּאָר אַרבעטער ־ אויפשטאַנדן אין די שטעט? מיט וואָס האָט זיך געענדיקט דער בונט אין האָום צוליב די פופּקע־קאָטלעטן?

אין אַ ווינקל, ביי אַ קליין אָנגעגליטן אויוועלע, זיצט אַן אַלטע פרוי און וואַרפט שטיקלעך האָלץ אין פייער. זי קלאָגט זיך, אַז זי לײַדט פון רעאומאַטיזם אין די פיס. זי קאָן זיך נישט באַוועגן און ווער עס זאָל איר אַרויסהעלפן איז נישטאָ.

און דער בלאָנדער מאַן דערציילט, אַז ער איז לאַנג געווען אַרבעטסלאָז. דערנאָך איז ער געקומען אַהער אין וועלדל, געהאַקט בוימער און אויסגעגראָבן וואָרצלען. איצט האָט ער אַביסל טשיקענס און אַ וואונדערבאַרע קו. ער פירט זיי אין שטאַל. ווייסע טשיקענס רינגלען זיי אַרום מיט אַ קוואָקען און דער פאַרמער שיט פאַר זיי הויפנס קאָרן מיט ווייץ פון אַ גרויסן עמער. צווישן די היי־

נער גייט אַרום אַ קליינע ווייסע ציגעלנע, וואָס רייבט זיך אָן דעם פאַרמערס פיס. וואָס טוט דאָ אַ ציגעלנע? — פרעגט פאַרווונדערט סאָקאָל, — און דער פאַרמער פאַרטרויט אים, אַז אַ ווייסע ציגעלנע איז אַ סגולה פאַר די טשיקענס. זיי פילן זיך שטאַרקער און זענען אָפּגעהיט פון קראַנקהייטן. ער גיט אַ רוף אַ ראַבע הון מיט אַ קרומען שנאָבל. די הון פליט אַריבער איבער זיין קאָפּ און פאַלט אַריין אין זיינע הענט.

— איר זעט, וואָס פאַר אַ פיסק זי האָט? דאָס איז אַ „פּלימוט ראָק“. זי לייגט זיך אַלע טאָג. זי איז ווערט פופציק דאָלאַר, קוקט זי נאָר אָן! — שטופּט ער די טשיקען סאָקאָלן אין פּנים אַריין.

און אָט זענען זיי אין שטאַלכל און קוקן אָן די קו. סאָקאָל טראַכט, אַז אַזאַ שיינע חיה האָט ער טאַקע נאָך קיינמאָל נישט געזען. גרויסע, פאַרטראַכטע, שוואַרצע אויגן, גלאַנציקע, ציטערנדיקע נאָזלעכער, אַ חנעוודיקער, ווייסער פלעק אויפן קאָפּ, אַ ראַבע, גלאַטע פעל און שלאַנקע, דינע פיס.

דער פאַרמער גלעט די בהמה איבערן פולן רונדן בויך און זאָגט:

— אין זעקס וואָכן אַרום גייט זי האָבן אַ קעלבל.

ער גיט איר אַ קופּע פאַרטריקנטע קוקורוזע־שטאַנגען. זיי גייען אַרויס פון שטאַלכל.

— אַך, ווען עס רוקט זיך שוין אונטער די סאָציאַלע רעוואָלוציע! — זיפצט דער פאַרמער.

אין איין רגע לויפן אָן פון אַלע זייטן ווייסע און ראַבע הינער און הויבן־אויף אַ שרעקלעך קוואָקען. זיי שפרינגען סאָקאָלן אויף דעם קאָפּ, אויף די אַקסלען, פּיקן אים אין פּנים און ער קאָן זיך נישט באַפרייען פון זיי.

— קומט, סאָקאָל, איך וועל אייך ווייזן, וואָס דער פאַרשאָלטענער קאַפּיטאַליזם טוט־אויף.

צווישן די סאָסנע־בוימער באַווייזט זיך אַ גרויסע נישט קיין פאַרענדיקטע געביידע, וואָס איז אַפּנים אַן אַנשטאַלט, און ווייטער זעען זיך עטלעכע קליינע באַנגאַלאָס. זיי גייען אַריין אין אָפיס. חבר פאָל און סאָקאָל שטעלן זיך פאָר אַ געלן דאָקטאָר. עס עפנט זיך אויף אַ טיר און צוויי זייער בלאַסע און דאַרע

פּנימער רוקן זיך אַרויס. נאָר איידער זיי באַווייזן אַריינצוקומען, פאַרהאַקט דער דאָקטאָר די טיר. עס קומט צו אַן איינגעהויקער־טער מאַן און זאָגט, אַז פאַר אים אַרט אים שוין נישט, נאָר מען האָט נעכטן אַהערגעבראַכט זיינעם אַ זון. ביידע לונגען אָנגעגריפן.

עס גייט דורך אַ קראַנקן ־ שוועסטער אין ווייסן. אויף די ווענט שיינען גאָלדענע פלעקן פון דער מילדער ווינטער־זון. אַלץ אַרום אָטעמט, דאַכט זיך, מיט שטילקייט און רו. אויף די הילצ־צערנע טרעפּ, וואָס פירן צום צווייטן שטאָק, באַווייזן זיך מיידלעך אין פאַרביקע קימאָנעס און אָנגעפאַרבטע ליפּן.

— יונגע קינדער. טויט־קראַנקע. אַלע פון פּראָלעטאַרישע עלטערן. — זאָגט חבר פּאָל.

עס באַווייזט זיך אַ דינע, כמעט דורכזיכטיקע פיגור.

— דאָס איז אַ יידישער דיכטער, — דערקלערט חבר פּאָל.

דער דיכטער נעמט באַוועגן מיט די הענט און רעדט זינגענ־דיק, אַז אין איין באַנגאַלאָ מיט אים געפינט זיך אַ יונגער רב. די לעצטע נאַכט האָט זיך ביידן נישט געשלאָפן. זענען זיי געזעסן, גע־רעדט וועגן זייער צוקונפטיקער געליבטער, דעם טויט. דער רב האָט אַ פרוי מיט אַ קינד. ער, דער דיכטער, האָט נאָך פריינט, מיט וועמען ער פאַרברענגט אָפט. איינער, אַ בחורל, איז געקומען אַזש פון כאַרבין. זיין פאַמיליע איז מיט אים אַנטלאָפן פון די באָלשעוויקעס. דריי פון זיי ליידן פון טשאַכאָטקע. אַריינגענומען אַהער האָט מען נאָר אים. האָט ער זיך דאָ משוגע פאַרליבט אין אַ פּאַציענטקע און ביידע מאַכן פאַנטאַסטישע פּלענער אויף שפּע־טער. און דער דאָקטאָר האָט זיך אַרויסגערעדט, אַז ביידע וועלן נישט דערלעבן ביזן סוף יאָר.

סאָקאָל קאָן עס נישט הערן. חבר פּאָל פירט אים אַריין אין דער פרויען ־ אָפּטיילונג. די בעטלעך שטייען נאָנט איינע נעבן די אַנדערע. אויף זיי ליגן יונגע מיידלעך איינגעדעקט מיט רויטע קאָלדרעס. איינע שמייכלט צו סאָקאָלן, די צווייטע באַהאַלט פאַר־שעמט איר פּנים אין קישן און אַ דריטע קוקט מיט ברענענדיקע, גרויסע, שוואַרצע אויגן.

סאָקאָל דערפילט דעם אָטעם פון טויט אין דער שטילקייט און קאַלטקייט פון דער ווינטער־שיינקייט, וואָס הערשט אַרום.

סאָקאָל איז געזעסן אין אַ טיפן שטול ביים פענסטער פון זיין שפּיטאָל - צימער און אַ טיפע, שטילע פרייד האָט אָנגעפילט זיין האַרץ.

— עס איז אַזוי גוט, — האָט ער געטראַכט. — אַזוי גוט.

עס איז שוין פאַרביי כמעט אַ וואָך, זינט מען האָט אים געבראַכט אַהער. די ערשטע פאַר טעג האָט ער זיך געפילט זייער נישט גוט און מען האָט אים געדאַרפט געבן „נידלען". שפּעטער האָט ער זיך גענומען בעסערן און נעכטן איז ער שוין אַראָפּ פון בעט.

סאַשע איז געקומען צו אים די ערשטע. זי איז אַריין אין פּאַלאַטע אַביסל אַ צעטראָגענע, האַסטיק צוגעגאַנגען צו זיין בעט און אים אַ קוש געטאָן אין שטערן. דערנאָך האָט זי אויפגעהויבן אַביסל דאָס קישן און געפרעגט, ווי ער פילט זיך.

ער האָט אויף איר געקוקט און זיך געסטאַרעט צו דערמאָנען איינעם פון זיינע חלומות, וואָס האָט זיך אים געחלומט. יאָ, ער האָט מיט איר מאַרשירט אויף עפּעס אַן אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע, פּאָליציי אויף פערד זענען אָנגעלאָפן און זיי אומגעוואָרפן. מען האָט אויף זיי געטרעטן מיט די פיס. דערנאָך האָט מען אים אוועקגענומען אין האָספּיטאַל. דאָרט זענען געלעגן נאָך פאַרווונדעטע אַרבעטער. עס האָבן זיך געהערט שרעקלעכע קרעכצן אַרום. ער האָט געפילט, אַז ער גייט־אויס פון ווייטאָקן.

— וואָס קוקסט איר אַזוי אויף מיר? — האָט געפרעגט סאַשע מיט אַ שמייכל. — זיך פאַרבענקט?

— וואָס מאַכט אייער מיידעלע? — האָט געפרעגט סאָקאָל.

— איך נעם זי שוין די טעג אַהיים. איך מוז זיין פריער אין שטאָט. אַנדערש קומט מיר אָן שווער צו קריגן אַרבעט ביי מיין פאַך. און מיין באַי דאַרף אויך אַוועקגיין אין סקול. זאָרג פעלט נישט.

— יאָ, יאָ, — האָט צוגעשטימט סאָקאָל.

דערנאָך האָבן זיי אַ ווײַלע געשוויגן. סאַשע האָט אָנגעשריבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר איר אַדרעס און דערלאַנגט סאָקאָלן.

— אפשר וועט איר אמאָל וועלן אַרויפקומען צו מיר, — האָט זי געזאָגט.

— ווער ווייס, וואָס מיט מיר וועט זיין. איך בין, דאַכט זיך, זייער קראַנק, כאָטש דער דאָקטאָר טרייסט מיך, אַז עס איז אַ קלייניקייט.

— זיכער, אַ קלייניקייט, — האָט צוגעגעבן סאַשע. — איר זענט אַ געזונטער מענטש.

סאָקאָל האָט געשוויגן, געקוקט אויף איר. זי איז אים געווען אַזוי איבערגעגעבן און איצט האָט ער איר נישט, וואָס צו זאָגן. אַזוי איז עס. ער איז שולדיק אין דעם. ער האָט זי פּשוט אויסגענוצט.

— איך וועל נאָך דעם ווינטער קומען צו אייך, — האָט ער געזאָגט.

— איר וועט זיין אַ גוטער גאַסט...

זי איז נאָך אַ מינוט צען געזעסן מיט אים און גערעדט וועגן זייטיקע זאַכן. דערנאָך אים ווידער אַ קוש געטאָן אין שטערן, שטיל זיך געזעגנט און איז אַרויס פון פּאַלאַטע מיט גיכע טריט.

נאָך סאַשעס אַוועקגיין האָט סאָקאָל געטראַכט, אַז עס איז גוט, וואָס דער ברוגז צווישן זיי איז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן. ער האָט נישט געוואָלט, דאָס זי זאָל טראָגן אויף אים עפּעס אַ כּעס אָדער אַ פאַרדראָס.

דעמזעלבן טאָג האָבן אים אויך באַזוכט חבר פּאָל, זינאָטשקע און „ברײנדעלע קאָזאַק", וועלכע האָט אַלעמען געבראַכט אין איר קליינעם אויטאָמאָביל, וואָס זי האָט נישט לאַנג געקויפט. פאַר סאָקאָלן האָט זי זיך געוויצלט, דאָס די לייסענס צו טרייבן די מאַשין האָט איר אַרויסגעגעבן אַ גרויסער אַנטיסעמיט, וואָס האָפט, אַז זי וועט אַ סך יידן איבערפאָרן און אויף אַזאַ אופן פאַרקלענערן זייער צאָל אין בעטלעהעם. אָבער אַ קרענק אים אין די זייטן, דעמדאָזיקן אַנטיסעמיט. זי, „ברײנדעלע קאָזאַק", האָט אפילו נישט קיין האָריץ צו טויטן אַ „סקאַנג".

סאָקאָל האָט שטיל געלאַכט.

דערנאָך האָט „ברײנדעלע קאָזאַק", נישט ווילנדיק, דערמאָנט דעם חנוכּת הבית פון האָום, האָט זינאָטשקע געגעבן אויף איר אַזאַ קוק, אַז זי האָט זיך גלייך פאַרכאַפּט און איז אַרויס פון

פּאַלאַטע בלומרשט אַפּזוכן אַ נוירס. חבר פּאָל האָט אָפּגערעדט זיך צו באַגעגענען מיט סאָקאָלן אין ניו־יאָרק. אין בעטלעהעם האָט מען נאָר זיך געגרייט צום קאַמף און דאָרטן וועט מען אײַבערגיין צו דער אַרבעט. אויך זינאַטשקע האָט פאַרזיכערט, אַז מיט אירע אַמאָליקע בורזשואַזע פרײַנט איז איצט אויס. זי גייט אַוועק אַרבעטן און וועט ווערן אַן אמתע פּראָלעטאַרקע.

סאָקאָל האָט געשוויגן, געצווייפלט אין אירע רייד. אפשר מיינט זי ערנסט, האָט ער געטראַכט, און איז אויפריכטיק. אָבער אַזוי גיך וועט עס נישט פּאַרקומען. אָט איז דאָך מיט אים כמעט דאָסזעלבע. עס קעמפן אין אים צוויי ריכטונגען און פון איינער וועט ער זיך מוזן אָפּרייסן אויף שטענדיק. אַהער אָדער אַהין. עס קומט אָבער נישט אָן אַזוי גרינג. עס איז שווער.

סאָקאָל האָט זיך דערמאָנט, ווי פאַרלאָזנדיק זינאַטשקעס צימער יענעם אָוונט, ווען זי האָט זיך מיט אים אָפּגעגעבן, האָט ער זי אָנגערופן אין האַרצן מיט אַ מיאוסן נאָמען, פאַרוואָס זי האָט אים מער נישט איינגעלאַדן. איצט האָט עס אים פאַרדראָסן.

— איך ווינטש אײַך גליק, זינאַטשקע, — האָט ער שטיל געזאָגט.

סאָקאָלן זענען אויך געקומען מבקר חולה זיין דאָס שטילע שניידערל און דער געוועזענער קופּלעטיסט. ביידע האָבן זיך אומבאַמערקט אַרײַנגעשאַרט אין שפּיטאָל־צימער און זענען געבליבן שטיין ביי זיין בעט. סאָקאָל איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן. אַ מינוט איז פאַרביי. דער קופּלעטיסט האָט אָנגעקוקט דאָס שטילע שניידערל און אַ הוסט געטאָן. סאָקאָל האָט געעפנט די אויגן, אַ רגע געמיינט, אַז דאָס דרימלט ער נאָך אַלץ און זעט מאָדנע געשטאַלטן. אָבער גלייך האָט ער זיך דערפרייט מיט זיינע פרײַנט פון האָום און זיי אויסגעשטרעקט זיין בלייכע האַנט.

— געלויבט איז דער אויבערשטער, — האָט געזאָגט דאָס שטילע שניידערל. — איך זע, מיסטער סאָקאָל, אַז אייך איז, גאָט צו דאַנקען, בעסער.

— בעסער, בעסער, — האָט צוגעגעבן סאָקאָל און געבעטן די געסט זיך צוזעצן.

דער געוועזענער קופּלעטיסט האָט גענומען דערציילן, ווי ער האָט אַמאָל געשפּילט מיט דעם גרויסן אַקטיאָר מאָגולעסקאָ. אָבער

אין מיטן זינגען אַ קופּלעט איז אים עפּעס נישט גוט געוואָרן און ער איז אַוועקגעפאַלן אויף די ברעטער. שפּעטער האָט מען אים אַ האַלב - טויטן אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל. פונדעסטוועגן האָט ער שוין געפייערט זיין 75־טן יובילײ מיט אַ גרופּע מייז אין זיין איינזאַמען חדרל.

ער האָט אַן אַלטן זייגער, וואָס שפּילט־אויס אַלע שעה אַ וואַלס. האָט ער דעם זייגער אָנגעדרייט און די מייז זענען אַוועק טאַנצן אין זייערע ווינקלען. ער האָט פאַר די מייז געהאַלטן אַ רעדע און געזונגען זיינע בעסטע קופּלעטן. וועט מען נאָך לעבן און לעבן. אַן אמתע כאַלעריע וועט קומען אויף אַלע קאַפּיטאַ־ליסטן און דער פּראָלעטאַריאַט וועט זיגן.

— וואָס איז שייך, — האָט אַ קוועטש געטאָן מיט די אַקס־לען דאָס שטילע שניידערל. — מען טאָר נישט פאַרלירן דעם גלויבן אין גאָט.

אַז ביידע אַלטיטשקע זענען אַוועק און אים אָנגעוווּנטשן אַלדאָס גוטס, האָט זיך סאָקאָל דערפילט אויפן האַרצן אַ סך לייכ־טער. ער איז שפּעטער געשלאָפן רואיקער און אויף מאָרגן אינ־דערפרי אפילו געטראַכט, אַז ווי נאָר ער וועט קומען אַהיים, קיין ניו־יאָרק, וועט ער גלייך גיין זוכן אַ דזשאָב.

אמת, אין די צוויי שעפּער, וווּ מען האָט אים אַריינגענומען אויף אַ וויילע, האָט ער געמוזט רייניקן די מאַשינען, גיין אַ גאַנג; דינערטיים אַרויפברענגען סענדוויטשעס מיט קאַפע פאַר די, וואָס ווילן נישט אַרונטערגיין עסן אין אַ רעסטאָראַן. ער האָט זיך נישט געקאָנט פאַנאַנדערקלייבן אין די שטיקלעך „פּאָר" און נויטיקע צוזאַמענגעמישט מיט די קלענינקע שטיקלעך, וואָס מען לייגט אָפּ אין אַ זייט. דער פאָרמאַן פון שאַפּ פלעגט אים באַמערקן, אַז ער אַרבעט צו „סלאָו". און אין שאַפּ, ווו מען מאַכט „טראַנקס", האָט זיך איבערגעחזרט דאָסזעלבע. ער האָט נישט געקאָנט דער־גיין אַ טאָלק אין די אַלע זאַוועסקעלעך, שלעסלעך, קליאַמקעס, שרייפּעלעך, פּליטלעך, „שטאָלענע ווינקלען" און פלעגט זיי צע־מישן אָדער אַריינוואַרפן אין די טונען מיט פאַרשיידענע שטיפט־לעך און משוועקעס. ער האָט זיך נישט געקאָנט צוגעוווינען אי־בערצוציען די קאַסטנס מיט לייוונט און זיי אָפּפאַרבן מיט גרינע אָדער געלע פאַרב. ער פלעגט אַרומגיין ווי אַ פאַרלאָרענער און

געוויינט אין זיך. געפילט, אז מען האט אים שרעקלעך דערנידע־
ריקט. אבער דאס אלץ איז געווען פריער. יא, איצט קוקט ער גאר
אנדערש אויף די אלע זאכן. ער וועט זיין שטאלץ צו זיין א
פראסטער ארבעטער און פארדינען ערלעך זיין ברויט.

סאקאל האט נאך אלץ א סך געטראכט וועגן דעם טיפן אי־
בערברוך, וואס איז פארגעקומען אין אים, וועגן זיינע נייע גע־
דאנקען און געפילן און זיך נאך שטארקער איבערצייגט, אז גע־
רעכט זענען אלע, וואס קעמפן נאכאנאנד קעגן דעם קאפיטאליס־
טישן סיסטעם, ווו איינער פארמאגט צופיל און דער צווייטער
האט נישט קיין העמד אויפן לייב און אז די באלעבאטים פון דער
וועלט דארפן זיין די יעניקע, וואס ארבעטן אין די פאבריקן, זיי־
ען און אקערן אויף די פעלדער און פינסטערן אין די קוילן־מי־
נעס. יא, זיי דארפן הערשן איבער אלץ. דאס איז אזא גרויסער
און פשוטער אמת.

עס איז אויך געקומען זען סאקאלן דער פרעזידענט פון האום.
די געשעענישן ביים חנופת הבית האבן אויף אים געמאכט א
פיינלעכן איינדרוק. אים האט ווי געטאן פאר דעם יורד, וואס
האט זיך אזוי פארפלאנטערט אין זיין ביטערער לאגע, דאס ער
האט זיך גענומען חברן מיט קאמוניסטן און אפגעטאן איין נא־
רישקייט נאך דער צווייטער. ער האט באשלאסן זיך דורכצורעדן
מיט סאקאלן אפנהארציק, ווי א פריינט, און אים געבן צו פאר־
שטיין, אויף וואס פאר א געפערלעכן וועג יענער האט זיך אוועק־
געלאזט און צו וועלכע טרויעריקע רעזולטאטן דאס קאן אים
ברענגען.

סאקאל האט דעם פרעזידענט באגעגנט קאלט און אזש אויפ־
געציטערט פון איבעראשונג. אויף דעמדאזיקן גאסט האט ער זיך
גארנישט געריכט. אין קאפ איז אים דורכגעפלויגן, אז דער פרע־
זידענט איז מסתמא געקומען אים מאכן פארווורפן, האבן טענות
און זיך קלאגן, אז פאר גוטס צאלט מען אים תמיד אפ מיט
שלעכטס. נאר ער האט זיך גלייך באהערשט און געבעטן דעם
גאסט זיצן.

— מיסטער סאקאל, — האט אנגעהויבן דער פרעזידענט,
און זיין אביסל בלייך פנים האט באקומען עפעס א שולדיקן
אויסדרוק. — איך שטער אייך נישט? ווי פילט איר זיך?

— זעצט זיך, מיסטער ראָטנבערג, — האָט ווידערהאָלט סאָקאָל. — עס גייט שוין אַ סך בעסער.

דער פּרעזידענט האָט זיך אוועקגעזעצט, געוואָלט וויסן, צי מען פּאַסט דאָ גוט אויף אים אויף. די יידישע געמיינדע פון בעט־לעהעם שטיצט יערלעך דעם האָספּיטאַל אין ליטלטאָן מיט אַ גאַנץ פיינער סומע.

סאָקאָל האָט געזאָגט, אַז ער האָט זיך נישט אויף וואָס צו קלאָגן. דערנאָך האָבן ביידע אַ מינוט געשוויגן. סאָקאָל האָט גע־טראַכט: וואָס האָט דעם פּרעזידענט פּאָרט געבראַכט אַהער! קענ־טיק, אַז ער וויל עפּעס רעדן מיט אים און ווייס נישט, ווי אָנצו־הויבן. אינטערעסאַנט, וואָס ער האָט צו זאָגן.

סאָקאָל, וואָס איז די גאַנצע צייט געלעגן אויפן רוקן, האָט זיך פּאַמעלעך אַ קער געטאָן אויף אַ זייט, מיטן פּנים צום גאַסט, און געוואַרט, יענער זאָל אָנהויבן רעדן. אָבער דער פּרעזידענט האָט אַלץ געשוויגן.

יאָ, ער וועט מוזן, האָט געטראַכט דער פּרעזידענט, מיט אים זיך דורכרעדן. דערדאָזיקער סאָקאָל ווייס אַפּנים נישט, וואָס עס טוט זיך אין בעטלעהעם. אָט האָט אַן אָרעם יידיש מיידל אויפ־געהויבן אַן עפּל, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן פון אַ בוים. האָט דאָס באַמערקט דער קריסטלעכער אייגנטימער פון פּלאַץ און איר אויס־געזידלט. דאָס מיידל האָט דעם עפּל אַ וואָרף געטאָן צוריק און געהייסן דעם מאַן שווייגן. האָט ער זיך נאָך העכער צעשריגן, און אין אַ ווײַלע אַרום זי געלאָזט אַרעסטירן. דער דזשאָדזש האָט זי גלייך פאַרמשפּט צו דרייסיק טעג. און מען האָט דאָס מיידל פאַרשפּאַרט אין אַ פינסטערן קאַמער מיט אַן אַלטן שיכּור, וואָס איז דאָרט געזעסן נאָך פון פריער. יאָ, סאָקאָל ווייס נישט, ווי שווער עס איז אים אָנגעקומען זי צו באַפרייען. דער דזשאָדזש האָט אַלץ ווידערהאָלט: „איך געפעלט נישט דער אורטייל, אַפּע־לירט אין אַ העכער געריכט". האָט ער דעם דזשאָדזש אָנגעשראָקן, אַז דער שיכּור וועט פאַרגוואַלטיקן דאָס מיידל און זי וועט שטאַר־בען פון שרעק, ווײַל זי האָט אַ קראַנק האַרץ. ערשט דאַן האָט דער דזשאָדזש זי באַפרייט און זי האָט געמוזט פאַרלאָזן דעם פּלאַץ אין פיר און צוואַנציק שעה.

און וואָס איז פאָרגעקומען פאַריקן סעזאָן? אַ גרופּע יידישע

קאָמוניסטן האָבן אין בעטלעהעם געהאַלטן אין איין אָרגאַניזירן מיטינגען. וועגן דעם האָט דערשמעקט די פּאָליציי און אין איין אָוונט זיי אַלעמען געוואַלט אַרעסטירן. ער האָט זיך אָבער דורכגערעדט מיטן „טשיף אָוו פּאָלים" און אַלץ געמאַכט צו גאָרנישט. מאַלע וואָס מיידלעך און באָיעס קלייבן זיך צוזאַמען!

סאָקאָל האָט נישט גענומען די מי זיך אַריינצוטראַכטן, צו וואָס אַזעלכע פּראָטעסטן, ווי ביים חנוכּת הבית, קאָנען דערפירן. דער אַלטער מעיאָר פון בעטלעהעם האָט נאָך דער פאָרגעקומענער סצענע געהאַלטן אין איין ציטערן פון כּעס, כאָטש פיל האָבן זיך געסטאַרעט מיט אַלע מיטלען אים צו באַרואיקן. ער האָט נישט געקאָנט באַגרייפן, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען און צוליב וואָס זיי קריגן זיך. מען האָט אים איינגעלאַדן צו אַ באַנקעט און פלוצים אַזאַ געשיכטע. אפנים, אַז די יידן קאָנען טאַקע נישט דורכפירן עפּעס אויף אַ שטילן, פיינעם אופן.

ער וועט רעדן צו סאָקאָלן מיט גוטן. דער מאַן איז געבראָכן און קראַנק און נויטיקט זיך אין אַ וואַרעם וואָרט, אין שטיצע. זאָל ער זיך נאָר נישט חברן מיט די „טראָבעל"־מאַכער, וועט ער אים געבן אַ דזשאָב אין איינעם פון זיינע שעפּער. אמת, ער קאָן ביי אים אַ סך נישט פאַרדינען, אָבער אַ ביסל איז דאָך בעסער ווי גאָרנישט. ער וועט אָפּאַרבעטן אַ יאָר־צוויי און קאָן דערנאָך קריגן אַ גרעסער געהאַלט.

— מיסטער ראָטנבערג, — האָט ענדלעך אַרויסגערעדט סאָקאָל, — איר זענט אַוודאי אויף מיר שטאַרק אין כּעס, אַ?

— וועל, מיין פריינט, — האָט זיך געסטאַרעט אַ שמייכל טאָן דער פּרעזידענט. — אין כּעס, נישט אין כּעס. אָבער די גאַנצע געשיכטע האָט קיינמאָל נישט גענדאַרפט פאָרקומען. די „וויטמאָונטענס" און באַזונדערס בעטלעהעם, זענען נישט קיין פּלאַץ פאַר קיין רעוואָלוציעס. מיר אַלע קומען אַהער זיך צו ראַטעווען פון היי־פיבער און אַסטמע. נאָר מיר ווילן דעם שמועס לאָזן אויף אַן אַנדערש מאָל. איר טאָרט זיך נישט אויפרעגן.

— מיסטער ראָטנבערג, איר קאָנט רעדן, וואָס איר ווילט.— האָט אים פאַרזיכערט סאָקאָל מיט אַ בלאַסן שמייכל, — איך בין איצט אינגאַנצן רואיק. אדרבא, רעדט. דאָ וועט אונז קיינער נישט שטערן.

דער פּרעזידענט האָט זיך ווי א צאַפּל געטאָן אויף זיין פּלאַץ.

— איך וועל זיין אָפנהאַרציק מיט אייך, — האָט ער אָנגע־הויבן און א וואָרט נאָך א וואָרט זיך צערעדט מיט ווייטאָק און פאַרדראָס. זיין אויפריכטיקער טאָן האָט אפילו איבערראַשט סאָקאָלן, ווייל ער האָט שטענדיק געמיינט, אַז דערדאָזיקער מאַן קאָן נאָר זיין אויסערלעך העפלעך און פיין. סאָקאָלס פּנים איז געוואָרן ערנסט.

— דער פּראָטעסט ביים חנוכת־הבית, האָט געפּאַסט טאַקע פאַר די „טראָמבעל״־מאַכער, פאַר דעם קאָמוניסטישן שרייבערל און די אַנדערע, וואָס פאַרטראַכטן זיך נישט, דאָס די רעזולטאַטן קאָנען זיין זייער טרויעריקע פאַר אַלע יידן דאָ אין לאַנד, — האָט אונטערגעשטראָכן דער פּרעזידענט. אָבער סאָקאָל האָט אים נערוועז איבערגעשלאָגן און באַמערקט:

— איר קענט נישט חבר פּאָלן. איר האָט נישט קיין רעכט צו רעדן אַזוי וועגן אים. אויך חברטע סאַשע און די אַנדערע זע־נען ערלעכע אַרבעטער און מיר וואָלטן אפשר געדאַרפט זיך לער־נען ביי זיי, ווי צו לעבן.

— נאַרישקייטן, זיי זענען אַלע גלייך, — האָט מיט אַן איינגעהאַלטן קול פאַרגעזעצט דער פּרעזידענט.—גיט זיי א מעגלעכ־קייט צו ווערן אַליין באַלעבאַטים, וועט איר דאַן זען, ווער זיי זע־נען. איך קען זיי צו־גוט. נישט איין מאָל האָבן זיי זיך געריסן אין מיינע שעפּער. אָבער איר, מיסטער סאָקאָל, ווי קומט איר צו זיי? מיר אַלע קענען אייך פאַר א חשובן, גוטהאַרציקן מענטש, וואָס האָט געטיילט צדקה מיט א ברייטער האַנט. מיר קאָנען פּשוט נישט באַגרייפן, וואָס מיט אייך איז דאָ פאָרגעקומען. איר זענט נישט דער איינציקער, וואָס איז געגאַנגען געבראָכן אין וואָל־סטריט־קראַך. טויזנטער יידישע און נישט־יידישע פאַ־מיליעס זענען פאַראָרעמט געוואָרן. אמת, עס איז ביטער צו זיין אַן אָרעמאַן. נאָר די אַמעריקאַנער רעגירונג לאָזט דאָך נישט הונגערן אירע בירגער. מיליאָנען ווערן דאָך אויסגעגעבן יעדן חודש פאַר רעליף. און די אַרבעט פון די יידישע טשאַריטי־אינ־סטיטוציעס? אָבער אין רוסלאַנד הונגערט מען אויף אַן אמת!

איר מיינט, מיסטער סאָקאָל, אַז די־דאָזיקע באָלשעוויקעס וועלן טאַקע ברענגען די ישועה אונזער פאָלק. האָט איר דען נישט

אַ טראַכט געטאָן אַמאָל, אַז מיר גייען דאָרט אונטער אַלס יידן. איך באַקום בריוו פון אייגענע. עס איז דאָך אַ שרעק, אַ שווידער. אמת, מיר האָבן דאָרט אַלע רעכט און מיר זענען מיט לייטן גלייך. אָבער מיט איין האַנט גלעט מען אונז און מיט דער צווייטער ווישט מען אָפּ פון דער ערד אונזער תורה, אונזער הייליקע טראַדיציעס און מיר פאַרלירן אונזער פּנים, ווי אַ פאָלק. וואָלט כאָטש געווען דער טאָפּ לינזן. איז דאָס אויך נישטאָ.

אַמעריקע איז כּמעט דאָס איינציקע לאַנד אין דער וועלט, ווו מיר זענען אינגאַנצן פריי און קאָנען אומגעשטערט אָפּהיטן אונזער יידישקייט. מיר פאַרמאָגן דאָ אַ גרויסן כּח. איז וואָס טוען אונזערע קאָמוניסטן?! מיסטער סאָקאָל, דאָס דאַרף איך אייך נישט דערציילן. איר ווייסט עס שוין גאָר גוט. פרעג איך אייך, וווהין קאָנען מיר גיין, אַז מען וועט אונז אָנהויבן טרייבן פון דאַנען? אין היטלערס מדינה, אַ? זאָל גאָר נישט קומען די בייזע שעה!

דער פּרעזידענט איז אַנטשוויגן געוואָרן און אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, ווי ער וואָלט פּלוצים אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַ שווערע משא. דערנאָך האָט ער שטילער צוגעגעבן:

— אַנומלט בין איך פאַרבייגעגאַנגען יוניאָן סקוועער. דאָרט איז פאָרגעקומען אַ קאָמוניסטישע דעמאָנסטראַציע. אין איין גרופּע האָט אַ רעדנער געזידלט די אַמעריקאַנער רעגירונג. געשאָטן פעך און שוועבל אויף די קעפּ פון די סענאַטאָרן און אפילו אויפן פּרעזידענט. איך האָב זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, אָנגעקוקט אַרום די פּנימער. די מערסטע יידן, און נאָר דאָ און דאָרט אַ נעגער, אַ סלאַוו, אַן איטאַליענער, אָדער גלאַט אַ טרעמפּ פון דער באָוערי, וואָס האָט נישט וואָס צו טאָן און וואָס צו פאַרלירן. נו, פרעג איך אייך, קאָן דערפון אַרויסקומען גוטס פאַר אונז, יידן, אַ?

ער איז ווידער אַנטשוויגן געוואָרן, געוואַרט, סאָקאָל זאָל אים עפּעס ענטפערן. אָבער דער קראַנקער האָט זיך פאַרטראַכט. אַ מינוט איז געווען זייער שטיל. די יונגע נוירס אין ווייסן האָט אַרייַנגעקוקט אין שפּיטאָל־צימער, אַ שמייכל געטאָן און איז אַוועק.

— מיסטער ראָטנבערג, — האָט סאָקאָל ענדלעך אַרויסגערעדט. — עס איז אפשר פאַראַן אַ געוויסער אמת אין דעם,

וואָס איר האָט געזאָגט. דאָס איז אייער שטאַנדפּונקט. אָבער די אַרבעטער און די אונטערדריקטע האָבן זייער אייגענעם אמת און זייער אייגענע תּורה, וואָס לערנט זיי צו קעמפן ביזן סוף קעגן די קאַפּיטאַליסטן פון דער גאַנצער וועלט. און וואָס איז שייך סאָוויעט - רוסלאַנד, איז איצט דאָרטן אפשר נישט אַזוי גוט. מען אַרבעט שווער, מען דערעסט נישט אַמאָל. עס זענען נישטאָ קיין באַקוועמלעכקייטן. אָבער דאָס וועט פאַרביי און די אַרבעטער וועלן זיגן. עס וועלן קומען גוטע צייטן פאַר אַלע האָרעפּאַשניקעס. איך וויל גלויבן. איך האָב דעם קאָמוניזם באַנומען מיטן האַרץ.

סאָקאָל איז אַנטשוויגן געוואָרן און זיך פּלוצים דערפילט מיד פון דעם פּרעזידענטס וויזיט. ער האָט אַ טראַכט געטאָן: ווען הבר פּאָל איז דאָ, וואָלט ער אים עס בעסער דערקלערט. ער קאָן נישט רעדן.

דער גאַסט האָט זיך אויפגעהויבן.

— מיסטער סאָקאָל, מיר וועלן נאָכאַמאָל דיסקוטירן די אַלע פראַגן. איך וואָלט אייך געוואָלט זען אין ניו־יאָרק. קומט אַרויף צו מיר אין אָפיס. מעגלעך, אַז אין איינעם פון מיינע שעפּער וועט זיך געפינען אַ פּאַסיקע אַרבעט פאַר אייך.

— אַ דאַנק, — האָט שטיל געזאָגט סאָקאָל און באַגלייט דעם פּרעזידענט מיט אַ קאַלטן בליק.

שפּעטער האָט סאָקאָלן פאַרדראָסן, פאַרוואָס ער האָט נישט גענוג שאַרף אים געענטפערט. באַזונדערס האָט אים געקרענקט דער אויסדרוק אויף זיינע נייע פריינט, אַז זיי זענען „טראַבעל"־מאַכער. מענטשן זענען זיך מקריב פאַר אַ גרויסן אידעאַל, ווערן געשלאָגן אויף גאַסן - דעמאָנסטראַציעס און געפייניקט אין די טורמעס פון אַלע לענדער, זיי גיבן אַוועק זייערע בעסטע יאָרן דער באַוועגונג, הונגערן אַליין, און דאָס זענען די „טראַבעל"־מאַכער! ער האָט אים געדאַרפט פּשוט אויסזידלען און הייסן גיין.

סאָקאָל האָט זיך נישט געקאָנט באַרואיקן אַ לאַנגע צייט.

אַ שעה שפּעטער איז געקומען דער יידישער פאַרמער. ער האָט אים דערציילט, אַז ס'גייט נישט גוט. ער קאָן נישט קריגן קיין פּאַרטנער מיט געלט, אַ „נאַש בראַט", אַן אייגענעם מענטש. קיינער וויל נישט פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע היי־פיבער־

קאַלאַניע ער וואַלט אויפגעבויט. אַלע רייסן זיך צו מעין סטריט, צום טומל און הו־האַ. און די לעצטע וואָך זענען ביי אים ווידער אומגעקומען פינף קאַטשקעלעך. זיי פרעסן זיך אָן אין וואַסער מיט גיפטיקע ווערעמלעך. און דאָס ווייב בעט אַלע אָן אמתן סינק. זי איז שוין מיד, זאָגט זי, נאָכצונאַנד צו פּאָמפּען וואַסער. דער אַלטער מיט דער האַרמאָשקע איז אַוועקגעפאָרן. דאָס ווייבל, וואָס האָט געבענקט נאָך אַ „ראָמאַנטישן יונגנמאַן", איז שוין אויך נישטאָ. ער ווייס נישט, וואָס צו טאָן איצט. זאָל ער ווייטער דאָ פאַרבלייבן אויף ווינטער? עס קאָן זיך נאָך ווידער אונטער־רוקן צו זיין ווייב דער אידיאָט, וואָס ליידט נאָך פון זיין שלאָף־חולאת און איז נאָך אַלץ אין בעטלעהעם.

פאַרן אַוועקגיין האָט דער פאַרמער ערנסט אַ פרעג געטאָן:

— מיסטער סאָקאָל, איר קאָנט טאַקע נישט אַריינלייגן אפי־לו קיין איין טויזנטער אין מיין פּלאַן, אַ?

סאָקאָל האָט זיך שטיל צעלאַכט:

— וואָס איז אַ טויזנטער? איך האָב געפונען גאַנצע אוצרות. מען דאַרף עס נאָר קאָנען אַרויסקריגן.

דער פאַרמער האָט אויך געשמייכלט:

— יאָ, יאָ, אָבער אַריינשטעלן אַן אמתן סינק אין קיך קאָסט געלט. ווערט געזונט און לאָמיר איבעראַיאָר ווידער זיסן אין בעטלעהעם.

— איך ווינטש אייך דאָסזעלבע, — האָט אים באַגלייט פריינטלעך סאָקאָל.

---

עס זענען פאַרביי נאָך עטלעכע טעג.

דער דאָקטאָר האָט שוין פאַרזיכערט סאָקאָלן, אַז ער קאָן פאָרן אהיים. ער וועט אָבער מוזן אויפפּאַסן אויף זיך און אַ סך רוען. ער האָט געהאַט אַ לייכטן האַרץ־אַטאַק. איצט גייט עס בע־סער. ער וועט ווערן געזונט. אָבער אויפרעגן זיך צוליב עפּעס איז פאַר אים זייער שעדלעך.

די גאַנצע צייט, וואָס סאָקאָל איז געווען אין שפּיטאָל, האָט ער אויסגעמיטן צו שרייבן אהיים, אַז ער איז קראַנק. זיין פרוי וואָלט באַלד געקומען און אויפגעהויבן אַ יללה. אָבער זיין טאָכ־

טער האָט זיך נעכטן דערוווסט וועגן אַלץ, וואָס עס איז פאָרגע־קומען, געזאָגט דער מוטער, אַז זי מוז ערגעץ צופאָרן אויף עט־לעכע טעג, און זיך געלאָזט קיין ליטלטאָן.

עס איז געווען פאַרנאַכט־צו. סאָקאָל איז געזעסן אין זיין טיפן שטול ביים פענסטער, געקוקט ווי פון אונטן ווערן די ווייסע בערג פאַרצויגן מיט אַ טונקל־בלויען שלייער און די שפּיצן זייערע זענען נאָך באַגילדט פון די שטראַלן פון דער אונטערגייענדיקער זון. ער האָט געזען, ווי קי פּאַשען זיך נאָך אין פעלד און אַ פּאַר־מער פאָרט פאַרביי אויף אַן אַלטמאָדישער ברִיטשקע.

סאָקאָל האָט באַשלאָסן, אַז אין צוויי טעג אַרום וועט ער זיך אויסשרייבן פון האָספּיטאַל.

די נוירס האָט אַריינגעבראַכט פאַר סאָקאָלן אַ געדיכט שוי־סעלע קאַשע, אַ גלאָז מילך און איז אַרויס. אָבער באַלד האָט זי זיך אומגעקערט און אַריינגעפירט אין שפּיטאָל־צימער זיין טאָכ־טער.

ער האָט זיך אויפגעהויבן, נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין וואָרט, געמאַכט אַ פּאָר טריט און אויסגעשטרעקט די הענט, וואָס האָבן ביי אים געציטערט. זיי האָבן זיך אַרומגענומען, געקושט.

— פּאַ, רעג זיך נישט אויף, — האָט זי אים געהאַלטן אין איין באַרויִקן. — אַלץ האָט פּאַסירט מיטאַמאָל און דערפאַר האָב איך דיר נישט געוואָלט טעלעגראַפירן. די מאַמע ווייס פון גאָרנישט. דו האָסט געהאַנדלט גוט.

שפּעטער האָט ער איר דערציילט אַ סך פון דעם, וואָס ער האָט איבערגעלעבט דאָ, פאַר די לעצטע קנאַפּע זעקס וואָכן. ער האָט פאַר איר שטאַרק געלויבט זיינע נייע פריינט, וועלכע ער האָט באַגעגנט אין אַ צייט, ווען ער האָט געמיינט, אַז אַלץ איז שוין געענדיקט און זיך אַרומגעטראָגן מיט געדאַנקען וועגן זעלבסטמאָרד. יאָ, חבר פּאָל און חברטע סאַשע האָבן אויף אים געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. ער האָט אויך דערמאָנט דאָס שטילע שניידערל און געערדט וועגן שרהלען.

אויף מאָרגן האָט מען סאָקאָלן אויסגעשריבן פון האָספּיטאַל. זי האָט באַוויזן זיך צו זען מיט דעם הויפּט־דאָקטאָר. יענער האָט איר אָפן געזאָגט, אַז איר פאָטער איז אַ חולה מסוכן. ער ליידט פון אַ שווערע האַרץ־קראַנקהייט און טאָר גאָרנישט טאָן, אַ חוץ

זיך אָפּהיטן און רוען. ביים סטיישאָן האָט סאָקאָלן און זיין טאָכטער באַגלייט „בריינדעלע קאָזאַק". זי האָט אים פאַרזיכערט, אַז אין יאַנואַר וועט זי קומען קיין ניו־יאָרק און דאָרטן מאַכן אַ „היט" מיט איר שפּילן אויף דער סצענע. זי מוז ווערן באַרימט, אַז אירע באָרדערקעס זאָלן צעפּלאַצט ווערן פון „דזשעלאָסי". די באַן האָט זיך אַ ריר געטאָן. „בריינדעלע קאָזאַק" האָט זיך געלאָזט לויפן נאָכן טריין און אַלץ עפּעס גערעדט צו סאָקאָלן.

---

אין בעטלעהעם איז געוואָרן שטיל. כמעט אַלע סטאָרס האָבן זיך פאַרמאַכט ביז דעם קומענדיקן היי־פיבער־סעזאָן. אויף מעין־סטריט האָט מען נאָך געקאָנט דאָ און דאָרט זען אַרומשפּאַצירן איינזאַמע אַסטמע - קראַנקע, וואָס פאַרבלייבן אין די „ווייט מאַונטענס" ביז שפּעט אין אָקטאָבער. דער „אינדיען - זומער" האָט זיך געטונקט אין אַ ים פון ווילדע, בונטע קאָלירן. עס זענען געשטאַנען קאַלטע, קלאָרע, זוניקע טעג און שטילע, ווייכע, ווי סאַמעט, לבנה־נעכט.

# אונטערגאנג

## 1

דער אַלטער קודלאַטער, הינקענדיקער הונט פּרינץ איז געלעגן בײַם טויער פֿון אַ ייִדישער פֿאַרם אין די קעסטקיל בערג און גע־בענקט. דער טאָג איז געווען אַ כמאַרנער, אַ קאַלטער און ווײַט אין מזרח - זײַט האָבן זיך ערגעץ געצויגן קאַראַוואַנען וואָלקנס אָנגע־לאָדענע מיט שניי. דער הונט פֿלעגט אַלע ווײַלע האַלב אויפֿמאַכן זײַנע קראַנקע, פֿאַרטרערטע אויגן, אומעטיק אַ קוק טאָן פֿון בײדע זײַטן אויפֿן וועג, ווו קײנער באַווײַזט זיך נישט שוין - לאַנג, און ווידער אײַנדרימלען.

נאָר מיט אַמאָל האָט ער זיך גענומען צוהערן, אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און זיך הײזעריק פֿאַנאַנדערגעבילט, אָנזאָגנדיק, אַז אימיצער פֿאָרט און וועט באַלד אָנקומען אויף אַ פּאָר ווײַסע פֿערד מיט פֿרײלעכע גלעקלעך אויף זײערע העלזלעך און די גאַנצע פֿאַר־שנײטע שווײַגנדיקע געגנט וועט זיך אויף אַ ווײַלע אויפֿכאַפּן פֿון איר ווײַסן שלאָף און ווערן פֿול מיט זילבערן געלעכטער און הילכיק געזאַנג.

אין דערזעלביקער מינוט איז פֿון דעם גרויסן דרײַ־גאָרנדיקן הויז, וואָס איז געשטאַנען אין אַ נידעריקן פּלאַץ נאָנט בײַם וועג, אַרויס אַ יונגע פֿרוי, טוליענדיק די הענט צו דער ברוסט פֿון קעלט. זי איז געווען פֿון קלײנעם וווקס, מיט אַ פֿול רונד פּנים און אַביסל אַ פֿאַרריסן נעזל, זײער ענלעך אויף אַ רוסישער דאָרף - שיקסע. די פֿאַרמערקע האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן וועג, דערזען אימיצער קומט־אָן און גענומען שרײַען אויפֿן הונט, ער זאָל בלײַבן שטיל.

דערווײַל זענען די פֿערד צוגעלאָפֿן צום טויער און זיך אָפּגע־שטעלט. אַ הויכער, פֿעסט - געבויטער מאַן איז אַרויס פֿון שליטן. די פֿרוי האָט פֿאַרוווּנדערט עפּעס אויסגעשריגן, האָט אויסגע־

שטרעקט די הענט צום גאסט און אים ארומגענומען און זיי האבן זיך צעקושט. דערנאך האט זי פּלוצים באמערקט, אז איר רייכער אנקל פון ניו - יארק זעט אוים שלעכט, איז געווארן עטוואס איינגעהויקערט, דאס פּנים געל, ווי ביי א קראנקן, דאס קול קלינגט מיד און צעבראכן. זי האט געוואלט גלייך פרעגן, וואס איז מיט אים, ווייל ער פלעגט קיינמאל נישט פארן אין די בערג אפילו זומער, נאר זי האט זיך איינגעהאלטן און מיט געמאכטער פרייד אויסגעשריגן:

— אנקל קיילין! אזא גאסט! אזא גאסט! אין מיטן ווינטער! קומט אריין אין הויז.

זי האט אים געהאלטן פארן האנט און ער האט געקוקט אויף איר מיט א גוטן, מידן שמייכל אויף זיין פּנים און פון אויפרעגונג נישט געוווסט איר וואס צו זאגן.

דעם גאנצן וועג פון ניו - יארק האט ער אין וואגאן אלץ געטראכט וועגן איר, ווי זי וועט אים באגעגענען, ווי זעט זי איצט אוים און וואס וועט זי אים זאגן, ווען ער וועט אריין אין איר הויז. און אט איז ער שוין דא. זי איז ארוים אנטקעגן, ווי זי וואלט געפילט, אז ער דארף אנקומען. און עס איז ארום אזוי שטיל אין די בערג.

דאס פערד מיטן שליטן איז אוועק ווייטער.

— קומט, אנקל, קומט, — האט זי אים פארן האנט אריינגעפירט אין הויז.

א קליין מיידעלע מיט א פאר גרויסע און שווארצע, ווי פלוימען, אויגן האט נייגעריק א קוק געטאן אויף דעם גאסט און זיך באהאלטן אין א ווינקל פון קיך. פון א ווייטן צימער, א פארשלאפענער, האט זיך באוויזן דער בעל־הבית פון פארם, שאפּירא, נאך גאר א יונגערמאן, מיט א בלאס פּנים און אומרואיקע, גנבישע באוועגונגען.

ער האט קיילינען באגעגנט מיט אן אמתער פרייד. זיין אינסטינקט האט אים אונטערגעזאגט, אז נישט אומזיסט איז זיין פרוים רייכער קארגער קרוב אין מיטן ווינטער פּלוצים געקומען אין די בערג. אפּנים, א שטיקל געשעפט, — קויפן א האטעל אדער אן אנדער זאך, — עפּעס מוז דא זיין. און דריקנדיק פעסט קיילינס האנט האט ער דערציילט:

— איך ליג אזוי און דרימל און הער, ווי דער הונט בילט און פון ווייטן קלינגען גלעקלעך. קלער איך: אימיצער פאָרט אהער, און וויל א געשריי טאָן לאהן אין קיך, זי זאָל ארויס אקוק טאָן, ווער עס קומט דאָרט. עפּעס האָב איך געפילט, אז אן אייגענער מענטש פאָרט. און פלוצים — אזא גאסט! גיי ווייס!

ער האָט זיך געדרייט ארום קיילינען, געהאָלפן אים אויסטאָן דעם מאנטל, צוגענומען דעם טשעמאָדאן, אוועקגעזעצט ביים טיש און מיט אמאָל, ווי זיך אין עפּעס דערמאָנט, איז ער אראָפּגעלאָפן אין קעלער נאָך ווייַן.

אין קיך האָט געשמעקט מיט פריש־געבאַקן ברויט און מיט געקאָכטע פרוכטן: עפּל, פלוימען און אפּריקאָסן. דער אויוון האָט געברענט. ס׳איז געווען וואַרעם און היימלעך ארום. קיילין האָט זיך צערעדט מיט לאהן, געפרעגט, וואָס זי מאכט און ווי לעבט זיך איר דאָ אין דעם פארוואָרפענעם ווינקל. זי האָט אים דערציילט, אז פאראיאָרן איז געגאנגען נישט אזוי ווויל, נאָר דעם לעצטן זומער האָבן זיי געמאכט גוטע געשעפטן. דאָס הויז איז געווען איבערגע־פּאַקט מיט באָרדערקעס און אויך די ערד האָט זיי עטוואָס אריינ־געבראכט. זיי האָבן פארפלאנצט א גאָרטן פון אלערליי גרינסן און אויך דאָס גראָז אויף די לאָנקעס איז געוואקסן הויך און זאפטיק.

ער איז געשטאנען נעבן איר ביים אויוון און געוואַרעמט די הענט. אים איז נאָך אלץ געווען קאלט פון וועג און ער האָט גע־פילט א לייכטן פיבער אין גאנצן קערפּער. נאָר דאָס צוזען, ווי לאה גרייט צו עפּעס צו עסן פאר אים, ווי זי גייט ארום איבערן קיך א לייכטע, א יונגע און אביסל פארשעמט, אפּנים פון פרייד, וואָס ער איז געקומען, האָט אים דערמאָנט אין יענע טעג, ווען זי איז אלט געווען זעכצן יאָר און ער, אן אלמן און א פאָטער פון דריי אונטער־געוואקסענע קינדער, פלעגט כמעט אלע אָוונט קומען אין הויז פון אירע עלטערן, זיצן אן אומעטיקער און שווייגן און בענקען נאָך איר, ווען זי פלעגט אין אן אנדער צימער פארברענגען מיט אירע בחורים און רייצנדיק לאכן און שפּאסן מיט זיי. און זאָגן איר אלץ, האָט ער נישט געהאט קיין מוט און קיינער פון די אייגענע האָט קיינמאָל גאָרנישט באמערקט. און ווען זי איז געוואָרן א כּלה, האָט ער חתונה געהאט מיט א דיקע, מיאוסע, קאסאָקע פרוי, וואָס האָט

אַ קראַנק האַרץ, ליגט אָפט צו־בעט און גייט אַרום תּמיד פאַר־שלומפּערט.

— געדענקסט, לאה, ווי איך פלעג אַמאָל אַלע אָוונט קומען צו אייך אין הויז, געזוכט דיך און דו פלעגסט פון מיר אַנטלויפן מיט דיינע „באָיעס"?

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און שטיל געענטפערט:

— איך בין דאַן, אָנקל, געווען אַ נאַריש מיידל און נישט גע־ווּסט, וואָס איך טו. איצט וואָלט איך אפשר אַנדערש געהאַנדלט.

קיילין האָט זי דורכגענומען מיט זיין בליק, זיך פאַרטראַכט.

שאַפּיראָ איז אַרויף פון קעלער מיט אַ קריגל ווייַן און איז גלייך צוגעשטאַנען צום גאַסט, ער זאָל אויסטרינקען אַביסל, ווייל אַזאַ געטראַנק קאָן מען דאָ ביי קיין פאַרמער נישט קריגן. דאָס ווייַן איז אַלט עטלעכע יאָר.

נאָכן פאַרבייסן האָט קיילין זיך דערפילט בעסער. אים האָט אויפגעהערט צו פיבערן. צוליב וואָס ער איז אַהער געקומען, האָט ער געקלערט צו רעדן מיט שאַפּיראָן שפּעטער. אפשר זענען זיי אַליין גרייט צו פאַרקויפן זייער פאַרם. מען דאַרף האַנדלען פאָרזיכטיק. דערווייל וועט ער זיי דערציילן דעם אמת, אַז ער איז קראַנק און איז געקומען אויף אַ וואָך צוויי אָפּרוען און פאַר דער צייט וועט ער זיך אַרומקוקן און זען, וואָס ער האָט צו טאָן. נאָר לאה האָט פון זיינע איינצלנע ווערטער פאַרשטאַנען, אַז איר רייכער אָנקל איז געקומען אין די בערג קויפן אַ פאַרם, ווייל די דאָקטוירים האָבן אים געראַטן צו פאַרלאָזן די שטאָט. דאָס איז זיכער. איר פּנים האָט אויפגעפלאַמט פון אינערלעכער פרייד. איצט איז געקו־מען די צייט פּטור צו ווערן פון דער פאַרם, וואָס ליגט אין אַ זומפּ און נאָך אפשר מאַכן דערביי אַ פּאָר טויזנט דאָלאַר. דאָס מאָל וועט זי זיין קליגער. אַלערליי פּלענער און געדאַנקען האָבן זיך גענומען דרייען אין איר קאָפּ, ווי אַזוי עס דורכצופירן.

זי האָט מיט אַ שטיל איינגעהאַלטן קול געזאָגט:

— ליבער אָנקל, מיר וועלן אייך נישט אָפּלאָזן פונדאַנען ביז איר וועט איינגאַנצן ווערן געזונט. איר מוזט בלייבן מיט אונז. איך וועל שוין זאָרגן, איר זאָלט אַלץ האָבן און טאָן אַלץ, וואָס דער דאָקטאָר האָט אייך געהייסן.

און שאַפּיראָ האָט זיך צעגאָסן וועגן דער שיינקייט פון די בערג און דעם פרייען גוטן לעבן אויף אַ פאַרם.

מען קאָן דען אַלץ איבערגעבן?

אים האָט די לופט געראַטעוועט, ממש אַריינגעגעבן אַ נייע נשמה. איצט איז ער גאָר אַן אַנדער מענטש. וואָס מאָגן, ווען מאָגן. עסט, ווי אַ גוי, און אַלץ פאַלובעט אים. הייַנט דאָס פאַרגעניגן פון די לאַנקעס, בערג און טאָלן. גייט אַרויס פאַרטאָג אויפן וועג. עס איז אַ חיות אפילו איצט, ווינטער. ס'פאַלט אַ שניי און מען פילט ווי פודן געזונט קומען־צו. די ברוסט ווערט עפּעס ברייטער, אָטעמסט טיפער. הייַנט ווען דער זומער קומט, גיי דערציייל אַלעמען, ווי די קלייניקע בלויע און אַלערליי אַנדערע פויגלען צוויטשערן פאַרטאָג.

שאַפּיראָ האָט גערעדט אַ סך, אַלץ געלויבט זיין פאַרם און די געגנט און אַז די ערד אַרום איז פעט און ווען מען לייגט נאָך אַריין אין זיינע „ביזנעס" אַ פאָר טויזנט דאָלאַר, קאָן מען דאָ נישט ווייט מאַכן אַ „לעיק" און דאַן וועט זיין פלאַץ זיין דער שענסטער אין די קעטסקיל בערג.

קיילין האָט אים געהערט און געשוויגן. ער האָט געטראַכט, ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען שאַפּיראָ גייט פלוצים ערגעץ אַוועק און ער בלייבט דאָ אַליין אין הויז מיט לאהן. וועגן דער פאַרם וועלן זיי נאָך האָבן צייט צו רעדן. זי קוקט אויף אים אַזוי האַרציק. ער וואָלט זי אַוועקגעזעצט נעבן זיך, דערציילט איר, ווי אַזוי ער ליידט און איז קראַנק די גאַנצע צייט און אַז זי זאָל האָבן מיטלייד מיט אים און זאָגן אין דער שטיל אַ סך גוטע ווערטער. די אַרומיקע שטילקייט פון די בערג האָט אויף אים מאָדנע געווירקט, געמאַכט טרויעריק און דערמאָנט, אַז באַלד, באַלד וועט ער אפשר שטאַרבן, שטיל אויסגיין אין אַ פאַרנאַכט, ווי אַ ליכט, ערגעץ אין מוראַדיק גרויסן, טומלדיקן ניו־יאָרק, אין אַ האַלב־פינסטערער וווינונג, און זיין דיקע קאַסאָקע פרוי וועט מאַכן געוואַלדן, שרייען און וויינען, און די אַרומיקע ווייבער וועלן קרעכצן, טרייסטן און לייגן איר קאַלטע קאָמפּרעסן צום האַרץ.

— איר הערט, קיילין, איך דאַרף האָבן אַ שותּף מיט געלט,— האָט פאָרגעזעצט שאַפּיראָ. — ממש אוצרות ליגן דאָ אין דער ערד.

— יאָ, יאָ, — האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ קיילין. — עס איז מעגלעך. די געגנט איז אַ שיינע.

לאה האָט זיך געדרייט אַרום אויוון, צוגענומען פון טיש און געוואָרפן אומרואיקע בליקן אויף איר מאַן, ער זאָל מיט זיין פּלאַפּלען נישט איבערפירן די גאַנצע זאַך, וואָס זי האָט פאַרקלערט.

— דער אָנקל מוז זיין מיד פון וועג, — האָט זי געזאָגט, — איר וועט שפּעטער רעדן וועגן „ביזנעס״. לאָז ער זיך בעסער צו־לייגן אַביסל.

שטיל און אומבאַמערקט איז אונטערגעקומען דער בין־השמשות. הינטער די פּאַרשנייטע בערג האָט זיך געזעצט די רויטע קאַלטע זון און אַ ליכטיקע ראָזעווע רואיקייט האָט זיך צעגאָסן איבער דער גאַנצער וועלט. לאה האָט אָנגעצונדן ליכט אין קיך און דערנאָך איז זי אַרוים אין שטאַל מעלקן די קי. זי האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר קיילינען און געזאָגט, אַז זי קומט באַלד אריין צוריק. שאַפּיראָ מיט אַ לאַמטערן אין האַנט איז זי נאָכגעגאַנגען. שטיל האָט זיך אַריינגעשאַרט אין הויז דער אַלטער הונט פּרינץ, הינקענדיק אויף זיין צעבראָכענער לאַפּע. ער האָט אַרומגעשמעקט דעם גאַסט, אַ לעק געטאָן זיין האַנט און זיך אויסגעצויגן ביי זיינע פיס. קיילין האָט זיך איינגעבויגן, אַ גלעט געטאָן דעם הונט איבערן קאָפּ און געזאָגט ווי צו זיך:

— אַן אַלטער קראַנקער הונט... — און דאָס ערשטע מאָל פאַר אַ סך יאָרן האָט ער דערפילט אַ רחמנות צו אַ פיר־פיסיקער חיה, וועלכע ער פלעגט פריער קיינמאָל נישט באַמערקן. דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען פון טיש און איז אריין אינעם צווייטן חדר, ווו לאהס מיידעלע האָט זיך געשפּילט. דער הונט איז אים נאָכגעגאַנגען.

דאָס הויז איז נישט קיין שלעכטס, — האָט ער געטראַכט און אַרומגעטאַפּט די ווענט, — גרויסע צימערן און ליכטיקע פענסטער, אָבער וואָס פאַר אַ פּרייז וועלן זיי וועלן פאַר דאָס?

יאָ, ער וועט מוזן קויפן אַ פאַרם. וואָס קאָן ער טאָן? ער מוז ראַטעווען זיין לעבן. אַזוי קאָן ווייטער נישט גיין. ער האָט זיך דערמאָנט אָן די אַלע שווערע לײדן, וועלכע ער האָט איבערגעלעבט די לעצטע צייט און האָט אויפגעציטערט פון שרעק. ער האָט זיך ווידער דערזען אין זיין הויזן־פאַבריק, ווי ער איז אומגעפאַלן ביי

דער מאַשין און מ׳האָט אים אַ האַלב־טויטן געבראַכט אַהיים. ס׳האָט אַ קלונג געטאָן אין זיינע אויערן די קולות פון זיין פרוי, אַז מען האָט אים דערהרגעט און זי קאָן שוין מער נישט לעבן. און דערנאָך די מאַטערנישן ביים גרויסן דאָקטאָר אין צימער, וועלכער האָט זיינע אייגענע אַזוי אָנגעשראָקן, אַז זיין אַלטע מאַמע האָט געפאַסט אַ גאַנצן טאָג, געוויינט און געבעטן גאָט פאַר איר זון אַ רפואה שלימה. און דער גרויסער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז ער מוז אַנטלויפן פון שטאָט און לעבן ערגעץ אין די בערג רואיק און אָן זאָרג. און דאָס אייביקע זשומען אין קאָפּ, ווי אַ סטאַדע בינען וואָלטן זיך אַריינגעריסן אין זיין מח און קאָנען נישט אַרויס, און דער חלום אין מיטן טאָג, ווען מען האָט אים געבראַכט פון דאָקטאָר און ער איז אויף אַ ווײַלע אַ מידער איינגעשלאָפן. ער האָט נאָך אַלץ געזען פאַר זיינע אויגן דאָס טונקל־רויטע, מוטנע וואַסער אויפן וועג און ווי ער איז פאַרזונקען געוואָרן פּלוצים ביזן האַלז, זיך געוואָלט ראַטעווען און קיינער איז נישט געקומען צו הילף.

קיילין האָט אַביסל פאַרבראַכט מיטן קינד און ווידער אַ גלעט געטאָן דעם הונט. דערנאָך האָט זיך אומגעקערט לאה פון שטאַל מיט אַ פולן עמער מילך.

— אָנקל, וווּ זענט איר? — האָט זי אים אַ רוף געטאָן צוריק אין קיך.

אין אָוונט, נאָך וועטשערע, איז מען געזעסן ביים אויוון און זיך געוואַרעמט. לאה האָט מיט אַ האַרציקן טאָן פאַנאַנדערגעפרעגט דעם אָנקל, ווען ער איז קראַנק געוואָרן און וואָס האָבן געזאָגט די דאָקטוירים? איר קול האָט געקלונגען לאַשטשענדיק און ווייך. שאַפּיראָ פלעגט אַלע ווײַלע אַריין און אַרויס מיט דער לאַמטערן אין האַנט. עס האָט געדאַרפט אויסזען, אַז די באַלעבאַטישקייט איז אַ גרויסע און עס איז פאַראַן אַ סך צו טאָן. קיילינען איז געווען שווער צו שווייגן און ער האָט דערציילט וועגן זיך. עס האָט זיך אַרויסגעריסן דער אין האַרצן טיף־פאַרבאָרגענער פאַרדראָס, אַז זיינע בעסטע יאָרן האָט ער זיך געמאַטערט און געליטן פון נויט. טרויעריקע דערינערונגען האָבן זיך פאַנאַנדערגעוויקלט און געשריגן מיט זייער שוואַרצן אומעט און ער איז געשטאַנען אַליין און מיט אַלע כּחות געקעמפט קעגן אַלע אומגליקן. און איצט, ווען ער האָט גענוג געלט, איז געקומען די שווערע קראַנקהייט.

עס איז שוין געווען שפּעט, ווען דאָס פייער אין אויוון איז אויסגעגאַנגען. לאה האָט אַריינגעפירט דעם גאַסט אין אַ גרויס צי־מער מיט דריי פענסטער. אַרויסגייענדיק האָט זי געזאָגט, אַז באַלד וועט זי אים ברענגען נאָך אַ פּאָר קאָלדרעס, ווייל די נעכט זענען דאָ זייער קאַלטע. קיילין האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם גרויסן הילצערנעם בעט און זיך פאַרטראַכט. אים האָט איצט פאַרדראָסן, פאַרוואָס ער איז געווען אַזוי אָפנהאַרציק מיט לאהן און איר דערציילט, אַז ער האָט געלט און האָט די לעצטע צוויי יאָר געמאַכט מער ווי צען טויזנט דאָלאַר. פּלוצים האָט ער זיך גענומען צוהערן. אונטן אין קיך האָט מען ווענן עפּעס זיך געשעפּטשעט און ס'האָט זיך דערטראָגן שאַפּיראָס קול. קיילין איז שטיל צוגעגאַנגען צו דער האַלב־אָפענער טיר. נאָר וועגן וואָס מען האָט גערעדט, האָט ער נישט געקאָנט הערן. אין קאָפּ האָט אים אָנגעהויבן צו זשומען, און ווידער האָט ער דערפילט אַ לייכטן פיבער אין גאַנצן קערפּער. לאה האָט זיך אומגעקערט, געמאַכט דאָס בעט און געזאָגט, אַז מאָרגן וועט זי אים ווייזן זייער פאַרם מיט די קי און פערד. קיילין האָט געקוקט אויף אירע באַוועגונגען, ווי זי בויגט לייכט איר יונגן קערפּער און איז אַזוי מוטערלעך־ליב און געזונט, און אים איז גע־ווען זייער אומעטיק.

אין טיר איז זי געבליבן אַ מינוט שטיין און געזאָגט:

— אַ גוטע נאַכט, אָנקל.

קיילין האָט שטיל געענטפערט:

— אַ גוטע נאַכט, לאה.

ער האָט פאַרלאָשן דאָס עלעקטרישע ליכט און זיך געלייגט אין בעט. באַלד איז ער ווידער געווען אין שטאָט, געקומען צו דער אַר־בעט אין זיין פאַבריק. ער פילט זיך עפּעס שלעכט. די קני ברענען אים. ער גייט־צו צום אָפענעם פענסטער און אָטעמט־איין די נאַסע אָסיען־לופט. דער ווינט גיט אים אַ וואָרף אין פּנים אַ פּאָר טראָפּנס רעגן. ער שטייט אַ ווייל און ווייל זיך נישט אומקערן צו דער אַרבעט. די מאַשינען קלאַפּן אַזוי. און מיט אַמאָל נעמט די פּאָד־לאָגע זיך וויגן אונטער זיינע פיס און ער פאַלט־אום און מען טראָגט אים אַוועק אין האַלב ־ טונקעלן צימער צום גרויסן דאָק־טאָר, ווו עס זיצן און וואַרטן אין די ווינקלען דריי הויכע און

דאַרע, ווי סקעלעטן, מענער און נעבן זיי שלאָפט אַ דיקע פרוי אין שוואַרצן. און זיין מאַמע שטייט נעבן אים און וויינט...

2

ווען קיילין האָט זיך אויפגעכאַפּט, זענען שוין די פאַנטאַסטישע קווייטן אויף די פאַרפראָרענע שויבן באַפאַרבט געווען אין אַלערליי קאָלירן פון דער אויפגייענדיקער זון. די ערשטע רגע האָט אים געוווּנדערט, וואָס ער איז אַליין און אַרום אים איז שטיל. זיין פרוי ליגט נישט נעבן אים און אָטעמט שווער און די קינדער שלאָגן זיך נישט אין צווייטן חדר און ער דאַרף נישט לויפן אין פאַבריק און אין קאָפּ זשומעט נישט אַזוי שרעקלעך ווי פריער. און אונטן אין קיך הערן זיך די טריט פון דער פרוי, וועלכע וועקט אין אים אַזויפיל האָפענונג אויף בעסערע טעג. זי מוז איצט צוגרייטן פאַר אים פרישטיק און באַלד וועט זי צוקומען צו זיין טיר און אים אַ רוף טאָן. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און איז געלעגן און געוואַרט.

אַביסל שפּעטער, ווען קיילין איז אַראָפּ אונטן, האָט אים לאה דערציילט, אַז איר מאַן איז נאָך גאַנץ פרי אַוועקגעפאָרן אין שטעטל, וואָס ליגט דאָ נישט ווייט אין טאָל. מען האָט אים איבערגעגעבן, אַז אימיצער איז עפּעס אַהין געקומען פון ניו־יאָרק און וויל קויפן זייער פאַרם. דערצו האָט זי צוגעגעבן, אַז זיי זענען שוין פון לאַנג גרייט צו פאַרקויפן אַלץ, ווען מען וועט זיי נאָר געבן אַ גוטן פרייז.

און דערנאָך האָט זי אים געפרעגט, ווי ער פילט זיך און צי האָט ער גוט געשלאָפן. איז אים נישט געווען קאַלט? זי האָט די גאַנצע נאַכט אַן אויג נישט צוגעמאַכט און געטראַכט און געטראַכט. אַזעלכע מאָדנע געדאַנקען. זי וועט אים אַמאָל דערציילן וועגן דעם, און ווידער, אַז אויב מען וועט זיי געבן דעם ריכטיקן פרייז, וועלן זיי די פאַרם פאַרקויפן.

קיילין האָט באַמערקט, אַז ער האָט אויך אין זינען צו קויפן אַ הויז אין די בערג, נאָר וועגן דעם וועט מען נאָך שמועסן, ווען שאַפּיראָ וועט זיך אומקערן פון שטעטל.

ער האָט ווידער געטראַכט, אַז מען דאַרף האַנדלען פאָרזיכטיק, אַפילו מיט אייגענע, און, אויב עס וועט זיין מעגלעך, מאַכן, אַז לאה זאָל פאַרבלייבן ערגעץ דאָ נאָענט נעבן אים, ווייל זי האָט געקאָנט ברענגען פיל פרייד זיינע אומעטיקע טעג, ווען ער וועט זי

אָפּט זען, הערן איר קול. עס וועלן קומען לאַנגע, פינסטערע, ווינ־טערדיקע אָוונטן, ער וועט זיין קראַנק און צעבראָכן, וועט זי אפשר זיצן אין זיין הויז מיט אים ביי איין טיש, שטיל עפּעס נייען און רואיק דערציילן אַלערליי זאַכן, וואָס זי האָט אַמאָל געהערט און ווייס פון איצט.

ער האָט געפרעגט ביי לאַהן, וואָס קלערן זיי צו טאָן, ווען די פאַרם וועט זיין פאַרקויפט. זי האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכט, אַ זשמורע געטאָן מיט די שוואַרצע אויגן אירע און געענטפערט, אַז שאַפּיראָ וויל שוין פון לאַנג עפּענען אַ גרויסע קלייט אין שטעטל. ער איז זייער אַן אומרואיקער, איר מאַן. דאָס לעבן אויף אַ פאַרם איז פאַר אים אַ פּלאָגעניש. זוכט אַלץ נייע געשעפטן און קאָן אַ טאָג נישט בלייבן שטיל. זי, פאַרקערט, האָט ליב דאָס פאַרמער־לעבן, ווייל נאָך אַלס אַ קינד פלעגט זי אָפּט גאַנצע זומערן פאַר־ברענגען ביי איר מאַמען אין אַ רוסישן דאָרף און גיין מיט די שיק־סעס אין פעלד אַרבעטן.

זי האָט אים דערלאַנגט פרישטיק און זיך נאָך מער צערעדט, דערציילט, ווי אַזוי זיי זענען געקומען אַהער אין די בערג אַן געלט און שאַפּיראָ איז געווען זייער קראַנק. זי האָט צוערשט אַ זומער שווער געאַרבעט אין אַ „באָרדינג הויז" און דערנאָך אַ גאַנצן ווינ־טער געוווינט אין אַ פוסטן האָטעל און געליטן פון קעלט, איינזאַמ־קייט און נויט, און ערשט מיט דריי יאָר צוריק האָבן זיי זיך דער־שלאָגן צו עפּעס און געוואָרן אַליין באַלעבאַטים.

ווען די מענטשן, וואָס האָבן זיי, לויט איר מיינונג, געשטערט זיך אַרויפצואַרבעטן, האָט זי גערעדט מיט אַ ביטערקייט און כעס און איר פּנים האָט זיך צעפלאַמט פון אויפרעגונג. קיילין האָט אויף איר געקוקט און געטראַכט, אַז די פרוי קאָן האַסן און מיז האָבן אַן איינגעשפאַרטן כאַראַקטער. זי האָט עס צום סוף דער־פילט און מיט אַ מילדן טאָן גענומען אים ווידער פרעגן, ווי קלערט ער צו פאַרברענגען דעם טאָג און אפשר וועלן זיי פאַרנאַכט אַלע אַביסל אַרויספאָרן מיטן שליטן.

מיטאָג־צייט האָט זיך שאַפּיראָ אומגעקערט פון שטעטל מיט נאָך אַ מאַן, אַ הויכן, אַ דאַרן, אין גאָלדענע שפּאַקולן. דאָס איז געווען דער ייִד, וואָס האָט געזאָלט קויפן די פאַרם. ער האָט זיך גע־האַלטן מאָדנע און גערעדט ווייניק, איז אַלץ אַרומגעגאַנגען איבער

די צימערן און זיי באַטראַכט און אין דער צייט איז שאַפּיראָ נישט אָפּגעטרעטן פון קיילינען און געהאַלטן אים אין איין דערקלערן, אַז ווען מען קויפט אַ פּאַרם דורך די אַגענטן, ווערט מען פּשוט אומגליקלעך, ווייל אַלע זענען זיי דאָ רוצחים און דער מאַן, וואָס איז געקומען צו אים, ווייס עס, און דערביי האָט שאַפּיראָ פאַרביי־גייענדיק באַמערקט, אַז אים, קיילינען, וואָלט ער די פאַרם פאַרקויפט פאַר דאָסזעלבע געלט, וואָס זי האָט אים געקאָסט, כאָטש ער האָט אַריינגעפירט וואַסער אין הויז און נאָך פיל זאַכן אויסגעבעסערט.

און לאה, שמייכלענדיק צו קיילינען, האָט אויך געזאָגט, אַז זי וואָלט געווען גליקלעך, ווען די פאַרם פאַלט־אַריין אין אייגענע הענט.

נאָך מיטאָג איז געקומען שאַפּיראָס אַרבעטער, אַ הויכער, שטאַרקער גוי מיט אַ אידיאָטישן אויסדרוק אויפן רויטן פּנים און גרויסע גראָבע ליפּן, אויף וועלכע עס האָט שטענדיק געטאַנצט די נאַרישקייט. מען איז אַרוים באַקוקן די פאַרם.

אין דרויסן איז געשטאַנען אַ טרוקענער פראָסט. דער שניי, באַשפּריצט ווי מיט דימאַנטן, האָט געפינקלט אַקעגן דער זון. די לופט איז געווען ווי אָנגעפילט מיט ווייטע קלינגענדיקע טענער. שאַ־פּיראָ מיטן גוי זענען געגאַנגען פאָראויס; קיילין, לאה און דער מאַן אין די שפּאַקולן — נאָך זיי. קיילין האָט געקוקט אויף שאַפּי־ראָס אומרואיקע באַוועגונגען און געטראַכט, אַז לאה איז גערעכט. ער האָט נישט גענוג אויסגעהאַלטנקייט, איז נישט געלאַסן און וועט דעם מאַן די פאַרם נישט פאַרקויפן. יענער איז זייער רואיק און באַטראַכט אַלץ מיט זיינע קאַלטע, בייזע בליקן.

מען איז צו צום שטאַל. דער גוי האָט געעפנט די טירן און אַרויסגעפירט אַ פּאָר ווייסע פערד מיט גראָבע, באַוואַקסענע, שמו־ציקע פּיס. איינס איז געווען נאָך אַ יונגס, נאָר מיט אַ בלינדע בעלמע אויפן אויג. דאָס צווייטע אַן אַלטס, אַן אויסגעדאַרטס מיט אַ גרויסער וווּנד אויפן בויך.

— „העי באָיעס" — האָט שאַפּיראָ אַ זאָג געטאָן און גענו־מען גלעטן דאָס פערד מיט דעם בלינדן בעלמע־אויג. — אַ פּאָר אָדלערס. איר האָט נישט געזען, מיסטער, — האָט ער זיך געווענ־דעט צום מאַן אין די שפּאַקולן, — ווי זיי לויפן מיט אַ פולן וואָגן באַרג־אַרויף, פּשוט אַ פאַרגעניגן צו קוקן, פלינק אַזוי ווי אַ ווינט.

דערנאָך האָט מען אַרומגעקוקט די קי. איניקע פון זיי האָבן אין פרילינג זיך געדאַרפט קעלבן, האָט אויפמערקזאַם געמאַכט שאַפּיראָ, און מען איז אַוועק צום שייער און ,,טשיקען־קופּ'', ווו עס האָבן זיך געפונען אַ פּאָר הונדערט הינער פון אַלערליי קאָלירן: ווייסע, ברוינע, שוואַרצע און פון שטויב־קאָליר מיט טונקעלע פּינטעלעך. אַביסל שפּעטער איז מען אַרויס פון טויער זען דעם באָדן אַרום. שאַפּיראָ האָט נאָך אַלץ גערעדט וועגן די הינער און דערוויזן, אַז פון זיי אַליין קאָן מען מאַכן אַ גוט לעבן. דער וועג איז געגאַנגען אויף אַראָפּ. פון איין זייט באַרג־אַרויף האָט זיך געצויגן אַ פרייער פּלאַץ, וווּ מען האָט פּאַרזייט אַלע יאָר האָבער, און פון דער אַנדערער זייט ביי דעם הויז האָט זיך געצויגן אַ זייער גרויס פּלאַך גרוב, דאָ און דאָרט פאַרוואַקסן מיט קליינע, יונגע בוימלעך און געדיכטע קוסטעס.

שאַפּיראָ האָט דערקלערט, אַז דאָס איז אַ קוואַל, אַ ,,ספּרינג'', און דאָ פּאַשען זיך זיינע קי אַ גאַנצן זומער און אָסיען, ווייל די גראָזן און בלומען וואַקסן דאָ הויך און זענען זאַפטיק און געשמאַק. און דאָרטן, ווייטער אַביסל, איז אַ טייכל און כּל מיני פישן געפינען זיך אין אים, אַזוי ווי אין אַ ים. מיט איין וואָרט, גאָטס ברכה איז אַרום און אַלץ וואַקסט און בליט און פאַרכאַפּט דאָס אויג.

לאה האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, נאָר אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר ווערטער, ווען שאַפּיראָ פלעגט עפּעס פאַרגעסן. זי האָט זיך געהאַלטן נעבן אָנקל און אַלע ווילע געשאָנקען אים אַ ליבן שמייכל. און קיילין האָט אין האַרצן שוין געהאַט באַשלאָסן צו קויפן די פאַרם. ער האָט געוואַרט, וואָס וועט זאָגן דער מאַן אין די גאָלדענע שפּאַקולן און וואָס פאַר אַ פרייז ער וועט פאַרלייגן. נאָר יענער האָט אַלץ רואיק אויסגעהערט און צו ענדע הויך געזאָגט צו שאַפּיראָן, אַז אַ בעסערן פּלאַץ פאַר זיך האָט ער גאָרנישט געזוכט. די פאַרם ליגט וווּנדערבאַר־שיין און נאָך די טעג וועט ער קומען אַהער מיט זיין פרוי און דאַן וועלן זיי די זאַך פאַרענדיקן.

— אָל ראַיט, אָל ראַיט, איר וועט דאָ רייך ווערן, — האָט אונטערגעכאַפּט שאַפּיראָ, — איך זע, אַז איר פאַרשטייט אין די ביזנעס.

זיי האָבן זיך אַריינגעזעצט אין שליטן און אַוועקגעפאָרן צוריק אין שטעטל אַריין, וואָס ליגט אין טאָל.

קיילין מיט לאהן האָבן זיך אומגעקערט אין הויז.

— ער וועט היינט אַזוי פרי נישט קומען אהיים, — האָט זי אַ שעפּטשע געטאָן ווי צו זיך און געוואָרפן אַ לאַנגן און מאָד־נעם בליק אויף קיילינען.

דערנאָך האָט זי געזאָגט:

—אָנקל, איר ווילט זיך אפשר צולייגן? איר זעט אויס צו זיין אַזוי מיד.

קיילין איז אַריין אין צווייטן צימער און זיך צוגעשפּאַרט אויף אַ ווייכער קאַנאַפּקע, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל. לאה האָט אים געבראַכט אַ קישן, אונטערגעלייגט אונטערן קאָפּ און איז שטיל אַרויס, לאָזנדיק די טיר האַלב־אָפן.

ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און געוואָלט איינשלאָפן, נאָר אין קאָפּ זענען אָנגעלאָפן אומרואיקע געדאַנקען. וואָס זאָל ער איצט טאָן: קויפן די פאַרם, אָדער נישט? אַלץ פּאַסירט מיט אַמאָל. יע־נער מאַן קאָן עס צונעמען. און פאַרוואָס פאַרלאָזן זיי דאָס הויז, אויב מען קאָן דאָ מאַכן אַלערליי גוטע געשעפטן? נאָר לאה וועט דאָך אים נישט אָפּנאַרן. זי איז אַזוי האַרציק צו אים. און אפשר פאַרדריסט איר טאַקע, וואָס זי איז דאַן אַזוי קאַלט געווען צו אים?

וואָלט ער איצט געזונט געווען, וואָלט ער נישט געשטיקט זיינע געפילן צו איר. אָט הערט ער, ווי זי גייט אַרום איבערן קיך און זינגט עפּעס אַ ווייט און נאָנט ליד, וועלכעס ער האָט נאָך גע־הערט אַלס קינד, ווען זיין מאַמע פלעגט אים לייגן שלאָפן אין די ווינטערדיקע אָוונטן, דאָרט אין דער אַלטער היים. און איצט ווי־דערהאָלט עס לאה מיטן זעלבן טאָן און בענקשאַפט. ער הערט די ווערטער:

„צווישן אונז ביידע רוישט אַ גרויסער טייך,

עס רוישט און רוישט און קאָן נישט בלייבן שטיין".

אירע טריט זענען ווייכע, ווי זי וואָלט אַרומגעגאַנגען אין אַ ווייטן צימער, אין דער הויך, עפּעס געזוכט און שטיל געזונגען. און קיילין טראַכט: פריער, ווען זי איז אַ מיידל געווען, פלעגט זי אַ מינוט נישט איינזיצן אין הויז, און ער, אַן אַלמן, פלעגט אַלע אָוונט וואַרטן אויף איר, און איצט איז זי אַ גוטע מוטער און אַ באַלעבאָסטע. נאָר צו וואָס ווילן זיי פאַרקויפן די פאַרם? ער וועט נאָך אַלץ גוט באַטראַכטן. ער וועט זען. ער וועט אויסגעפינען אַלע

איינצלהייטן. און ער ליגט אַזוי אין אַ האַלב־שלאָף מיט פאַרמאַכטע אויגן און אים איז מאָדנע גוט. ער האָט שוין לאַנג אַזוי נישט גערוט. אין קאָפּ זשומעט נישט און אַרום און אַרום איז שטיל און אין דרויסן ציען זיך פעלדער און בערג, ווייסע פון שניי, און די מוראדיק־גרויסע, טומלדיקע שטאָט איז אַזוי ווייט פונדאַנען.

ווען קיילין האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז אין צימער געווען פינסטער, נאָר אַ פּאַס ליכט האָט זיך אַריינגעריסן פון דער אַביסל־אָפּענער טיר פון קיך. הינטער די פענסטער האָט אימיצער געוויינט און זיך פאַרגאַנגען אין וויי. דאָס האָט זיך אין דרויסן אָנגעהויבן אַ שניי־זאַווערוכע, וואָס איז אָנגעלאָפן מיט אַמאָל פאַרנאַכט. קיילין איז אויפגעשטאַנען און אַריין אין קיך. לאה איז געזעסן בײַם טיש און עפּעס גענייט. איר פּנים האָט אויסגעקוקט דערשראָקן און פאַרזאָרגט.

זי האָט צו אים בלאַס אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— ווידער אַ זאַווערוכע. דאָס איז שוין די צווייטע די וואָך, און איך האָב אַביסל מורא פאַרן ווינט. איך זיץ און וואַרט אויף מיין מאַן. ווער ווייס, צי ער וועט זיך קאָנען אומקערן אין אַזאַ וועטער. איר הערט, וואָס עס טוט זיך אין דרויסן?

זי האָט עס אַרויסגערעדט ווי אַ קליין מיידעלע, וואָס ציטערט פאַר שרעק.

קיילין האָט זיך געזעצט נעבן לאהן. דערבײַ האָט איר קליין מיידעלע זיך געשפּילט מיט אַ שוואַרצע קאַץ מיט ברענענדיקע, גרינע אויגן. ער האָט עפּעס באַמערקט דעם קינד און געזאָגט לאהן, אַז ער האָט זיך גוט אויסגערוט גאַנצע פיר שעה און וועט שוין די נאַכט נישט קאָנען איינשלאָפן. זי האָט אים ווידער דערמאָנט, אַז שאַפּיראָ וועט אַפּנים נישט קומען נעכטיקן. די פּאָר ווערטער האָבן דערוועקט אין אים אַ פאַרבאַהאַלטענע פרייד און אַ אומרואיק תאווה־געפיל. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי שאַפּיראָ פאָרט צוריק, האָט פאַרלאָרן דעם וועג, די פערד זענען אַריין אין אַ גרוב און געבליבן שטיין און די זאַווערוכע טראָגט אָן קופּעס שניי און פאַרשיט אים און אין דער פרי געפינט מען אים אַ פאַרפראָרענעם.

קיילין האָט אויפגעציטערט און דערנאָך אַ פּאָר מינוט פאַר־

טראַכט געקוקט, ווי לאה זיצט מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן, רעדט עפּעס צום קינד און נייט.

---

שפּעט אין אָוונט, ווען דאָס מיידעלע איז שוין פון לאַנג געשלאָפן, אַלע טירן און לאָדנס זענען געווען פאַרמאַכט און קיילין מיט לאהן זענען געזעסן ביים אויוון, האָט זיך די זאַוויערוכע צעשפּילט מיט אַזאַ געיאָמער און געוויין, ווי ערגעץ אין וויטן מזרח וואָלט פּלוצים געשטאָרבן אַ מלך און טויזנטער קלאָגערקעס וואָלטן זיך צוזאַמענגעקליבן אַרום זיין פּאַלאַץ און גענומען אים באַוויינען און געדרייט מיט רויטע טיכלעך פאַר די אויגן און פאַרגאַנגען אין ווי און אומעט. לאה איז געווען אומרואיק, וואָס איר מאַן האָט זיך אַזוי שפּעט נאָך נישט אומגעקערט אַהיים, כאָטש דאָס שטעטל איז געלעגן נישט וויט פון דער פאַרם. אַלע ווילע פלעגט זי זיך מיט אַמאָל נעמען צוהערן צום געוויין פון ווינט און זאָגן, אַז איר דאַכט זיך, אימיצער פאָרט און דאָס מוז זיין שאַפּיראָ. זי הערט, ווי גלעקלעך קלינגען און געשרייען דערטראָגן זיך צו איר. און דערנאָך אומבאַמערקט זיך ווידער טוליען צום אָנקל און דערציילן וועגן איר לעבן: מיט שאַפּיראָן פילט זי זיך עפּעס איינזאַם און ווי פאַרלאָזן און ווייס אַליין נישט פאַרוואָס, ווי די טעג אירע וואָלטן געווען שווערע און פאַרצאָרנטע און אָן אַ טראָפּן גליק.

קיילין האָט זי געוואָלט טרייסטן, אַז אָט זיין לעבן איז אויך פאַרביטערט, נאָר האָט נישט געהאַט קיין ווערטער און אים איז שווער געווען צו רעדן, ווי טרערן וואָלטן אים געשטיקט אין האַלז. און לאה איז אומבאַמערקט ווידער אַריבער וועגן דער פאַרם. זי האָט אויסגעדריקט אַ פאַרדראָס, פאַרוואָס איז ער פריער נישט געקומען אַהער, ער וואָלט שוין פון לאַנג געזונט געוואָרן. נאָר זאָל ער איצט אָפּקויפן די פאַרם און זי וועט בלייבן דאָ אין דער קליינער הייזקע, וואָס שטייט נעבן אַלטן בוים און עס וועט זיין אַלעמען פריילעכער. און ווידער פלעגט זי זיך איינהערן און זאָגן, אַז זי הערט אַ קלאַנג פון גלעקעלעך און דאָס מוז פאָרן איר מאַן.

קיילין פלעגט זיך אויך נישט ווילנדיק נעמען צוהערן און פון זשומען אין קאָפּ נישט קאָנען פאַרשטיין, וואָס דאָ קומט פאָר. מינוטנווייז פלעגט ער זיך דערמאָנען, אַז אין ניו־יאָרק האָט ער אַ דיקע, קאַסאָקע פרוי מיט אַ קראַנק האַרץ. זיין הויזן־פאַבריק האָט

ער נאָך נישט פֿאַרקויפֿט און זיין ליבלעכער ברודער סטאַרעט עס זיך ביי אים אַרויסצוריסן פֿאַר גאָרנישט, און זיין עלטערער זון וואַקסט אַ הולטיי און וועט ענדלעך ווערן אַ פֿאַרברעכער, און ער איז געקומען אַהער אָנהויבן אַ ניי לעבן און ווערן אַ פֿאַרמער, האָט ער ווידער געטראָפֿן לאהן; און איצט רעדט זי צו אים אַזוי פֿריינטלעך.

— לאה, — האָט ער ענדלעך שווער אַרויסגערעדט און צוזאַמענגעדריקט דעם קאָפּ מיט ביידע הענט, — עס וועט זיין אַזוי, ווי דו ווילסט. איך קויף אָפּ די פֿאַרם, אָבער זע, דיין מאַן זאָל מיך נישט אָפּנאַרן. איך האָב שווער געאַרבעט אויף מיין געלט. יאָרן־לאַנג האָב איך פֿון קיין רו נישט געוווּסט, אַזוי ווי אַ קאַטאָרזשניק, און אַלע ווײַלע פֿלעגט קומען אַ נייע צרה. דאָ איז דאָס ווייב געשטאָרבן, דאָ אַ קינד, דאָ פֿלעג איך בלייבן אָן אַרבעט און זוכן אַ נייעם פּלאַץ. וואָס האָב איך שוין נישט געטאָן אין מיין לעבן: געווען אַ קצב, פֿאַרקויפֿט קוילן און פֿאַרשוואַרצט געוואָרן, געמאַכט קעז, געפּעדלט, אַ קאָנדוקטאָר אויף אַ טריין. אַלץ, אַלץ, כּל עבֿודת פּרך, אַבי צו מאַכן אַ לעבן און אַרויסדראַפּען זיך פֿון נויט. איצט בין איך אויך קראַנק און מוז בלייבן אין די בערג. דאָס גוטע יאָר וויים זיי, די דאָקטוירים. איינער זאָגט: עפּעס אויפֿן לעבער; דער אַנדערער — די נערוון. נאָר ווי עס זאָל נישט זיין, איך דאַרף האָבן רו. הערסט לאה, איך קויף די פֿאַרם.

לאה האָט אַרויפֿגעלייגט אירע הענט אויף זיינע פּלייצעס. — ליבער אָנקל, — האָט זי געזאָגט און צו אים געשמייכלט, — איר וועט דאָ געזונט ווערן. איר וועט דאָ גליקלעך זיין.

ער האָט זי אַרומגענומען און אַ קוש געטאָן אין קאָפּ.

שפּעט ביינאַכט האָט דער שלאָפֿלאָזער קיילין געהערט, ווי דער אַלטער פֿרינץ האָט זיך צעבילט און באַלד האָט אימיצער דריי מאָל אָנגעקלאַפּט אין פֿענסטער. דאָס איז געקומען שאַפּיראָ, און לאה איז אַרויס אים עפֿענען די טיר. זי האָט פֿאַרוווּנדערט עפּעס אויסגעשריגן און דערנאָך איז געוואָרן שטיל און נאָר די זאַוויערוכע האָט נאָך אַלץ געיאָמערט אין די בערג און דערמאָנט אָן טויזנטער קלאָגערקעס, וועלכע האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן צו באַוויינען אַ מלך, וואָס איז פּלוצים געשטאָרבן ערגעץ אין וויטן מזרח.

אין יענער נאַכט האָט קיילין באַשלאָסן אָפּצוקויפן שאַפּיראָס פֿאַרם. דאָס איז אים נישט אָנגעקומען גרינג. ער האָט אָן אויג נישט געקאָנט צומאַכן און אַלץ געטראַכט און געטראַכט, וואָס צו טאָן. לאהס פריינטלעכע בליקן האָבן אים געמאַכט אומרואיק און אָנגעפילט זיין האַרץ מיט עפּעס אַ זיס געפיל, און אַזוי איז ער געלעגן און אַלערליי געדאַנקען האָבן זיך געפּלאָנטערט אין זיין קאָפּ. וואָס פאַר אַ פרוי איז לאה? איז זי טאַקע אַזוי צוגעלאָזן צו אים אַזוי אויף אַן אמת? און וועט זי בלייבן וווינען אין הייזקע ביים בוים, ווי זי האָט צוגעזאָגט? וועט עס שאַפּיראָ דערלאָזן? און זיין קראַנקע, דיקע, קאַסאָקע פרוי איז אים געקומען אויפן זינען.

די שניי - זאַוויערוכע האָט זיך שוין איינגעשטילט און די לבנה האָט אַריינגעקוקט אין די פאַרפראָרענע פענסטער און באַזילבערט די פאַנטאַסטישע קווייטן אויף די שויבן. אויפן הויף האָט געקרייט אַ האָן, און ערשט ווען די ווינטער - נאַכט האָט גענומען שטיל אויסגיין, איז קיילין איינגעשלאָפן מיט אַ שווערן אומרואיקן שלאָף.

לאה האָט אים אין דער פרי באַגעגנט מיט אַ האַרציקן „גוט־מאָרגן" און שאַפּיראָ האָט גלייך אָנגעהויבן צו דערציילן, ווי דער שטורעם האָט אים נעכטן פאַרהאַלטן אין שטעטל און אַז דער מאַן, וואָס איז געוועזן דאָ אָנקוקן די פאַרם, איז באַגייסטערט פאַר דעם פּלאַץ און פּלאַנט דאָ צו בויען אַ נייעם גרויסן האָטעל. ער וועט עס זיכער טאָן. און דערנאָך האָט ער געבעטן אַנטשולדיקן, וואָס ער האָט אין מיטן דער נאַכט אים געשטערט שלאָפן מיט זיין קלאַפּן אין פענסטער.

קיילין האָט זיך פאַרלאָרן און געזאָגט:

— שאַפּיראָ, די פאַרם קויף איך ביי אייך אָפּ. מיר וועלן נאָר דאַרפן דורכקומען מיטן פּרייז. צוליב דעם בין איך טאַקע געקומען אַהער. מיר וועלן באַלד זיך דורכשמועסן.

— הער אַ געשיכטע, — האָט אַזש אַ צאַפּל געטאָן פון פרייד שאַפּיראָ, — איר ווילט, פעטער, ווערן אַ פאַרמער?

ער האָט גענומען רייבן די הענט און אַרומגיין איבערן צימער, רעדנדיק צו זיך:

— מיר ווען זיך דורכשמועסן. ווי דען? אַ קלייניקייט אַזאַ פּאַרם. מען קאָן דאָ מאַכן אַ פּלאַץ פאַר הוליאַנקעס, טענץ און געזאַנג, און די יוגנט פון דער גאַנצער געגנט וועט זיך אַלע אָוונט צוזאַמענקלייבן אַהער. אַנקל קיילין, אין דריי יאָר אַרום קריגט איר פאַר דאָס הויז פינף מאָל אַזויפיל, וויפל איר וועט באַצאָלן. עך, אַרום דער קאַסינאָ, וואָס איר וועט אויפבויען, ווען ברענען גירלאַנדן, עלעקטרישע לעמפּלעך און אַ גוטער אָרקעסטער וועט שפּילן. איר וועט עס נאָך אָנקוקן.

שאַפּיראָ האָט נישט געהערט, וואָס ער רעדט.

מען האָט אַ פּאָר שעה גערעדט וועגן פּרייז: קיילין האָט זיך שטאַרק געדונגען. לאַה האָט געטאָן איר אַרבעט ביים אויוון און געשווייגן. נאָר פון צייט־צו־צייט, ווען קיילין פלעגט זיך אין עפּעס איינשפּאַרן, פלעגט זי אַ וואָרף טאָן אויף אים איר ליבן פריינטלעכן בליק, וואָס האָט אים אַזוי געלאַשטשעט און געמאַכט אומרואיק.

ווען מען איז ענדלעך דורכגעקומען, האָט זיך באַוויזן דער גרויסער גוי, אויף וועמעס פּנים עס האָט שטענדיק געטאַנצט די נאַרישקייט, און שאַפּיראָ האָט אים געהייסן איינשפּאַנען די פערד אין שליטן און מען איז געפאָרן אין שטעטל אַריין צום לאָיער אונטערשרייבן די נויטיקע פּאַפּירן. די פערד זענען געלאָפן באַרג־אַראָפּ, פריילעך פלאַפּלענדיק מיט די גלעקלעך, אַז דער באַלעבאָס זייערער האָט געמאַכט אַ גוט געשעפט און איז ענדלעך פּטור געוואָרן פון זיין פאַרם, וואָס ליגט אין אַ נידעריקן, נאַסן פּלאַץ.

אין אַ וואָך אַרום האָט זיך קיילין אומגעקערט אַהיים. עס האָט געדויערט אייניקע טעג ביז דער לאָיער האָט דורכגעקוקט אַלע פּאַפּירן און די פאַרם איז איבערגעגאַנגען צו קיילינען. מער פון אַ העלפט געלט האָט ער איינגעצאָלט אויפן פּלאַץ. ווען ער האָט שאַפּיראָן אונטערגעשריבן דעם טשעק אויף זעקס טויזנט דאָלאַר, האָבן ביי אים געציטערט די הענט און אין קאָפּ האָט אַזוי געזשומעט, אַז ער האָט נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך אַרום אים. אין ערשט שפּעטער אין וואַגאָן, פאָרנדיק קיין ניו־יאָרק, האָט ער זיך דערמאָנט, ווי דער יונגער לאָיער האָט צו אים זיס גערעדט און פאַרזיכערט, אַז ער איז פאַראינטערעסירט, קיילין זאָל מאַכן אַ גוט געשעפט, און שאַפּיראָס עדות, צוויי יידן פון טאָל, זענען געשטאַנען אָן אַ זייט און אַ מאָדנער שמייכל האָט גערוט אויף זייערע

פּנימער, און ווי מען האָט דערנאָך פאַרבראַכט אַ גאַנצן אָוונט ביים שוחט פון שטעטל, געטרונקען, גערעדט וועגן נייע „באַרדינג הייזער" און זייערע באַלעבאַטים און וועגן דעם, אַז די שנאה פון די אַרומיקע גויאישע פאַרמער ווערט אַלץ שאַרפער צום ייד און אַז מען דאַרף זיי אַלעמען אַרויסשטופּן און אויפבויען גרויסע שולן און בתּי־מדרשים אויף די בערג. איין פאַרמער מיט אַ רויטער, געדיכטער באָרד האָט זיך צעזונגען מיט אַ נגון פון יום־כּפּור, איז אַריין אין עקסטאַז און האָט געגעבן אַ נדר, אַז אויב דער קומענדיקער סעזאָן וועט זיין אַ גוטער, שענקט ער אַוועק אַ בהמה פאַר דער תּלמוד־תּורה פון שטעטל.

אין ניו־יאָרק איז קיילינען אויסגעקומען צו פאַרבלייבן איייניקע וואָכן ביז ער האָט זיך באַפרייט פון זיין הויזן־פאַבריק. פאַר דער צייט האָט ער געהאַט פיל עגמת נפש און איז אָפט גאַנצענע טעג געלעגן קראַנק. די פאַבריק האָט איבערגענומען זיין ברודער, וועלכער האָט מיט אים געהאַנדלט ווי אַ פרעמדער, צוליב וואָס זיי האָבן זיך צום סוף צעקריגט. דער עלטערער זון זיינער האָט זיך אַנטזאָגט צו פאָרן אויף דער פאַרם און די איבעריקע צוויי קינדער פלעגן זיך האַלטן אין איין קריגן זיך און שילטן זיך מיט דער שטיף־מוטער און זי פלעגט כּמעט אַלע טאָג פאַלן אין חלשות, אָדער וויינען דורך די נעכט, אַז זיינע קינדער באַליידיקן זי און שלאָגן און ער שווייגט. און דערצו דאָס שרעקלעכע זשומען אין קאָפּ, דער טעמפּער קלאַנג אין די אויערן און די דערינערונגען וועגן לאהן פלעגן אים אָפט פאַרפאָלגן און אָנצינדן מיט תּאווה זיין בלוט.

אַ פּאָר טעג פאַרן פאַרלאָזן די שטאָט, שוין ענדע ווינטער, האָט ער דערהאַלטן אַ בריוו פון שאַפּיראָן: ער זאָל קומען וואָס גיכער, ווייל זיי האָבן געדונגען אַ גרויסע קלייט אין שטעטל און מוזן פאַרלאָזן די פאַרם. און פון לאהן איז קיין וואָרט נישט געווען.

קיילין האָט עטלעכע מאָל איבערגעלייענט דעם בריוו, האָט פאַרביסן זיינע בלאַסע ליפּן און איז אַ ווײַלע געזעסן פאַרטראַכט, און אין האַרצן האָט ווידער אָנגעפאַנגען נאָגן, אַז ער האָט איבערגעצאָלט פאַר די פאַרם, און שאַפּיראָ האָט אים אָפּגענאַרט, פאַרטומלט מיט רייד. און דאָס ערשטע מאָל איז דורכגעפלויגן אַ געדאַנק אין זיין מוח, אַז לאה האָט פון דעם געוווּסט, און אַ פאַר־

דראָס און אַ ווייטאָק האָט צוזאַמענגעדריקט זיין האַרץ. ער האָט זיך אויפגעהויבן און שטיל געזאָגט צו זיין פרוי:

— אסתר, אין אַ וואָך אַרום פאָרן מיר אַרויס און ווערן פאַר־מער. און דו, טאָכטער מיינע, — האָט ער זיך געווענדעט צו זיין זעכצן־יאָריק מיידל, — קלייב זיך אויך אין וועג אַריין. געניג זיך צו לערנען. וועסט ווערן אַ פאַרמערקע און העלפן דער מאַמען מעלקן די קי און פירן די באַלעבאַטישקייט. איך בין קראַנק, מיין קינד, זייער קראַנק.

מען האָט זיך גענומען פאַקן און אין דער באַשטימטער שעה איז מען אַרויסגעפאָרן פון ניו־יאָרק. און ווען זיי זענען אָנגעקו־מען אין די בערג, איז געווען כמאַרנע און קאַלט. אויף דער סטאַציע האָט זיי קיינער נישט באַגעגנט, כאָטש שאַפּיראָ האָט געוווסט, אַז קיילין מיט זיין פאַמיליע דאַרף אין דער צייט אָנקומען. זיי זענען צוגעפאָרן צום הויז. ביים טויער האָט פרינץ געבילט און נאָך אַ קליין הינטעלע מיט אַ מאָדנעם קראַנקן אויסזען האָט גענומען וואָיען און זיך אַ וואָרף געטאָן די פערד אונטער די פיס.

אויף דער פאַרם, אַחוץ דעם גרויסן גוי, וואָס פלעגט אַרבעטן ביי שאַפּיראָן, איז קיינער נישט געווען. ער האָט זיך באַוויזן פון שטאַל קיילינען מיט זיין נאַרישן שמייכל און געזאָגט, אַז דער באַלעבאָס דאַרף באַלד אָנקומען פון שטעטל. זיי גייען טאָן גרויסע ביזנעס און האָבן זיך שוין כמעט איבערגעקליבן אַהין אין זייער נייער וווינונג.

קיילין איז שווייגנדיק דער ערשטער אַריין אין הויז. אַ טונקל פאַרגעפיל, אַז דאָ דערוואַרטן אים נייע ליידן, האָט צוזאַמענגע־דריקט זיין האַרץ. נאָר ער האָט זיך אַפילו נישט אָפּגערוט פון וועג און גלייך אָנגעפאַנגען צו באַלעבאַטעווען און איבערשטעלן די זאַכן. פרינץ האָט זיך געדרייט אַרום אים און געלעקט זיינע הענט.

דערנאָך זענען אָנגעקומען שאַפּיראָ מיט לאַהן. זי האָט אַלע־מען אַרומגענומען און געקושט. קיילין האָט ווידער אַ טראַכט גע־טאָן, אַז דאָס אַלץ איז פאַלשקייט. זי האָט האַרציק צו אים גע־רעדט, געפרעגט, ווי ער פילט זיך, און זיך אַנטשולדיקט, וואָס זי האָט נישט געקאָנט זיין ביים „סטיישאָן", ווייל איר מיידעלע איז פּלוצים קראַנק געוואָרן.

ער האָט זי די גאַנצע צייט געוואָלט פרעגן, פאַרוואָס פאַרלאָזן

זיי אַזוי גיך די פאַרם, נאָר אַלץ נישט געפונען קיין געלעגנהייט. און דערווייל איז דער אָוונט אונטערגעקומען און זיי האָבן געדאַרפט אַוועקפאָרן. לאה האָט צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן אָפט קומען אַהער די ערשטע צייט, זיי אַרויסצוהעלפן. קיילין האָט גאָרנישט געענטפערט און איז אַן אומעטיקער אַריין צוריק אין הויז.

ער האָט אָנגעצונדן אַ ליכט און איז אַוועק איבער אַלע צימערן, אַריינגעקוקט אין די ווינקלען, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט. באַמערקט, אַז די אָבאָיעס זענען איבעראַל אַלטע און צעריסענע, די בעטן צעבראָכענע און די סטעליע אין אַ סך פּלעצער פאַררויכערט און פאַרפלעקט. ווי אַזוי האָט ער עס פריער נישט באַמערקט? דערנאָך איז ער אַריין אין וווייטן זייטיקן חדר, וווּ ער האָט געשלאָפן די ערשטע פאָר נעכט. דאָרט איז כמעט אַלץ געבליבן ווי געווען. דאָסזעלבע גרויסע הילצערנע בעט איז געשטאַנען אין ווינקל, דיזעלבע בילדער אויף די ווענט: אידיליעס פון דאָרפישן לעבן אין אַלטע ראַמען. ער איז אַ ווײַלע געשטאַנען און געטראַכט, דערנאָך אַ רוף געטאָן זיין פרוי און איר געזאָגט, האַלטנדיק די ברענענדיקע ליכט אין דער הויך, פון וואָס מאָדנע שאָטנס זענען אַרומגעשפּרונגען איבער דער סטעליע:

— אסתּר, איך וויל, אַז דאָ זאָל זיין אונזער שלאָף־צימער.

— ווי דו ווילסט, — האָט אַ ברום געטאָן די דיקע קראַנקע פרוי און איז שווער אַרוים פון צימער.

זי האָט זיך געפילט אומהיימלעך און פאַרוואָרפן אין דעם גרויסן פוסטן הויז, און די אַרומיקע שטילקייט און פינסטערניש, צו וועלכער זי איז נאָך נישט געווען צוגעוווינט, האָבן זי געשראָקן מיט אַלערליי בייזע כּחות, ווי אַ קינד. נאָר זי האָט מורא געהאַט עפּעס צו זאָגן איר מאַן און האָט געשוויגן.

די ערשטע נאַכט האָט קיילין נישט צוגעמאַכט אַן אויג. ער האָט גענומען פאַרשטיין, אַז מען האָט אים אָפּגענאַרט און די פאַרם איז נישט ווערט דעם פּרייז, וואָס ער האָט פאַר איר באַצאָלט, און מער פון אַלץ האָט אים פאַרדראָסן, וואָס לאה האָט אַפנים פון אַלץ געוווּסט און געשוויגן. ער האָט געקרעכצט און זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער. און נעבן אים איז געלעגן אסתּר, ווי אַ שווערע מאַסע, מיט אַ בלווילעך פּנים און צו אָפן מויל מיט גראָבע ליפּן און האָט שטאַרק געכראָפּעט.

ווי נאָר עס איז ליכטיק געוואָרן האָט ער אויפגעוועקט זיין אכצן־יאָריקן זון סעם, האָט אָנגעטאָן גרויסע גומענע שטיוול, א ווארעם פעלצל און ביידע זענען ארויס נאָך אמאָל ארומקוקן די פארם. פרינץ איז זיי נאָכגעגאנגען, אונטערהינקענדיק אויף זיין צעבראָכענער לאַפּע מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ און פארטרערטע אויגן.

קיילין האָט גערעדט צו זיין זון ווייך, מיט א בעטנדיקן טאָן, און דאָס יינגל, וועלכעס איז תמיד געווען צוגעוווינט צו זידלע־רייען און שילטעריי, האָט מאָדנע אָנגעקוקט זיין פאָטער און גע־טראכט, אז ער מוז זיין קראַנק און וועט מסתמא אינגיכן שטאַרבן.

— דאָס איז אַלץ דיינס, מיין קינד, — האָט זיך געהערט אין דער פרימאָרגן־שטילקייט קיילינס קול, — דאָס הויז און די ערד ארום און ארום, ביז יענץ וועלדל. זיי נאָר א מענטש און העלף דעם טאַטן ארויס. איך בין קראַנק, עס זשומעט מיר אין קאָפּ, אז איך ווער אַזש משוגע. דער דאָקטאָר האָט געהייסן קומען אהער, אפשר וועל איך דאָ ווערן געזונט. אין פרילינג וועט אַלץ אויפבליען ארום, די קי וועלן זיך פאשען אין „ספּרינג" אָט דאָ אונטן. מיר וועלן פארזייען האָבער פאר די פערד און אלערליי גרינסן ביים פּלייט פאר די „באָרדערס". אָט אזוי איז עס, מיין זון! גענומען זיך פאר דער ארבעט און אויס שניידער. א פארמער און פארטיק! דיין טאַטע האָט נישט מורא פאר א שווערע מלאכה. ער האָט שוין אין זיין לעבן געטאָן כל עבודת פרך. דו דאַרפסט זיך נישט לערנען פון דיין עלטערן ברודער, ער איז א גאָרנישט, און אים וועל איך א סענט נישט לאָזן נאָך מיין טויט. זאָל ער הול־טייעווען.

קיילין האָט זיך אויפגערעגט און איז א ווײַלע געבליבן שטיין שווער אָטעמענדיק.

דאָס יינגל האָט דערשראָקן געקוקט אויפן פאָטער. ער האָט מורא געהאט, ער זאָל פּלוצים נישט אומפאלן און שטאַרבן. ווייל ער זעט ־ אויס געל און די אויגן זענען מוטנע און ווי אָן לעבן.

— אָל־רייט פאַ, איך וועל אַלץ טאָן, רייניקן דעם שטאַל און טרייבן די פערד. איך האָב א סך כּח.

ארום איז געווען שטיל, און נאָר ביי דער זייט פון וועג אויף א נאַקעטן בוים איז געשטאַנען א שווארצער פויגל און האָט גע־

קראַקעט, ווי אַ ראָב אין אָסיען־צייט. דאָ און דאָרט אויף די בערג האָבן זיך שוין געזען גרויסע, נאַסע, שוואַרצע פאַסן ערד. איינ־ציקע שנייעלעך זענען געפאַלן פון כמאַרנעם הימל.

זיי זענען נאָך אַ ווײַלע אַרומגעגאַנגען און זיך אומגעקערט אין הויז.

און עס האָבן זיך אַ צי געטאָן לאַנגע און אומעטיקע טעג. דער ווינטער האָט נישט געוואָלט אַוועקגיין און קיילין האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן און צו וואָס זיך נעמען פריער. ער האָט זיך נאָך נישט איינגעלעבט מיט די נייע פאַר אים אומשטענדן, און אָפט פלעגט מיט אַמאָל אויף אים אָנפאַלן אַן אומרו און ער פלעגט בענקען נאָכן טומל פון ניו־יאָרקער גאַסן, נאָך זייערע פילפאַרביקע קאָלירן און ליכטיקע פייערן, ווײַל די נעכט דאָ זענען געשטאַנען פינסטערע, ווי שוואַרצע ווענט וואָלטן זיך געצויגן ביז אין הימל אַריין אַרום זיין הויז.

אַ פאָר מאָל אין וואָך פלעגן קומען שאַפּיראָ מיט לאַהן. דאַן פלעגט אין הויז ווערן ווי ליכטיקער. זי מיט איר גאַנץ וועזן פלעגט אָנפילן קיילינס האַרץ מיט פרייד. ער האָט נישט געקאָנט זיין בייז אויף איר. אַלע שלעכטע געדאַנקען, אַז מען האָט אים אָפּגענאַרט און ער האָט איבערגעצאָלט פאַר דער פאַרם, פלעגן גלייך פאַר־שווינדן, ווי נאָר ער פלעגט זי דערזען. ער פלעגט אויפלעבן נעבן איר, פילן זיך שטאַרקער, יינגער, רעדן אַ סך און שאַפן נייע פּלע־נער, ווי אַזוי ער וועט איבערבויען דאָס הויז און מאַכן דאָ אַ פּלאַץ פאַר אַ גרויסן האָטעל.

— איר וועט נאָך זיין אָל־רייט, אָנקל, — פלעגט זי ליב שמייכלען, און ער פלעגט נישט וויסן, וואָס זי מיינט דערמיט.

ער האָט אַלץ געזוכט אַ מעגלעכקייט זיך צו דורכרעדן מיט איר אויג אויף אויג וועגן אַ סך זאַכן, וואָס האָבן אים געמאַטערט די לעצטע צייט, און ענדלעך איז די געלעגנהייט געקומען. אין דער פרי איז אויפגעגאַנגען די זון. מוטנע וואַסערן זענען געלאָפן פון די בערג און פריילעך גערוישט, אָנזאָגנדיק, אַז דער פרילינג קומט. קיילין איז געזעסן בײַם אַרײַנגאַנג פון הויז. ביי זיינע פיס איז גע־לעגן פרינץ און אַרום האָבן אַ פאָר צענדליק הינער געזוכט ווע־רעמלעך אין דער ווייכער, נאַסער ערד און געקוואָקעט פון פאַר־

געניגן, וואָס נאָכן לאַנגן ווינטער האָט מען זיי ענדלעך אַרויסגע־לאָזט אין דרויסן.

קיילין פלעגט אַלע ווײַלע וואַרפן אַ פּאַרטרויעמטן בליק אויפן בלויען, ריינעם הימל, אויף די בערג אַרום, און שטיל שמייכלען. די לעצטע וואָך האָט ער זיך געפילט גוט און געגומען גלויבן, אַז ער ווערט געזונט. ער האָט שוין אָנגעהויבן אַביסל צו אַרבעטן, אויסגערייניקט אַליין דעם שטאַל, פאַרקלאַפּט די לעכער אין שייער און אָנגעהאַקט האָלץ אויף אַ פּאָר וואָכן.

— קינדערלעך, עס גייט אויף אַ וועג, — פלעגט ער זאָגן צו זיין פאַמיליע, — די לופט האָט מיך געראַטעוועט.

און איצט איז ער געווען פול מיט האָפענונג אויף בעסערע טעג.

פּלוצים האָט ער דערהערט לאָהס קול און האָט אַזש אויפגע־ציטערט פון פרייד. די פרוי איז געגאַנגען פון שטעטל צו - פוס. ער איז אויפגעשטאַנען איר אַקעגן. דער אַלטער פאַרמער, וואָס איז געגאַנגען מיט איר און געריידט, איז זיך אַוועק ווייטער זיין וועג און זי האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים טויער. קיילין האָט זי באַגריסט. זי האָט אים אויסגעזען היינט באַזונדערס שיין און רייצנדיק. איר פול, רונד געזיכט איז געווען פריש און די אויגן האָבן געלויכטן מיט אַ שטילן, פאַרבאַהאַלטענעם חן. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ניי קלייד, וואָס האָט פעסט אַרומגענומען איר יונגן, עטוואָס פולן קערפּער.

זי האָט געפרעגט, ווי ער פילט זיך, און געזאָגט, אַז נאָך געכטן האָט זי זיך געקליבן אַהער, נאָר דאָס איינאָרדנען דאָס נייע קלייט נעמט צו אַזויפיל צייט און מי און זי איז פשוט געבליבן אָן כח.

— און איך האָב זיך אַזוי פאַרבענקט נאָך דיר, — האָט אַ שעפטשע געטאָן קיילין. — קום אַריין אין הויז. — זי האָט פאַר־בראַכט מיט זיי דעם גאַנצן טאָג און ער איז נישט אָפּגעטרעטן פון איר. און ווען דער אָוונט איז צוגעפאַלן, האָט ער געהייסן דעם גוי איינשפּאַנען די פערד אין ברימשקע און האָט לאָהן פאַרגעלייגט צוצופירן צום שטעטל.

---

די פערד זענען אַרויס פון טויער און פאַמעלעך אַוועק באַרג־

אַראָפּ. די זון האָט זיך שוין געזעצט און די לופט איז געווען ריין, טרוקן און פּראָסטיק, ווייל די אוונטן זענען נאָך געשטאַנען קאַלטע.

קיילין מיט לאהן זענען געזעסן און געשוויגן. ביידע איז געווען שווער אָנצוהויבן רעדן. לאה איז געקומען בעטן אַ הלואה ביים אָנקל. די „דעפּאַרטמענט סטאָר", וואָס זיי האָבן זיך געקליבן עפענען אין שטעטל, האָט געפאָדערט אַ סך געלט און שאַפּיראָ איז געווען איינגאַנצן איינגעטונקט אין חובות און האָט נישט געוווסט, ווי זיך אַרויסצודרייען. האָט זי אַליין באַשלאָסן צו ראַטעווען די לאַגע און קריגן נאָך געלט. אַ גאַנצן טאָג האָט זי אַלץ געזוכט אַ געלעגנהייט צו רעדן מיט אים וועגן דעם, נאָר זיין פרוי און די קינדער האָבן געשטערט, און איצט האָט זי נישט געוווסט, ווי אָנצופאַנגען, ווייל קיילין האָט אויסגעזען זייער פאַרזאָרגט.

ענדלעך האָט קיילין שטיל געפרעגט, פאַרוואָס האָט זי אַזוי גיך פאַרלאָזן די פאַרם, זי האָט דאָך צוגעזאָגט צו פאַרבלייבן נאָך אין הויז. פלאַץ איז דאָך דאָ גענוג פאַר אַלעמען. און ווען ער האָט שאַפּיראָס בריוו דערהאַלטן, אַז זיי קלייבן זיך שוין אַריבער אין שטעטל, זענען אים אין קאָפּ געקומען אַלערליי געדאַנקען. גאָרנישט געוואַרט אויף אים. ער האָט געטראָגן אַ כעס אויף איר. אָבער איצט, ווען זי איז געקומען, האָט ער אַלץ פאַרגעסן און אים איז גוט מיט איר. ער וואָלט געוואָלט פאָרן אַזוי אַ גאַנצע נאַכט און גאָרנישט רעדן און אַז ס'זאָל די נאַכט זיין שטאַרק פינסטער און אָן שטערנס.

זי האָט זיך אויך פאַרענטפערט, פאַרוואָס זי איז נישט געקומען, און אַזוי זענען זיי שוין באַלד געווען אין טאָל. לאה האָט פאַרשטאַנען, אַז איצט איז נישט די צייט צו בעטן געלט. און ווען זיי זענען אָנגעקומען אין שטעטל, איז זי לייכט אַראָפּ פון דער ברישטשקע, צוגעזאָגט די טעג ווידער צו זיין אויף דער פאַרם און איז אַוועק צום הויז, וווּ שאַפּיראָ האָט זיך געקליבן עפענען זיין גרויסע קלייט.

אויף צוריק איז קיילין דעם גאַנצן וועג געזעסן אַ דערשלאָגענער און האָט זיך געפילט אַזוי ווי קעגן אימיצן שולדיק. אין קאָפּ האָט ביי אים אָנגעהויבן ווידער שטאַרק צו זשומען.

---

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז קיילין געפאָרן אין שטעטל אַריין. ער האָט געדאַרפט איינקויפן אַ סך זאַכן פאַרן הויז און אַלערליי

זריעות פאַרן גאָרטן, וואָס ער האָט זיך געקליבן צו פאַרפלאַנצן אויף זיין פאַרם. דעם וואָגן האָט ער אָפּגעשטעלט אָן אַ זייט. ער מיט זיין זון זענען אַרומגעגאַנגען פון קלייט צו קלייט און ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק, איז ער אַוועק צו שאַפּיראָן אים עפּעס פרעגן וועגן אייניקע יידישע פאַרמער, וועלכע האָבן זיך פון אי־מיצן דערוווּסט, אַז ער האָט געלט, און גענומען זיך ציען צו אים מיט אַלערליי פאָרשלאָגן און געשעפטן און אַלץ געוואָלט ווערן זיינע שותפים.

קיילין פלעגט אַלעמען געדולדיק אויסהערן, כאָטש אָפט פון זשומען אין קאָפּ, האָט ער נישט פאַרשטאַנען, וואָס מען רעדט צו אים, און נערוועז געפינטלט מיט די אויגן. פלעגט די געסט גוט מכבד זיין, זיי מאַכן אַ פּאָר קאָמפּלימענטן, אַז זיי האָבן גוטע קעפּ אויף די פּלייצעס און דערביי באַמערקן, אַז ער איז אַ ייד אַן אָרעמאַן, דאַרף אויסהאַלטן אַ קראַנקע מוטער און דערצו איז ער נאָך אַליין אַ חולה מסוכן און — ווו נעמט מען געלט אויף אַזוינע גרויסע געשעפטן?

דער גאַסט פלעגט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכטן און מיט אַמאָל זיך אַרומקוקן און דערזען, אַז דער בעל־הבית גייט אָרעם און שמוציק אָנגעטאָן, זיין פרוי איז מיאוס און די אַלטע קליידער הענגען אויף איר ווי זעק, און די טאָכטער זיינע, וואָס דרייט זיך אַרום אין קיך אין די גרויסע מענערשע שטיוול, זעט אויס עלטער פון אירע יאָרן: דאָס פּנים בלאַס, אין פרישצעס, די האַלז לאַנג, גישט־געוואַשן און דורך דער צעריסענער בלוזע אונטער די אָרעמס זעט זיך אַרויס שוואַכע, בלוטלאָזע בריסט, ווי ביי אַ קראַנ־קער.

און מען פלעגט זיך אָפּטראָגן מיט דער מיינונג, אַז ער איז זייער אַ קאַרגער, אָדער טאַקע אַן עני ואביון, ווי ער זאָגט אַליין וועגן זיך.

האָט קיילין געוואָלט וויסן, ווער זענען דאָס דידאָזיקע יידן. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. שאַפּיראָס מיידעלע איז אַרויסגע־לאָפן אַנטקעגן און גענומען פרייליך שרייען, אַז דער אָנקל קיילין איז געקומען. פון צווייטן חדר האָט זיך באַוויזן לאה, אין אַ בלוזע מיט קורצע אַרבל און אַ רויט קליידל, אַ באָרוועסע. זי האָט זיך פלומרשט פאַרשעמט פאַרן אָנקל און אַ צי געטאָן דאָס קליידל

אַראָפּ, צו באַדעקן אירע נאַקעטע, ווייסע פּיס. ער האָט זיך גע־פֿרעגט, ווו שאַפּיראָ איז. ער באַדאַרף בײַ אים עפּעס דערגײן וועגן אײניקע פֿאַרמער. זי האָט אים געבעטן זיצן און אַראָפּגעשיקט דאָס מײדעלע זוכן דעם פּאַ, װײַסנדיק, אַז שאַפּיראָ איז נאָך אין דער פֿרי אַװעקגעפֿאָרן אײַנקױפֿן סחורות פֿאַר אימיצן און װעט זיך ערשט אומקערן אין אָװנט.

— לױפֿט אַרום איבערן שטעטל אַ פֿאַרזאָרגטער, — האָט זי געזאָגט און זיך געזעצט אַנטקעגן קײלינען מיט אַ טרױעריק פּנים.

— װאָס איז? — האָט געפֿרעגט קײלין. — די פֿאַרם איז דאָך שױן פֿאַרקױפֿט. װאָס װײַטער?

4

זי איז געװאָרן רױט און האָט זיך אױפֿגערעגט. די אױגן האָבן זיך אָנגעצונדן. װאָס װײַטער? װען ער װײס זײערע צרות. זײ דאַרפֿן איצט האָבן אַ סך געלט פֿאַר די „סטאָר" און װוּ נעמט מען עס? מען מוז אײַנקױפֿן פֿאַרשײדענע סחורות און קײנער װיל נישט אַרױסהעלפֿן. די פֿאַר טױזנט דאָלאַר, װאָס זײ האָבן געקריגן בײַ אים פֿאַר דער פֿאַרם, איז גלײַך אַװעק. אַביסל אױף „מאָרט־גײטש", באַצאָלט דעם און יענעם אַלטע חובות און געגעבן האַנט־געלט אין דער קלײט און איצט זענען זײ געבליבן נישט אַהער, נישט אַהין. די אײנציקע האָפֿענונג, װאָס בײַ זײ איז נאָך דאָ, איז ער, קײלין, זײער ליבער אָנקל, און זי בעט בײַ אים, ער זאָל זײ אַרױסהעלפֿן. זאָל ער זײ געבן טױזנט דאָלאַר ביז ענדע זומער. זײ װעלן זיכער מאַכן גוטע „ביזנעס" דעם „סיזען", װײַל אַזאַ גרױסע באַקאַנטשאַפֿט, װי זײ האָבן, האָט קײנער נישט אין שטעטל. און ער, דער ליבער אָנקל, װעט זײַן אַ גוטער און װעט זיכער זײ נישט אָפּזאָגן.

קײלין האָט געשװיגן, שװער אָטעמענדיק, װי ער װאָלט געהאַט אױפֿן רוקן אַ גרױסע, דריקנדיקע מאַסע און זיך נישט געקאָנט אױפֿהױבן. אױף דעם האָט ער זיך גאָרנישט געריכט. עפּעס האָט גענומען קאָכן אין אים. מען װיל פֿון אים אַרױסשלעפּן זײַן געלט, אָט אַזױ מיט גוטע רײד. ער װעט זײ קײן סענט נישט געבן.

— לאה, איך קאָן נישט, איך האָב נישט, — האָט ער גענומען מורמלען. — די פֿאַרם איז אָפּגעלאָזן און מען מוז אַ סך זאַכן

איבערמאַכן אין הויז. און אַלץ קאָסט דאָ שווער געלט. איר האָט בײַ מיר געגומען אַ גוטן פּרײַז. איך האָב נישט מער.

לאה איז געוואָרן בלאַס און זיך אויפגעהויבן. זי האָט אַ וואָרט נישט אַרויסגערעדט.

קיילין האָט זיך אויפגעהויבן נאָך איר. ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס איר זאָגן, דערקלערן, אַז ער קאָן עס נישט טאָן, נאָר איז שווייגנדיק מיט שווערע טריט אַרויס פון הויז. אויף די טרעפּ האָט ער געטראָפן לאהס מיידעלע, וועלכעס האָט אים דערציילט, אַז דער פּאַ איז נישטאָ אין גאַס און אַז ער איז אין דער פּרי אַוועקגעפאָרן ווייט מיט אַ גרויסן, גוטן אָנקל.

קיילין איז צו צום וואָגן, וווּ זיין זון האָט אויף אים געוואַרט.

— מיר פאָרן אהיים, — האָט ער געזאָגט און זיך געזעצט אין בריטשקע. ער האָט באַשלאָסן נישט טראַכטן וועגן לאהן, פאַרגעסן אָן איר. נאָכדעם האָט זיך קיילין גענומען שטאַרק צו דער אַרבעט אויף דער פאַרם. עס איז שוין געווען ענדע אַפּריל און די טעג זענען געשטאַנען זוניקע. ער פלעגט אויפשטיין פאַרטאָג און אַרויסגיין אין דרויסן און נעמען זיך גלייך עפּעס טאָן. איינשפּאַנען די פערד און אַרויספירן דאָס מיסט פון שטאַל אויף די לאַנקעס, געבן עסן די הינער און אַריינטראָגן זויער - מילך אין הייזקע פאַר די קורטשאַקעס, וועלכע ער האָט נישט לאַנג געקויפט גאַנצע טויזנט שטיק. דערנאָך פלעגט ער שלעפן שטיינער און פאַרצאַמען דעם „ספּרינג", כּדי די עטלעכע בהמות, וואָס ער האָט געהאַט, זאָלן נישט פאַרזונקען ווערן אין דעם נידעריקן פּלאַץ אַרום הויז. פונוואַנען עס האָט זיך אַלע מאָל געטראָגן אַ פייכטער און שווערער ריח, ווי פון אַ זומפּ. ער האָט געהאָפט, דאָס מיט דעם אָנקומען פון וואַרעמע טעג וועט זיך די בלאָטע אויסטריקענען, הויכע גראָזן וועלן זיך אַ ציִ טאָן פון דער ערד און ער וועט שוין קאָנען אַרויסלאָזן זיך פּאַשען די בהמות, וואָס זענען נאָך אַלץ געשטאַנען אין שטאַל. אָפט פלעגט ער צורופן זיין פרוי און פאַרטראַכט פרעגן:

— וואָס זאָגסטו, אסתּר! די בלאָטע וועט זיך אויסטריקענען ביז זומער? מען האָט אונז, דאַכט זיך, אָפּגענאַרט און אַריינגעשטופּט אין אַ זומפּ.

און די קאַסאָקע פרוי מיטן בלויִלעכן פּנים פלעגט אויסגלאָצן

אירע אויגן, זיפצן און שיטן מיט טויטע קללות אויף שאפיראָן און לאהן, וואָס האָבן זיי אומגליקלעך געמאַכט.

קיילין פלעגט זיך אָפּקערן, בייסן די ליפּן ביז ווייטאָק און שווייגן. נאָר אַמאָל, הערנדיק, ווי זי שילט לאהן, פלעגט ער פלוצים ווערן אָנגעצונדן, מלא רציחה, און שרייען ווילד:

— ווער פאַרשטומט, דו הערסט! אַוועק פון מיינע אויגן!

די פרוי פלעגט אַ פאַרווייניטע זיך אומקערן אין הויז, אָדער זיך אַ כאַפּ טאָן פאַרן האַרצן און חלשן.

קיילין האָט שווער געליטן, וואָס ער מיט לאהן זענען זיך אַזוי ברוגזדיק פאַנאַנדערגעגאַנגען דאָס לעצטע מאָל, ווען זי האָט ביי אים דאָס געלט געבעטן. זי האָט אויפגעהערט קומען אויף דער פאַרם און ער האָט שטאַרק געבענקט נאָך איר, נישט געקאָנט זי פאַרגעסן. עטלעכע מאָל האָט ער שוין באַשלאָסן צו שיקן דעם זון זיינעם זי רופן. זאָל זי קומען. ער וויל זי זען, דער אָנקל אירער. ער דאַרף זי עפּעס פרעגן. נאָר דאַן וועט ער דאָך מוזן איר געבן די טויזנט דאָלאַר, וואָס זי בעט לייהען. און דאָס האָט ער נישט געוואָלט טאָן. אַזאַ גרויסע סומע! זי וואָלט זיכער אים נישט אומגעקערט. און ער פלעגט חרטה האָבן און ווייטער ליידן און בענקען.

אַ גאַנצן טאָג האָט ער זיך נאָך אַביסל פאַרגעסן אין טומל פון הויז און אין דער אַרבעט, און נאָר ווי דער אָוונט פלעגט צופאַלן און אַרום פלעגט ווערן אַזוי שטיל און טרויעריק און די פינסטערניש איז געגאַנגען פון אַלע זייטן פון דער וועלט, האָט זיין נשמה געוויינט אין אים און ער האָט קיין פּלאַץ נישט געפונען פאַר זיך אין הויז. דאַן פלעגט ער אָפּט צוקומען צו זיין נאָענטן שכן פיינבערג, וואָס האָט אויך נישט לאַנג געקויפט אַ פאַרם אין דער געגנט, און רעדן מיט אים אַ שעה, צוויי, אָדער ביידע פלעגן זיצן ביי דער טיר און שווייגן.

פיינבערג האָט זיך אויך געפילט נישט גוט. אַ געוועזענער רעוואָלוציאָנער און לערער, וואָס האָט אין רוסלאַנד פריער געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער יידישער אַרבעטער - באַוועגונג, איז לאַנג געזעסן אין טורמע און געווען פאַרשיקט אין סיביר, האָט אים אַלץ געצויגן צו עפּעס העכערס, ווי „באַרייסן באָרדערס". אין ניו - יאָרק איז ער געווען אַ פאַרבער און האָט געגנוג פאַרדינט פאַר זיין פרוי און דריי קינדער, נאָר עפּעס פלעגט ער האַלטן אין איין

הוסטן און זיך אָפּט צוקילן, און ווען מען איז אַוועק צו אַ דאָקטאָר, האָט יענער גלייך געהייסן אים זיך באַזעצן אין די בערג, ווייל זיינע ביידע לונגען זענען אָנגעגריפן און ביי אים אַנטוויקלט זיך טובערקולאָז.

די פרוי איז אַוועקגעלאָפן צו איר פאַמיליע מיט אַ געוויין. מען האָט איר צוגעזאָגט צו קריגן אַביסל געלט און זאָל ער עפענען אַ קליין „באָרדינג הויז" אין די בערג. זיי זענען ביידע אַוועקגעפאָרן זען אַ פאַרם. די כיטרע אַגענטן האָבן זיי פאַרקויפט אַן אַלט הויז און צוגעזאָגט גאָלדענע גליקן. פיינבערג האָט געגלויבט. ער איז געווען באַגייסטערט פון דער נאַטור אַרום און האָט גערעדט צו זיין פרוי, אַז ענדלעך איז דערפילט געוואָרן זיינער אַן אַלטער חלום, צו האָבן אַ פאַרם און לעבן אַ שיין ערלעך לעבן. ער האָט געמאַכט פּלענער, וואָס ער וועט פאַרפלאַנצן אין פרילינג און ווי זומער וועט אַלץ אויפבליען און ברענגען פרייד זיינע טעג. און צום סוף האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז דאָס הויז איז שרעקלעך פאַרלאָזן און מען מוז נאָך אַריינלייגן אַ סך געלט און מי, ביז זי וועט אים עפּעס אַריינטראָגן, און ער איז געוואָרן פאַרזאָרגט און פלעגט אַרבעטן צו זעכצן שעה אַ טאָג און וועגן אַקערן און זייען איז שוין קיין רייד נישט געווען.

אָט צו דעם פיינבערגן האָט קיילין געפילט עפּעס אַ שטיקל סימפּאַטיע, ווייל ער האָט געוווסט, אַז יענער איז קראַנק, ערלעך און מען האָט זיי ביידע אָפּגענאַרט.

ביינאַכט האָט גערעגנט און געדונערט, און קיילין פלעגט זיך אַלע ווייַלע אויפכאַפּן און נישט קאָנען שלאָפן. ער האָט מורא געהאַט, דער שטאַל זאָל זיך פון די בליצן נישט אָנצינדן און דער ווינט זאָל נישט צעברעכן די פּאָר עפּל - ביימער, וואָס וואַקסן אַרום זיין הויז.

ענדלעך האָט זיך דאָס קראַכעניש פון דונער געהערט אַלץ שוואַכער. דער רעגן האָט אויפגעהערט און עס האָט גענומען טאָגן.

קיילין האָט פאַרזיכטיק, נישט אויפצוּוועקן זיין פרוי, זיך אויפגעהויבן פון בעט און געעפנט אַ פענסטער אין צימער. אַ כוואַליע פרישע לופט האָט אַ גלעט געטאָן זיין פּנים. ער האָט געוואָרפן אַ קוק אויפן הימל. דאָ און דאָרט זענען נאָך אויף די בערג געשוווּמען וואָלקנס און אין מזרח האָט זיך דער הימל צעפלאַקערט.

ארום הויז איז געווען שטיל און פון זומפ האט זיך אויפגעהויבן א מילכיק - ווייסער נעפל און מיט אלערליי פאנטאסטישע אוזארן זיך געדרייט ארום די בוימער און קוסטעס און געשווומען צום וועג. א פויגעלע מיט אביסל רויטע פעדערלעך אויפן הארצן איז געקומען צו פליען, זיך געשטעלט אויפן שפיץ פון שייער און גענומען צוויטשערן. קיילין איז א ווײלע געזעסן ביים פענסטער, געטראכט, אז ער מוז דינגען אן ארבעטער, ווייל ער אליין וויים אפילו נישט, ווי אנצוהויבן צו באארבעטן זיין פארם, און באלד - באלד וועט ער שוין דארפן אנפאנגען אקערן און זייען. און א מענטש וועט מען דארפן צאלן. דערווייל גייט שוין דער דריטער חודש, ווי ער האט א סענט נישט פארדינט, און אלץ קאסט שווער געלט. די קורטשאקעס פאלן איינע נאך די אנדערע, און אויב ס'וועט ווייטער אזוי גיין, וועט גארנישט בלייבן פון זיי. פארפאלן הונדערט מיט צען דאלאר, און אזויפיל מי, און די גויע, וואס ווינט אויפן בארג, וועט לאכן פון אים. זי האט געווארנט, אז די הייזקע איז צו קליין און שטיקנדיק פאר אזויפיל פיסקלאטעס. זאל ער אנהויבן פון א פאר הונדערט און שפעטער אויסהאדעווען נאך. האט ער אבער געהאט זיין חשבון. מער היינער אויף זומער — מער אייער, און דאן וועט ער האבן וואס צו פארקויפן די „רומערס". צו וואס דארפן קורטשאקעס האבן לופט? אט פגרן זיי און די גויע איז אפנים גערעכט.

אזוי איז ער געזעסן און געטראכט, און דערנאך האט ער זיך ווידער אריינגעלייגט אין בעט און זיינע געדאנקען האבן אים אריבערגעטראגן אין שטעטל, אין לאהס ווינונג. זי איז אים ארויס אקעגן א בארוועסע, אין א רויטן קליידל און ווייסער בלוזע מיט קורצע ארבל. אן אמתע רוסישע שיקסע פון דער אלטער היים. זי שמייכלט און זאגט צו אים, אז זי איז נישט בייז, וואס ער האט דאס געלט נישט געגעבן, און זאל ער בלייבן מיט איר, ווייל שאפירא איז אוועקגעפארן און וועט זיך אין אזא זאווערוכע זיכער נישט אומקערן אהיים. און זי נעמט אים פארן האנט אוןביידע גייען לאנג דורך א גרויסן פינסטערן קארידאר און זי שעפטשעט אים עפעס אין אויער אריין.

די זון איז שוין געשטאנען גענוג הויך, ווען קיילין איז ארויס פון שלאפצימער. ער איז געווען אנגעכמורעט און בייז, געפילט זיך

שלעכט און אין קאָפּ האָט ביי אים געזשומעט. אַראָפּגייענדיק פון די טרעפּ האָט ער באַמערקט, ווי זיין זון שלאָגט די שטיף־מוטער, און זי, אַ גרויסע און אַ דיקע, שטייט איינגעבויגן און האַלט מיט ביידע הענט פאַרדעקט דאָס פּנים. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין קיך, אָנגעכאַפּט דאָס יינגל פאַר די האָר און גענומען אים בריקען מיט די פיס און שרייען, אַז ער וועט אים טויטן. סעם האָט זיך פלינק אַרויסגעריסן פון זיינע הענט, האָט זיך געזעצט אין אַ ווינקל און מיט טרערן אין די אויגן גענומען דערציילן, ווי ער האַסט די שטיף - מוטער און נאָך אַמאָל וועט ער ווייזן דעם פּאַ, ווי אַזוי זיך צו „פייטן".

— דיין גליק, וואָס דו ביזט מיין פּאַ, — האָט ער געכליפּעט,— איך דיר ווייזן „פייטן".

קיילין האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און איז אַרויס.

דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן שווער, מיט געשרייען, טרערן און שילטעריי.

קיילין איז אַוועק צו די קורטשאַקעס. איבער אַ צענדליק זע־נען ווידער געווען טויט און אַ פּאָר האָבן געגוססט און זענען גע־לעגן מיט פאַרבלוטיקטע עקלעך און אַרום זיי האָבן זיך געשטופּט די לעבעדיקע און געהאַלטן אין איין פּיקן שטיקלעך פלייש פון די פאַרוווּנדעטע.

קיילין איז אַ ווײַלע געשטאַנען, דערשאָטן אַביסל קוילן אין אויוועלע, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט, זאָל עס גיין צו אַלדי שוואַרצע יאָר, און איז אַרויס צוריק, לאָזנדיק די געפאַלענע פּיסקלאַטעס ליגן אויף זייערע פּלעצער. נאָך פרישטיק האָט ער ווידער געפירט שטיינער צו פאַרצאַמען דעם זומפּ. ער האָט שוין פאַרלאָרן די האָפענונג, אַז די בלאָטע וועט זיך אַמאָל אויס־טריקענען, און אויך די גויע פון באַרג האָט אים דערקלערט, אַז דער באָדן פון דעם פּלאַץ איז אַ פּייכטער פון יאָרן - לאַנג, און דאָרטן פירן זיך גרויסע און גרינע פרעש און נאָך עפּעס מאָדנע און קלעפּעדיקע באַשעפענישן, וואָס שרייען ווי נאַכט - פייגל און צינדן - אָן פונקען, ווי פייער - פליגן פאַר אַ רעגן.

קיילין האָט געאַרבעט און קאָמאַנדעוועט מיט זיין זון, וועל־כער פלעגט זיך אַלע ווײַלע פאַרקוקן אויפן וועג. ער האָט געוווּסט, אַז שלעפּן שטיינער און זיך אויפרעגן אַלע ווײַלע איז פאַר אים

שעדלעך און ער טאָר עס נישט טאָן, אָבער זיצן אַזוי האָט קיילין נישט געקאָנט. און דאַן האָט ער געגלויבט, אַז אַזוי וועט ער אפשר איבערברעכן די קראַנקהייט, ווייל פון נאַטור איז ער געווען אַ האָרעפּאַשניק און יעדן פאַרדינטן דאָלאַר האָט ער שטאַרק געהיט.

נאָר באַלד איז ער זייער מיד געוואָרן און דערפילט אַ שטאַרקן ווייטאָק אין גאַנצן קערפּער. האָט זיך דערמאָנט, אַז דער טאָג האָט זיך היינט שלעכט אָנגעהויבן פאַר אים, איז ער געוואָרן אומעטיק און געוואָרפן די אַרבעט.

ער האָט אויסגעטרונקען אַ גלאָז מילך און זיך געזעצט ביים אַריינגאַנג פון הויז אָפּרוען. פּרינץ האָט זיך צוגעשאַרט צו אים און איז געבליבן זיצן ביי זיינע פיס, אַן אַלטער מיט פאַרטרערטע, האַלב ־ **בלינדע אויגן.**

פון קיך האָבן זיך געהערט געשרייען און זיין טאָכטער האָט געפּאָמפּעט וואַסער און געזונגען אַן אַמעריקאַנער גאַסן ־ ליד וועגן אַן אַקטריסע מיטן נאָמען פויגע אָניל, אַז אויב אימיצער האָט אויגן בלויע, ווי דער הימל, זענען דאָס די אויגן פון פויגע אָניל, און נאָר איר שמייכל איז ליב און אירע טריט זענען שעמעוודיקע און פול מיט חן. זי האָט געזונגען מיט אַ הילכיק קול, זאָרגלאָז, און קיילין האָט זיך פאַרטראַכט איינגעהערט, נאָר אַ וואָרט נישט פאַרשטאַנען. דערנאָך איז ער אַריין אין הויז און גענומען זיך באַקלאָגן פאַר זיין פרוי, אַז ער פילט זיך עפּעס נישט גוט. זי איז אָנגעפאַלן אויף אים, פאַרוואָס ער האָרעוועט אַזוי שווער און האָט אים געצווונגען אָנצושרייבן אַ בריוו אין ניו ־ יאָרק, מען זאָל אַהער צושיקן אַ געזונטן בחור, וואָס פאַרשטייט ערד ־ אַרבעט, און אַביסל שפּעטער איז ער אַריין אין שלאָפצימער און האָט זיך ווידער גלייך דערמאָנט אָן לאהן. שוין באַלד צוויי וואָכן ווי זי איז נישט געווען ביי אים אויף דער פאַרם. און די פאָר מאָל, וואָס ער איז געפאָרן אין שטעטל, האָט ער זי אויך נישט געזען. זי טראָגט אַ כעס אויף אים. דאָס איז זיכער. אפשר איז ער טאַקע שולדיק און האַנדלט מיאוס, וואָס ער וויל זיי נישט אַרויסהעלפן. פאַרוואָס זאָל ער זיי נישט לייהען די טויזנט דאָלאַר, אַז זיי געפינען זיך אין אַ נויט? פאָרט אייגענע. מען דאַרף איינשפּאַנען די פערד און פאָרן זיך איבערבעטן מיט איר. ער איז אַזוי אומרואיק די צייט.

די פרוי איז אַ פֿאַרזאָרגטע אַריין נאָך אים. זי איז אַ ווײַלע געשטאַנען אין טיר, געשוויגן און דערנאָך אַ ברום געטאָן:

— אפֿשר זאָל מען רופֿן אַ דאָקטאָר?

קיילין האָט איר געהייסן אַוועקגיין. ער האָט נישט געקאָנט אין די מינוטן קוקן אויף איר.

דערנאָך איז צום הויז צוגעפֿאָרן אַן אויטאָמאָביל מיט דריי יידישע פֿאַרמערס, איינער פֿון זיי אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיט ווילדע, שוואַרצע אויגן, ווי בײַ אַ ציגיינער, איז געווען אַ רומענישער און האָט געהאַט זיין פֿאַרם אַ פּאָר מייל פֿון קיילינען. זיי האָבן שוין פֿון אים געהערט און געקומען זיך באַקענען. פֿאַרט שכנים. מען איז אַרומגערינגלט פֿון אַלע זייטן מיט אַנטיסעמיטן. און דאָן איז קיילין אַ גרינער אין די „פֿאַרם ביזנעס". זאָל ער וויסן, וואָס ער האָט דאָ צו טאָן. עס מוז הערשן אחדות בײַ זיי. קיין קאָנקורענץ. עס מאַכט נישט אויס, צי די „באָרדערקעס" קאָנען באַצאָלן. ווילן זיי דאָ זיין, מוזן זיי צאָלן!

ער האָט גערעדט אַ סך און נישט געלאָזט קיילינען אים ענטפֿערן און זיינע אויגן האָבן אַ מינוט נישט גערוט. געוואָרפֿן ברענענדיקע אומרואיקע בליקן אַהין און אַהער, אַלץ באַמערקט און גערעדט ווייטער:

דער „פּליים" איז וווּנדער־שיין. אָט דאָ נעבן הויז, וווּ די פּאָר בוימער שטייען, דאַרף מען אויפֿבויען אַ גרויסן טאַנץ־זאַל פֿאַר דער יוגנט, אַריינפֿירן עלעקטריש ליכט און — געהוליעט! וויפֿל ווילט איר פֿאַר דעם פּלאַץ? אָט די צוויי יידן ווילן עס נעמען פֿאַר דעם סעזאָן. נאָר איך ראָט אייך נישט אָפּצוגעבן. שאַפּיראָ האָט פֿאַראַיאָרן דאָ געמאַכט צען טויזנט דאָלאַר. זאָל איך אַזוי געזונט זיין. זעט אַ הויז, ווי עס איז שיין געבויט, פֿענסטער ווי אין אַ פּאַלאַץ, גרויסע און ליכטיקע. אַ פֿאַרדראָס, דער ייד ווייס נישט, וואָס ער האָט צו טאָן. ווען דאָס איז אין מיינע הענט, אָדער מיר זענען שותפֿים, — גאָלד וואָלטן מיר פֿונדאַנען געשעפּט.

קיילין איז נאָכגעגאַנגען די דריי יידן און פֿון זשומען אין קאָפּ אינגאַנצן נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס דער רומענישער רעדט. ער האָט עפּעס אַלץ געוואָלט פֿרעגן, וואָס טוט מען מיט דעם זומפּ, ווי טריקנט מען אויס די בלאָטע, און פֿלעגט תיכּף פֿאַרגעסן און ווערן פֿאַרפּלאָנטערט אין זיין פּלאַפּלעריי, און אַזוי, ביז זיי האָבן אַרומ־

געקוקט די גאַנצע פֿאַרם, זיך געזעצט צוריק אין אויטאָמאָביל און אַוועקגעפֿאָרן. שפּעטער איז ער אַ פּאָר שעה אָפּגעלעגן אָן כּח אַ פֿאַרמאַטערטער, ווי נאָכן שלעפּן די שווערע שטיינער צו פֿאַרצאַמען דעם נאַסן פּלאַץ.

---

פֿאַרנאַכט האָט ווידער זיין נשמה געוויינט אין אים און גע־בענקט נאָך לאהן. איינגעהילט אין שטילן בין־השמשות איז ער גע־גאַנגען לאַנגזאַם מיטן ברייטן וועג, וואָס פֿירט צו פֿיינבערגס פֿאַרם. און ווען ער איז צוגעקומען צו זיין הויז, איז שוין געוואָרן טונקל און אַ האַלבע, רויטע לבֿנה האָט זיך באַוויזן פֿון הינטער די בערג.

זיי זענען אַריין אין הויז און דאָרט ביי דעם שיין פֿון אַ קע־ראָסין־לעמפּל האָט קיילין באַמערקט, אַז פֿיינבערג זעט־אויס זייער שלעכט און אויסגעמוטשעט און האַלט אין איין הוסטן.

— מיר זענען, דאַכט זיך, ביידע אויף גרויסע צרות, — האָט אַ לאַך געטאָן קיילין, — איר הוסט און איך קרעכץ. — און זיי זענען מיטן לעמפּל אין האַנט אַוועק זען די ניי־אויסגעפּאַרבטע צימערן און וואָס פּאַר אַ בעטן ער האָט אַריינגעשטעלט און אַנדערע קלייניקייטן, וועלכע ער האָט געוואָלט וויסן צוליב זיין אייגן הויז.

פֿיינבערג האָט אים אַלץ געוויזען און זיך באַקלאָגט, אַז דאָס הויז קאָסט אים שוין אַ מאַסע געלט און דאָס ווייב זיינס מיט די קינדער זענען איצט אין שטאָדט און אַרבעטען דאָרטן שווער, און ווער ווייס,וואָס דער זומער וועט נאָך ברענגען. ער איז אַריינגע־קראָכן אין די „ביזנעס'' און עס איז שוין שפּעט זיך צו נעמען פּאַר עפּעס אַנדערש. אָט דאָ אונטן אין טאָל וווינט אַ גוי, האָט ער אַ קליינע הייזקע מיט אַ שטיקל באָדן און לעבט רואיק מיט זיין פֿרוי און קינדער. ווען אַזאַ לעבן האָט ער געטרוימט און מיט אַמאָל אַזוי זיך פֿאַרדרייט.

— דער גוי איז געזונט, — האָט געזאָגט קיילין, — און מיר אַלע זענען אויסגעמאַטערט און קראַנק. איך האָב דאָ שוין גע־טראָפֿן פֿאַרשיידענע יידן און אַלע זענען זיי געלאָפֿן אין די בערג זיך ראַטעווען. אָט אַזוי ווי איך און איר. און אַז מען קומט שוין אַהער,פֿאַרדרייט מען זיך נאָך ערגער ווי אין שטאָט. אַלץ פּאַסירט קאַפּויער. אומעטום רוקט זיך אַריין דער טייוול אין מיטן. נו, אַ

גוטע נאַכט, פיינבערג. איך וועל זיך נאָך אַביסל דורכגיין צום נייעם שכן.

— איר האָט אים שוין געזען? — האָט געפרעגט פיינבערג.

— יאָ, אויך עפּעס אַ צעבראָכענער ייִד.

קיילין איז פּאַמעלעך אַוועק באַרג־אַראָפּ און אין אַ מינוט צוואַנציק אַרום איז ער שוין צוגעגאַנגען צום נייעם שכן. דאָס איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָר עטלעכע און פופציק, אַ טונקעלער, ענלעך אויף אַן אַקטיאָר. ער האָט געליטן פון אַ שוואַך האַרץ.

ער האָט קיילינען אַריינגעפירט אין קיך און באַקאַנט מיט זיין פרוי און טאָכטער. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן גאַסט, געראויכערט אַ דינעם סיגאַר און פאַרפירט אַ שמועס וועגן גרויסע געשעפטן, וואָס ער האָט געטאָן פריער אין שטאָט. איינמאָל האָט ער אין צוויי וואָכן פאַרלאָרן אַ פערטל מיליאָן. ער קאָן אַמאָל זאָגן אַ ליגן, אָבער נישט פאַר זיין פרוי אין די אויגן. און איצט האָט ער געקויפט דאָס הויז פאַר גאָרנישט ביי אַן אַלטן פאַרמער. און ער דערציילט קיילינען מאָדנע זאַכן און האַלט זיך אין איין באַרימען און פאַרגעסט גלייך, וואָס ער רעדט. און זיין פרוי וואַרפט אויפן גאַסט טרויעריקע בליקן און בעט זיך וועגן עפּעס מיט די אויגן. קיילין קוקט זי אָן און פילט, אַז זי איז דערשלאָגן, האָט אָפּנים געהאַט אַ שווערע לעבן און איצט, ווען איר קאָפּ איז גרוי, האַלט זי נאָך אין איין ציטערן פאַר איר שיינעם מאַן. דערנאָך צינדט ער אָן אַ לאַמטערן און פירט דעם גאַסט אין דרויסן ווייזן דעם שטאַל, דעם שייער און דעם טאָל, וואָס ליגט פון דערווייטנס איינגעהילט אין לבנה־שיין. און ווען קיילין זאָגט אים „אַ גוטע נאַכט" און שטייט שוין ביים טיר, גיט ער צו אים אַ שעפּטשע, אַז אויב ער וועט הערן פון אַ משוגענעם, וואָס וויל קויפן אַ פאַרם, זאָל ער אים געבן צו וויסן.

די האַלבע רויטע לבנה איז שוין געשטאַנען הויך, ווען קיילין איז געקומען אַהיים. דעם גאַנצן וועג אויף צוריק האָט ער געטראַכט וועגן לאַהן. מאָרגן, האָט ער באַשלאָסן, וועט ער פאָרן אין שטעטל און געבן איר די טויזנט דאָלאַר און זאָל נעמען אַ סוף. ער קאָן שוין מער נישט ליידן. די טעג איז אים אַזוי שלעכט. ער וועט זיך מוזן לייגן אין בעט. און דאַן וועט זי ווידער קומען צו אים אין

הויז. זי וועט זיצן ביי זיין געלעגער און אים דערלאנגען א גלאז מילך.

ביים הויז האט ער דערפילט א שווער נאס׳ גערוך, וואס האט זיך געטראגן פון „ספרינג״. ער האט א קוק געטאן אין יענער זייט, און פלוצלונג האט זיך אים אויסגעדאכט, אז טויזנטער מאדנע באַשעפעניש הויבן זיך פון מוטנעם וואסער און צינדן־אן אין דער לופטן פארביקע, ליכטיקע פונקען, אזוי ווי פייער־פליגן פאר א רעגן, און ווערן באלד פארשוואונדן.

## 5

אין חודש אייר איז קיילין געווען שטארק פארהאוועט אויף זיין פארם און האט פארגעסן אן זיין קראנקהייט. ער האט איבער־געבויט די קליינע הייזקע ביים בוים, ווו די ציפלאטעס האבן זיך געפונען, פון אן אלטער זומער־בודקע געמאכט א קיך און אריינ־געשטעלט דארט צוויי גרויסע אויוונס פאר די „רומערקעס״ צום קאכן, האט איינגאנצן פארצאמט דעם זומפ, אויסגעאקערט דעם באדן ארום און פארזייט בולבעס, האבער און א סך גרינסן ביים הויז. אין די אלע זאכן האבן אים ארויסגעהאלפן זיינע קינדער, דאס מיידל מיטן בחור, און א באי, וואס איז געקומען צו אים פון ניו־יארק נאך אין אנהויב מאי, און דערצו פלעגט כמעט אלע פאר טעג קומען לאה אויף דער פארם, א פריילעכע, א צופרידענע, מיט ראזעווע באקן און ליכטיקע אויגן, האט זיך איבעראל געמישט, געהאלפן אסתרן באקן און קאכן און אלע ווילע פלעגט זיך פון דער קיך דערטראגן אין דרויסן איר קול, וואס האט גערופן אנקל קיילינען פארזוכן א נייעם „ קייק״, אדער עפעס אויסטרינקען. און די עפל־בוימער האבן זיך שוין צעבליט ארום הויז און אין די גראזן ביים וועג זענען געוואקסן קליינע, בלויע „ פארגעס־מיך־נישט״, און אלע פארנאכט פלעגט קיילין מיט זיין זון טרייבן די בהמות אין שטאל און פארטאג ארויסלאזן אין טאל, ווו זיי האבן זיך גע־פאשעט ארום דער בלאטע א גאנצן טאג. און קיילין האט געפילט, אז דא וועט טאקע קומען זיין הילף און ער וועט ווערן איינגאנצן געזונט און נאך דערלעבן א צייט, פול מיט פרייד און גליק.

ווי נאר ער האט געגעבן לאהן די טויזנט דאלאר איז אים אראפ

ווי אַ שטיין פון הארצן. און געשען איז עס פּלוצים. איינמאָל אין דער פרי, ארויסשלעפנדיק אַן אַלט, פאַרזשאַווערט אַקער־אייזן פון שייער, האָט קיילין זיך צעבלוטיקט אַ פינגער. ער האָט זיך דערשראָקן פאַר אַ בלוט־פאַרגיפטיקונג, האָט גלייך איינגעשפּאַנט די פערד און איז אַוועקגעפאָרן אין שטעטל צום דאָקטאָר. ווען ער האָט זיך אומגעקערט צוריק פון דאָקטאָר מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן פינגער און איז דורכגעפאָרן דאָס איינציקע געסל, ווו די יידישע „סטאָרס" האָבן זיך געפונען, איז אים אַרויס פון איר הויז אַקעגן לאה. ער האָט נישט ווילנדיק אָפּגעשטעלט די פערד און זי האָט דערזייזאָקן און פאַרזאָרגט אויסגעשריגן:

— אָנקל קיילין, וואָס האָט זיך געטראָפן מיט אייך? צעבראָכן אַ האַנט?

ער האָט דערציילט, אַז עס איז אַ קלייניקייט, גאָרנישט, אַביסל צעשניטן דעם פינגער, און האָט בלאָס געשמייכלט. דערנאָך האָט ער צוגעגעבן, אַז אים פרייט זייער, וואָס ער זעט זי און האָט אַליין זיך געקליבן צו איר אַלע טאָג, ווייל איצט האָט ער פריי געלט און קאָן זיי געבן די טויזנט דאָלאַר, וואָס זיי דאַרפן פאַר זייער „סטאָר".

זי האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק און אים געבעטן אַריינגיין אין הויז. קיילין האָט אָפּגעשטעלט דעם וואָגן אָן אַ זייט און איז אַוועק מיט לאהן צוערשט איינקויפן אַביסל גרינס און דערנאָך איז ער אַרויף אין איר וווינונג.

שאַפּיראָ איז געווען אין שטוב. ווי זיי זענען אַריין, האָט לאה געזאָגט צו איר מאַן:

— איך האָב געוווּסט, אַז דער אָנקל וועט אונז נישט פאַרלאָזן. ער האָט איצט פריי געלט און וועט אונז געבן די טויזנט דאָלאַר.

שאַפּיראָ האָט אַזש אויפגעשפּרונגען פון פרייד. ער האָט זיך גענומען דרייען אַרום קיילינען, פאַרוואַרפן אים מיט אַלערליי פראַגן און דערציילן, אַז דער מאַן, וואָס האָט דאָן געוואָלט קויפן ביי אים די פאַרם, רייסט זיך איצט די האָר פון קאָפּ און איז גרייט צו געבן קיילינען מיט טויזנט דאָלאַר מער, ער זאָל אים אָפּטרעטן די פאַרם.

— און די בלאָטע אַרום הויז אויך? — האָט קיילין געטאָן אַ ביטערע שמייכל. — זאָל דער מאַן אַריינקומען צו מיר.

נאָר שאַפּיראָ האָט די גאַנצע זאַך געמאַכט צו גאָרנישט. פאַרקערט, עס איז גאָר אַ מעלה. וואָס טויגן פעלדער אָן וואַסער? דער באָדן ווערט זומער פאַרשמאַכט און די גראָזן פאַרטריקנט, און אַזוי איז די ערד אַרום אַלעמאָל פּריש און זאַפטיק, און זאָל ער פרעגן ביי אַלטע פאַרמער, וועלן זיי אים זאָגן דאָסזעלבע. און דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן וועגן זיין „סטאָר", און אומבאַמערקט, פאַרבייגייענדיק, אַ פרעג געטאָן קיילינען, ווען קאָן ער קריגן ביי אים דעם טשעק אויף די צוגעזאָגטע סומע.

קיילין האָט אַ ווײַלע אַ טראַכט געטאָן און געענטפערט, אַז אפילו באַלד. זאָל ער אים דערלאַנגען אַ טינט און פעדער. ער האָט אַרויסגענומען פון בוזעם־קעשענע זיין טשעק־ביכעלע און אַרויפגעלייגט אויפן טיש.

לאה איז געשטאַנען אָן אַ זייט און אירע אויגן האָבן געלויכטן פון אויפרעגונג. קיילין האָט געוואָרפן אויף איר אַ לאַנגן און פאַרבענקטן בליק און ווידער האָט ער, ווי אין האַלבן שלאָף, דערפילט, אַז די פרוי נאַרט אים אָפּ און האָט קיינמאָל פריער נישט געטראַכט וועגן אים. זי האָט באַמערקט זיין בליק און גענומען האַרציק שמייכלען צו אים, אַ שיינע און אַ רייצנדיקע פון אויפרעגונג. קיילין האָט מיט אַ ציטערדיקער האַנט אונטערגעשריבן דעם טשעק, דערלאַנגט שאַפּיראָן און שטיל געזאָגט:

— איר וועט מיר געבן אַ חתימה.

ער האָט געוואָלט אויפשטיין און פאָרן אַהיים. די פערד האָבן געוואַרט אין דרויסן. נאָר לאה איז צו אים צוגעשטאַנען. ער מוז מיט זיי עסן היינט מיטאָג און דערנאָך וועט זי פאָרן מיט אים אויף דער פאַרם און וועט דאָרטן פאַרבלייבן ביז אָוונט. און שאַפּיראָ האָט דערלאַנגט בראָנפן צום טיש און אויך שטאַרק געבעטן. ער איז געלאָפן פון קיך אין עס־צימער און צוריק, איז אַ פאָר מאָל אַראָפּ אין גאַס, און מען האָט געזען, אַז ער איז זייער צעטומלט און קאָן אַ מינוט נישט זיצן רואיק.

גלייך נאָכן עסן איז לאה אַוועקגעפאָרן מיטן אָנקל אויף דער פאַרם. אויפן וועג האָט ער איר דערציילט, ווי ער האָט שווער געליטן די לעצטע צייט. קיילין האָט אַ טרייב געטאָן די פערד. לאה האָט זיך צוגעדריקט צו אים און אַ מורמל געטאָן:

— ליבער אָנקל, מיר איז גוט מיט אייך.

די פֿערד זענען געלאָפֿן באַרג־אַראָפּ און קיילינען האָט זיך געוואָלט, זיי זאָלן זיך אַזוי טראָגן אַ גאַנצן טאָג און ער זאָל אַליין נישט קומען אַהיים.

אויף דער פֿאַרם האָבן זיך קיילינס קינדער געקליבן גיין שיטן מיסט־פּודער אויף אַ ברייטן פֿאַס ערד, וווּ מען האָט געזאָלט פֿאַרזייען האָבער. לאה האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דער אַרבעט מיט אַ באַגייסטערונג. זי האָט זיך איבערגעטאָן, פֿאַרבונדן דעם קאָפּ איבערן שטערן מיט אַ פֿאַרביק טיכל און געוואַרט, ווען אַלע וועלן אַרויס אין פֿעלד און ברענגען אַהין די מיסט־פּודער.

אַ ווײַלע שפּעטער זענען שוין אַלע געווען אויפֿן פּלאַץ. פּרינץ האָט זיך אויסגעצויגן אין שאָטן אויף אַ ברייטער קוסטע, אויף וועלכער עס האָבן געבליט אַגרעס. קיילין האָט אַוועקגעלייגט נעבן אים אַ פּאָר פּאַפּירענע זעקלעך מיט פּודער און גענומען קאָמאַנדעווען. ער האָט אָנגעשאָטן פֿולע פֿאַרטוכער לאהן מיט זיין טאָכטער, געהייסן זיי גיין און שיטן פֿון איין זייט און ער מיט סעמען זענען אַוועק פֿון דער צווייטער זייט, און אַזוי האָט זיך די אַרבעט אָנגעהויבן.

קיילין איז באַלד מיד געוואָרן. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויפֿן גראָז נעבן הונט און גענומען קוקן אויף לאהן און זיין טאָכטער, ווי זיי ביידע גייען איבערן פֿעלד און שיטן אַהער און אַהין הויפֿנס מיסט־פּודער, אויפֿהויבנדיק וואָלקנס שטויב אַרום זיך. ביידע זענען פֿון איין וווּקס און זעען אויס ווי אָרעמע שוועסטער, וואָס האָבן זיך אָנגעדונגען אויף טאָג־אַרבעט און פֿאַרנאַכט וועלן זיי אַוועקגיין מיטן ברייטן וועג אַהיים און זינגען הילכיק און אומעטיק. און נאָך אַנדערע געדאַנקען זענען אים געקומען אין קאָפּ. אָט ווען אסתּר און שאַפּיראָ שטאַרבן ביידע אין איין טאָג, וואָלט לאה דאַן חתונה געהאַט מיט אים? זי וואָלט ביי אים געגאַנגען אין סאַמעט און זיידנס, ווי אַ פּרינצעסין. ער וואָלט געקויפֿט אַן אויטאָמאָביל און איבערגעבויט דאָס הויז פֿאַר זיך. געלט האָט ער גענוג. אָט אַזוי וואָלט ער געלעבט אויף דער עלטער. נאָר זאָל אים גאָט נישט שטראָפֿן פֿאַר זיינע געדאַנקען. אסתּר איז אַ קראַנקע און אומגליקלעכע פֿרוי.

און פֿון דערווייטנס הערט זיך לאהס קול: זאָל דער אָנקל זיך צוקוקן גוט, ווי זיי אַרבעטן פֿלינק. באַלד זענען זיי פֿאַרטיק מיט אַ

האלב פעלד. און ווו איז פארפאלן געוואָרן סעם? זאָל ער צוטראָגן נאָך אַ זעקל מיסט־פודער. און ווי שיין איז דער טאָג אין די בערג ארום! זי פילט זיך ווי אַ מיידל פון זעכצן יאָר, און ווען זי האָט פליגל, וואָלט זי זיך אַ הויב געטאָן פון דער ערד אָט צו יענע וואָלקנדלעך, וואָס טראָגן זיך צו דער זון.

און קיילין טראַכט ווייטער, אַז לאַה איז גאָר ווי אַ קינד, און ווי אַזוי האָט אים גאָר געקאָנט איינפאלן, אַז זי נאַרט אים אָפּ.

דערווייל האָט זיך די זון אַראָפּגעלאָזט אַלץ נידעריקער. שאָטנס האָבן זיך אויסגעצויגן איבערן פעלד און די פארנאַכט־ווינטלעך האָבן פאַנאַנדערגעטראָגן אַ געשמאַקן ריח פון פרישע גראָזן און האָניג־בלומען.

די אַרבעט איז געווען פאַרטיק און אויסגעשמירטע מיט פאַר־שטויבטע פנימער איז מען מיט אַ געלעכטער און געפּילדער גע־גאַנגען צוריק צו דער פאַרם. און דאָ האָט זיי אָנגעיאָגט אַ בחור מיט אַ רענצל אויפן אַקסל און דערלאַנגט אים אַ בריוו. אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט. דער בחור האָט אַ וואָרף געטאָן אַ זשעדנעם בליק אויף לאַהן, דערנאָך אָפּגעשטעלט זיינע שאַרפע אויגן אויפן מיידל, אַז זי איז אַזש רויט געוואָרן און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. קיילין האָט איבערגעלייענט דעם בריוו און פריינטלעך אַ שמייכל געטאָן. אויפן אויסזען איז אים דער באַי געפעלן. קענטיק, אַ גע־זונטער יונג. הויך און ברייט אין די פּלייצעס. דאָס פּנים רונד און די אונטערשטע ליפּ אַביסל צו גראָב און זאַפטיק.

— ביסט אין דער צייט געקומען, — האָט געזאָגט קיילין און דערלאַנגט אים די האַנט. — קום אין הויז אַריין. האָסט שוין גע־אַרבעט אויף אַ פאַרם אַמאָל?

— שור, געאַרבעט, — האָט געענטפערט דער בחור, — מיין טאַטע איז אַ קאָלאָניסט.

ער האָט נישט אויפגעהערט צו קוקן אויפן מיידל, און זי האָט זיך ווי איינגעהויקערט אונטער זיינע אָנגעצויגענע בליקן און איז געגאַנגען אָן אַ זייט, מיטן פּנים צו דער ערד.

דער אַרבעטער האָט זיך אויסגערוט פון וועג און איז אויף מאָרגן פאַרטאָג אַרויס אין פעלד. קיילין איז געשטאַנען באַהאַלטן הינטער אַ בוים, געקוקט ווי ער אַקערט און טרייבט די פערד, ווי דאָס אייזן שניידט זיך ווייך אַריין אין דער ערד און גייט גרינג. און

דער בחור איז הויך און שטאַרק, אינגאַנצן אַ באַגאָסענער פֿון דער זון. ער האָט זיך שטיל און אומבאַמערקט צוריקגעקערט אין הויז, אַ באַרואיקטער, אַז דער אַרבעטער וועט שוין אים אַרויס־העלפֿן און אַלץ וועט זיין פּאַרזייט און וועט אויפֿבליען אין דער צייט.

איצט האָט קיילין געגומען טראַכטן וועגן „סעזאָן". ער האָט נישט געוווסט, וואָס מען טוט. עפּענען אַ האָטעל, אָדער פֿאַרדינגען דאָס הויז פֿאַר „רומערס". לאה האָט אים געראָטן אָפּגעבן „רומס", וועט ער זיין פֿרייער און נישט דאַרפֿן שטענדיק אַזויפֿיל האָוועץ און זאָרגן, די געסט זאָלן זיין צופֿרידן. און דערצו האָט זיין פֿרוי דאָך נישט געקאָנט פֿירן אַ האָטעל. איר אויסזען וואָלט פֿיל אָפּגע־שטויסן. ער האָט זיך געבעטן ביי לאהן, זי זאָל כאָטש דעם זומער בלייבן אויף דער פֿאַרם און אויסלערנען אים, ווי איינצואָרדענען דאָס הויז. זי האָט אים דערקלערט, אַז אָן איר וועט די „סטאָר" גיין שלעכט, וויל שאַפּירא וויים נישט, ווו איין און ווו אויס. זי וועט אָבער דאָך זיך סטאַרען קומען אַ פּאָר מאָל אין וואָך און אַלץ איינאָרדענען.

— דו ווייסט דאָך בעסער, — האָט קיילין געזאָגט, — און איך פֿאַרלאָז זיך אויף דיר, לאה, ווי אויף אַן אייגן קינד.

זיי זענען געשטאַנען ביים טויער און געוואַרט אויף אַן אויטאָמאָביל, וואָס האָט געדאַרפֿט פֿאַרבייפֿאָרן און נעמען לאהן מיט זיך. דער אָוונט איז צוגעפֿאַלן.

— ווען וועסטו ווידער קומען, מיין קינד? — האָט קיילין שטיל געפֿרעגט.

לאה האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן. דער אויטאָמאָביל איז צוגעפֿאָרן.

— גוד־באַי, אָנקל! — האָט זיך פּלוצים דערהערט איר הילכיק קול און איז גלייך פֿאַרגאַנגען אין מאַי־פֿאַרנאַכט.

קיילין האָט נישט געוואָלט זיך אומקערן אין הויז און איז אַ ווײַלע אַרומגעגאַנגען איבערן וועג ביים זומפּ.

פֿון דערווייטנס האָט ער געזען, ווי דער אַרבעטער שטייט מיט זיין טאָכטער ביים פּאָמפּ, רעדט עפּעס און זי לאַכט און באַשפּריצט אים מיט וואַסער, און האָט, קענטיק, שטאַרק הנאה פֿון זיין הויכער און פֿעסטער פֿיגור.

ער איז אייניקע מינוט געשטאַנען און געקוקט אויף זיי און דערנאָך איז ער אַוועק ווייטער. און ווידער האָט ער געטראַכט וועגן לאהן, אַז זי איז יונג און געזונט און ער איז קראַנק און מיט אַזוי פיל יאָרן עלטער פון איר, און אים איז געווען זייער אומעטיק.

פאַרן גיין שלאָפן איז קיילין באַלד שיר נישט אומגעפאַלן. ער האָט געקריגן אַ לייכטן אַטאַק און אין קאָפּ האָט ביי אים אַזוי געזשומעט, אַז ער האָט נישט געהערט, וואָס מען רעדט צו אים, און אַלץ נערוועז געפינטלט מיט די אויגן. אין דער פרי האָט ער געוואָלט אויפשטיין און אַרויסגיין מיטן אַרבעטער פאַרפלאַנצן גרינסן. נאָר ער האָט נישט געקאָנט און איז געבליבן ליגן אין בעט. ביי טאָג האָט ער דורכן אָפענעם פענסטער געהערט, ווי זיין פרוי רעדט מיטן אַרבעטער און דערציילט אים, אַז די דאָקטוירים האָבן אין ניו־יאָרק געזאָגט, אַז ער האָט אַ ראַק אויפן לעבער און מען קאָן עס נישט אויסהיילן. קיילין איז געבליבן ווי פאַרגליווערט און אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט זיין קערפּער. ענדלעך האָט ער זיך צופעליק דערוווסט, וואָס אַלע באַהאַלטן פון אים, און איצט פאַרשטייט ער, פאַרוואָס זיין אַלטע מוטער האָט דאָן, ווען זיי זענען געקומען פון אַ באַוווסטן דאָקטאָר, אַזוי געוויינט, געפאַסט און געבעטן ביי גאָט רחמים פאַר אים. אַ ראַק, אַ רויטער ראַק. אָט די מיאוסע באַשעפעניש קריכט אַרום אין זיינע געדערים און זויגט זיין בלוט און די זאַפט פון זיין לייב, און דערפאַר דאַרט ער אַזוי. ער האָט גענומען ציטערן ווי אין פיבער און רופן זיין פרוי. באַלד האָבן זיך דערהערט אירע שווערע טריט אין קאָרידאָר און זי איז אַריינגעקומען אין שלאָף־צימער. זי האָט זיך דערשראָקן פאַר זיין אויסזען, אַזוי האָט ער זיך אומגעביטן אין אַ פאָר מינוט. זיין פנים איז געוואָרן געל, ווי וואַקס, די אויגן איינגעפאַלן און דער נאָז שאַרף, ווי ביי אַ טויטן. ער האָט געוואָלט נעמען שרייען אויף איר און האָט נישט געקאָנט. זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו אים און גענומען וויינען, מיינענדיק, אַז ער האַלט ביים שטאַרבן. ער האָט דערזען די גרויסע טרערן, ווי זיי רינען פון אירע קאַסאָקע אויגן איבערן דיקן געזיכט, האָט ער זיך אַביסל באַרואיקט און אַ טראַכט געטאָן, אַז די פרוי האָט אים האָלד, און ווען ער וועט שטאַרבן, וועלן זיינע קינדער זי אַרויסטרייבן פון הויז און זי וועט בלייבן אַליין.

— מיר איז בעסער געוואָרן, — האָט ער שווער אַרויסגע־רעדט, — זעץ זיך אָט דאָ נעבן מיר. איך וועל דיך עפּעס פרעגן. אָבער האָב נישט קיין מורא און זאָג מיר דעם אמת. וואָס האָט דער דאָקטאָר דאָן דיר געזאָגט וועגן מיין קראַנקהייט?

— דו וועסט געזונט ווערן, — האָט אַרויסגעמורמלט די פרוי.

נאָר קיילין האָט איר איבערגעשלאָגן און פּלוצים דערציילט, אַז ער האָט נאָר וואָס געהערט, ווי זי האָט דעם אַרבעטער געזאָגט, אַז ער האָט אַ ראַק אויפן לעבער און מען קאָן אים נישט אויסהיילן. די פרוי האָט זיך גענומען שווערן און וויינען, אַז זי ווייס נישט פון וואָס צו זאָגן. זי האָט דעם אַרבעטער פון אין דער פרי אָן נאָר אין אירע אויגן נישט אָנגעזען. און אים האָט זיך פּשוט געחלומט, אָדער אויסגעדאַכט. ווען מען האָט אַ היצל פיבער, קומען אַלעמאָל אַזעלכע שווערע געדאַנקען און מען הערט זאַכן, וואָס זענען נישט־געשטויגן און נישט־געפלויגן. און ענדלעך האָט זיך קיילין אַביסל בארואיקט און געבעטן, די פרוי זאָל אים לאָזן אַליין. ער וויל איינ־שלאָפן. די פרוי איז אַ פאַרוויינטע אַרויס פון שלאָף־צימער.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז קיילין אויפגעשטאַנען, ער איז גע־וואָרן שטילער און מער פאַרבאַהאַלטן אין זיך, ווי פאַר אים וואָלט זיך אַנטפּלעקט עפּעס אַ גרויסער און טיפער סוד.

דער געדאַנק, אַז ער האָט אפשר אַ ראַק, האָט אינגאַנצן צעגו־מען זיין רו און אים געמאַטערט אפילו אין שלאָף. רויטע און קלע־פּיקע פלעגן זיי קריכן פון זומפּ, ציען זיך שורותווייז צום הויז, אַנפילן דאָס צימער, דראַפּען זיך אויף די ווענט און דערגרייכן זיין לייב און ער פלעגט זיך נישט קאָנען ראַטעווען פון זיי. ער האָט גענומען אָפּט פאָרן צו אַלערליי דאָקטוירים און זוכן ביי זיי הילף. נאָר יעדער פון זיי פלעגט אים געבן אַן אַנדער מיטל און בעטן קומען נאָך אַמאָל. איינער פלעגט אים הייסן עסן יונגע חזירימלעך, דער צווייטער נאָר גרינס און אפילו נישט קיין זופּ פון פלייש, און אַ דריטער, אַז זיין גאַנצע קראַנקהייט איז אַן איינגערעדטע זאַך און ער איז פּולקאָם אַ געזונטער מענטש.

נאָר דאָס פלעגט אים בארואיקן אויף אַ טאָג־צוויי און ער האָט ווידער געליטן און געזוכט אימיצן, וואָס זאָל אים ראַטעווען.

און אויף דער פאַרם איז אַלץ געגאַנגען קאַפּויער. דער אַרבע־טער איז געווען פויל, פלעגט זיך אָפּט אָנשיכּורן און סטראַשען, אַז

ער גייט אַוועק, און קריגן אַן אַנדערן האָט קיילין נישט געקאָנט, ווייל אַלע גוּיִים אַרום זענען געווען פאַרנומען אויף זייערע אייגענע פאַרמס, און פון זיין זון פלעגט ער אויך האָבן נאָר צרות. דער באַי האָט זיך באַפריינדעט מיט אַ פּאָר שיקסעס פון דאָרף און פלעגט האַלטן אין איין לויפן נאָך זיי און פאַרפאַלן ווערן אין די נעכט. ער האָט אים אַ פּאָר מאָל געוואָלט שלאָגן דערפאַר, אָבער דער זון האָט אים פלינק אָפּגעשטויסן, און איינמאָל איז קיילין שיר נישט געפאַלן פון זיינעם אַ שטויס.

די איינציקע גוטע טעג זענען געווען, ווען לאה פלעגט קומען אויף דער פאַרם. זי האָט אים געטרייסט, געמאַכט אַלע שוועריקייטן צו גאָרנישט, געגעבן אים האָפענונגען און זיך געלאַשטשעט צו אים, ווי אַ קינד, און פאַרנאַכט פלעגט זי אַוועקגיין און צוזאָגן באַלד ווידער צו קומען.

דערווייל האָט זיך אונטערגערוקט דער הייסער זומער. כּמעט אַלע טאָג פלעגן פון ניו־יאָרק אָנקומען צו קיילינען בריוו פון פרויען, וואָס פלעגן בעטן אַ צימער אָדער צוויי פאַרן סעזאָן, און באַלד האָבן זיי זיך גענומען באַווייזן מיט זייערע קינדער און וועגעלעך און אָנפילן דאָס הויז מיט געשרייען און געפילדער.

קיילין פלעגט איצטער אָפטער אַוועקגיין פון דער פאַרם און זיך דרייען אַרום זומפּ ביים וועלדל, וווּ עס האָבן געבליט אַ סך מאַלינעס און פּאָזעמקעס. ער פלעגט נישט קאָנען איבערטראָגן די געשרייען פון די קינדער, ווייל זיין געזונט איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן אַלץ ערגער און די נערוון שוואַכער, און די בלאָטע האָט אים געצויגן צו זיך און פאַרפאָלגט מיט אירע באַשעפענישן און רויטע ראַקעס, וואָס, ווי עס האָט זיך אים געדוכט, ליגן באַהאַלטן אין די גראָזן און וואַרטן נאָר, די נאַכט זאָל צופאַלן, זיי זאָלן זיך שורות־ווייז אַ ציִ טאָן צום הויז, אָנפילן די צימערן, דערגרייכן זיין לייב און פייניקן אים.

ער פלעגט אָפּשטעלן פאַרבייגייער, רעדן מיט זיי פון זיין קראַנקהייט און דערציילן זיינע קאָשמאַרן און אַלץ אָנווייזן אויפן זומפּ, און זיי פלעגן מיינען, אַז דער מאַן איז געווירט. אייניקע פלעגן אַוועקגיין, נאָר אַנדערע, באַזונדערס אַלטע פאַרמערס, האָבן אים אויסגעהערט, געקוקט אויף דאָס מוטנע, שלאָפנדיקע וואַסער מיט זיינע הויכע גראָזן און געשאָקלט מיט די קעפּ, אַז ווער ווייס,

אפשר געפינען זיך טאקע דאָרט די אַלע קלעפּיקע און קריכנדיקע חיות, וועגן וועלכע ער דערציילט, ווייל גאָר אַמאָל איז דאָ געווען אַ גרויסער וואלד און עס האָבן זיך אין אים געפונען כּל המינים בייזע רוחות, וואָס פלעגן פארנארן די ארומיקע פּארמער און פּייניקן זיי אין די זומפּן ביזן טויט.

— אַזוי, אַזוי, — פלעגט שעפּטשען קיילין מיט זיינע בלאַסע, דינע ליפּן, און דאָס קליינע, מוטנע וואַסער האָט אַלץ מער מורא אָנגעוואָרפן אויף אים. און דאָ פלעגן נאָך אַלע טאָג צושטיין די „רומערקעס" צו אים מיט טענות, אַז פון דער בלאָטע הערט זיך אַ שווערער ריח, אַ נאַסער און אַ שטיקנדיקער. און ווו זיך צו באָדן אין די גרויסע היצן האָבן זיי נישט, און דערפאַר זענען אייניקע אַוועק זוכן אַנדערע פלעצער. ער פלעגט נישט וועלן אומקערן זיי דאָס האַנטגעלט, און עס איז געווען אַ טומל, געשרייען און זידלעריי, און צום סוף פלעגט ער בלייבן אָן כּוח און קוים זיך דערנאָך שלעפּן איבער דער פאַרם אַזוי ווי אַ שאָטן און נישט קאָנען געפינען קיין שטילן פּלאַץ, ווו זיך אויסצורוען און בלייבן אַליין מיט זיינע שווערע געדאַנקען וועגן זומפּ און רויטן ראַק, וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין זיינע געדערים און זויגט זיין בלוט.

6

קיילין האָט זיך ווידער צעקריגט מיט לאַהן, און דאָס מאָל האָט ער זי שטאַרק באַליידיקט און זי איז אַרויס פון זיין הויז אַ פאַרוויינטע און לאַנג נישט געקומען אויף דער פאַרם. פריער מיט אַ פּאָר טעג איז קיילין אין אַוונט געזעסן ביי פיינבערגן און דאָרט איז אויך געווען דער מאַן, ביי וועמען פיינבערג האָט געקויפט זיין פאַרם. מען איז געזעסן, גערעדט און דערנאָך האָט דער מאַן דערציילט, אַז שאַפּיראָ מיט זיין פרוי באַרימען זיך איבעראַל, ווי אַזוי זיי האָט זיך איינגעגעבן פּטור צו ווערן פון זייער בלאָטע און נאָך מאַכן דערביי אַ פּאָר טויזנט דאָלאַר.

קיילין האָט זיך אומגעקערט אַהיים מלא רציחה און האָט דאָס ערשטע מאָל דערציילט אסתּרן, אַז שאַפּיראָ האָט אים אָפּגענאַרט אין געמאַכט אומגליקלעך. וועגן לאַהן האָט ער גאָרנישט געזאָגט און נאָר געטראָגן אויף איר אַ כּעס אין האַרצן און אַלץ געוואַרט,

זי זאָל קומען. אים האָט שטאַרק פאַרדראָסן, פאַר וואָס זיי רעדן נאָך ווען דעם און שטעלן אים אויס פאַר אַ נאַר.

עטלעכע טעג האָט געהאַלטן אין איין רעגענען און איבער די בערג האָבן זיך געצויגן וואָלקנס. די „רומערקעס" פלעגן נישט אַרויס פון הויז און פון די געשרייען און טומל און זשומען אין קאָפּ האָט קיילין געמיינט, אַז ער ווערט משוגע. אַלע צימערן זענען שוין ביי אים פון לאַנג געווען פאַרדונגען און יעדע מאַמע האָט געהאַט מיט זיך צו עטלעכע קינדער, וואָס פלעגן זיך האַלטן אין איין שלאָגן און רייסן און לויפן איבער די טרעפּ אַרויף און אַראָפּ. און דאָ האָט נאָך געטראָפן אַן אומגליק, וואָס האָט קיילינען אוועק־געלייגט אין בעט אויף אַ פּאָר טעג. זיין זון סעם איז געפאָרן מיטן אַרבעטער אין שטעטל נאָך שפּייז. אויפן וועג, ווען זיי האָבן געדאַרפט פאַרקירעווען צו אַ בריקל באַרג - אַראָפּ, האָט זיך דאָס פערד, וואָס איז געווען בלינד אויף איין אויג, מיט אַמאָל צעיושעט און איבער־געקערט דעם וואָגן. סעם האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אונטער דעם פערדס פיס און דעם אַרבעטער איז קוים געלונגען דאָס יינגל אַרויס־צושלעפּן. סעם האָט געוויינט און געשריגן אויפן קול, אַז מען האָט אים צעבראָכן אַ פיס און ער וועט בלייבן אַ קאַליקע. מען האָט סעמען אין אַן אויטאָמאָביל געבראַכט אַהיים, און ווען צוויי מע־נער האָבן אים אַריינגעטראָגן אין הויז, האָבן די ווייבער גענומען אַזוי שרייען און יאָמערן, אַז מען האָט דאָס יינגל דערהרגעט, אַז קיילין איז פּלוצים אומגעפאַלן און מען האָט געמוזט אַרויסרופן אַ דאָקטאָר אים אָפּצומינטערן און ברענגען צו זיך. סעם איז באַלד געזונט געוואָרן און קיילין איז געבליבן ליגן אין בעט אַ שווייג־דיקער, מיט מוטנע, טיפע אויגן און איינגעצויגענע, דאַרע באַקן, ווי ביי אַ מת. ער האָט גענומען פילן, אַז זיין סוף דערנענטערט זיך. דער ראַק איז געקראָכן צום האַרצן און דאַן איז אַלץ פאַרפאַלן. אים האָט זיך געוואָלט אַלעמען אַרויסיאָגן פון הויז און אַרום זאָל זיין טויט־שטיל. ער האָט קיינעם נישט געקאָנט זען און אפילו זיין פרוי פלעגט מורא האָבן אַריינצוגיין צו אים אין די טעג. איינמאָל פאַרנאַכט־צו, ווען דער רעגן איז שוין פאַרביי, איז געקומען לאה אויף דער פאַרם. קיילין האָט דערהערט איר קול און געבעטן, זי זאָל אַריינקומען צו אים. ער האָט זיך געזעצט אויפן בעט אַן אויפ־גערעגטער און גענומען וואַרטן, עס זאָלן זיך דערהערן אירע טריט

אין קאָרידאָר. איצט וועט ער איר אַלץ זאָגן אין פּנים, האָט ער גע־טראַכט, אַז זי האָט אים אָפּגענאַרט, איז אַ צעלאָזענע און האָט נישט קיין האַרץ און אַז איבער איר שטאַרבט ער פאַר דער צייט, ווייל זי האָט אים פאַרשלעפּט אין אַ זומפּ און האָט דאָ געקריגן דעם ראַק פון די נאַסע, שטיקנדיקע גערוכן, וואָס טראָגן זיך אַרום הויז.

מיט אַמאָל האָט ער אויפגעציטערט. אימיצער האָט אָנגע־קלאַפּט אין טיר און לאה איז שטיל אַריין אין אַ ווייסן, דורכזיכטיקן זומער - קלייד, אָן אַ העמד. זי איז צוגעגאַנגען צו זיין בעט און גע־פרעגט אַ פאַרזאָרגטע:

— אָנקל, ווי פילט איר זיך?

קיילין האָט אָנגעשטעלט אויף איר זיינע מוטנע אויגן, האָט שווער געאָטעמט און נישט געקאָנט אַרויסרעדן אַ וואָרט. דער גאַנ־צער כעס איז פּלוצים פאַרשוואונדן און טרערן האָבן אים גענומען שטיקן אין האַלז. זי האָט אויסגעזען אַזוי יונג און געזונט און מאָדנע רייצנדיק, איינגעהילט אין ווייכע שאָטנס פון זומערדיקן בין השמשות. ער האָט אויסגעשטרעקט צו איר זיינע הענט, גע־וואָלט זי צוציען צו זיך און אַרומנעמען, נאָר ער איז געבליבן ליגן אָן כח, אָן אויסגעדאַרטער, מיט איינגעפאַלענע באַקן און מוטנע, געלע אויגן.

— ליבער אָנקל, — האָט ער געהערט איר קול, — זייט רו־איק. איר טאָרט זיך נישט אויפרעגן.

— מיר איז אַזוי ביטער, איך פיל דעם טויט. אַ גאַנץ לעבן אַזוי שווער געהאָרעוועט און איצט דער זומפּ, וואָס האָט מיך פאַר־גיפטעט. אַלע האָט איר געזוכט אַ גיכן סוף פאַר מיר.

זי האָט אים גענומען באַרואיקן, זיך איינגעבויגן און געגעבן אים אַ קוש אין קאָפּ און דערנאָך איז זי שטיל אַרויס פון זיין צי־מער און איז גלייך אַוועק אהיים.

שפּעטער האָט קיילין געוויינט ווי אַ קינד און די טרערן האָבן אַלץ לויטערער און ריינער געמאַכט זיין נשמה, און ווען ער איז אויפגעשטאַנען און גענומען ווידער אַרומגיין, איז זיין האַרץ געווען פול מיט הכנעה און זייער גוט צו אַלעמען. ער האָט אַרויסגערופן פון שטאָט זיין אַלטע מוטער און צוויי אָרעמע שוועסטער מיט זייע־רע קינדער און זיי אַוועקגעגעבן זיין צימער און אַליין זיך אַרײ־

בערגעקליבן אין אן ענגערן פלאץ. ער האט זיך אויפגעהערט צו מישן אין די געשעפטן פון הויז און אלץ איבערגעגעבן דער פרוי מיט די קינדער און אליין גאנצע טעג און אוונטן שטיל און פארמעלעך ארומגעגאנגען איבערן וועג און צום גאנצן באקאנטן פארמער, ווו די שטאטישע יוגנט האט פארבראכט זייער וואקיישאן אין טענץ און געזאנג. און אין אים האט זיך אויפסניי דערוועקט א האפענונג, אז ער קאן נאך געזונט ווערן. די הייסע זון האט אויסגעטריקנט אביסל דעם זומפ און די הויכע גראזן האבן פארדעקט דאס מוטנע וואסער, און דאס שווערע גערוך. וואס פלעגט זיך טראגן פון דארט, איז ווי פארשווונדן אין די פראכטפולע זומערטעג, ווען ארום און ארום איז אלץ געשטאנען אין העלן בליען. כמעט אלע אוונט פלעגט ער זיין ביי פיינבערגן אויף דער פארם, ווייל דארט האט זיך געפונען א יונגערמאן, וואס האט געשפילט הארציק אויף א הארמאניע אמת־יידישע מעלאדיעס און ער האט זיך זייער באפריינדעט מיט אים, און דער יונגערמאן האט אים דערציילט, אז ער איז געווען זייער קראנק און די דאקטוירים האבן געצווייפלט אין זיין לעבן און קיין געלט האט ער נישט געהאט, האט ער געקריגן די הארמאניע, איז אוועק פון ניו־יארק און האט גענומען שפאנען איבער די וועגן און שפילן פאר מענטשן און גאט און לעבן רואיק און זארגלאז און שטיל, ווי עס לעבן די גראזן אין פעלד און די ביימער אין וואלד, און איצט איז ער געזונט אין פריילעך און טראגט א גלויבן אין הארצן. קיילין פלעגט שלינגען זיינע ווערטער און ווינען, אז זיין גאנץ לעבן איז געווען א זומפ און ער האט קיינמאל נישט דערגרייכט צו עפעס העכערס און איצט איז שוין שפעט און אלץ פארפאלן.

אפט פלעגט ער פארברענגען מיטן יונגנמאן ביז שפעט אין דער נאכט, הערן זיינע וואונדערבארע רייד וועגן לעבן און אלץ פלעגט פאר אים ווערן קלאר, ווי פאר א קינד, און ער האט געטראכט, ווען גאט טוט א נס און ער ווערט געזונט, וואלט ער אנגעהויבן א ניי לעבן. ער וואלט פארלאזט די „באורדינג־ביזנעס''. ער וואלט געארבעט אויפן פעלד און די טירן פון זיין הויז וואלטן געווען שטענדיק אפן פאר אלע ארעמע וואנדערער, וואס האבן נישט קיין פלאץ, ווו אוועקצולייגן זייער קאפ אין קאלטע, נאסע נעכט.

נאָר דער יונגערמאַן, וואָס האָט האַרציק געשפּילט אויף דער האַרמאָניע, איז אײַנגיכן אַוועק פון פינגבערגן שפּילן פאַר מענטשן און גאָט אין אַנדערע ערטער און צוזאַמען מיט אים איז אויך פאַרשווונדן די גוטע שטימונג ביים קראַנקן. ער האָט אָנגעפאַנגען ווידער שווער צו לײַדן און פילן, אַז זיין לעבן גייט־אויס. זיין נשמה האָט געוויינט און געבענקט ווידער נאָך לאהן און ער האָט שוין עטלעכע מאָל געשיקט זיין זון רופן זי און בעטן, זי זאָל קומען אָפּטער. ער האָט זיך ווידער גענומען מישן אין שטענדיקן טומל פון זיין הויז, האָט געהייסן נעמען גרעסערע פרייזן פאַר אַלע שפּייזן, וואָס ער פלעגט צושטעלן פאַר די „רומערקעס", און שעהן לאַנג, אַלע טאָג, אַרומגיין צעטומלט און האַלטן אין איין פאַרצייכענען עפּעס אין אַ בלויען ביכעלע און רעכענען, אָבער פון זשומען אין קאָפּ נישט געדענקען פונדאַנען אַהין און אָפט פלעגט זיך אים דאַכטן, אַז אַלץ אַרום אים איז איינגעהילט אין אַ טונקל ־ רויטן נעפּל, די מענטשן טראָגן זיך ווי אין אַ פאַרביקן רויך און ווערן באַלד פאַרשווונדן, זייערע שטימען הערן זיך ווי פון דערווייטנס, ווי אַ ווינט וואָלט עס דערטראָגן. זיי גייען אַוועק און קומען און שרייען און לאַכן און האַלטן קינדער אויף די הענט און זייערע פּנימער זענען גליקלעכע און בייזע און ער איז אַ פאַרלאָרענער צווישן זיי און ווייס נישט, וואָס צו טאָן פריער.

אסתּר און די קינדער האָבן זיך ביי אים געבעטן, ער זאָל זיך נישט מישן אין די ביזנעס, ווייל ער שטערט נאָר און עס טוט אים שלעכט. ער פלעגט ווערן אָנגעצונדן און שרייען, אַז נאָך איצט וועט ער אין איין שעה אויפטאָן מער אַרבעט, ווי זיי אַלע פאַר אַ גאַנצן טאָג, און פלעגט גלייך גיין אין גאָרטן עפּעס גראָבן, אָדער רייסן די ווילדע גראָזן, וואָס האָבן געוואַקסן מיט די גרינס און דערנאָך אַ גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט שלאָפן און אַלע ווײַלע וועקן זיין פרוי און שרעקן זי, אַז ער שטאַרבט. און אַזוי איז ער געוואָרן דאַר, ווי אַ סקעלעט, טרוקענע, געלע הויט און ביינער, און נאָר זיין שטאַרקע נאַטור און זשעדנעקייט צו לעבן און אַרבעטן האָט אים נאָך געהאַלטן אויף די פיס. לאהן פלעגט ער איצט האַסן, נאָר האַלטן זיך אין איין בעטן ביי איר, זי זאָל קומען וואָס אָפטער און נישט פאַרלאָזן אים. ער איז געווען זיכער, אַז זי האָט פאַרקירצט זיינע יאָרן און אים אַריינגעשלעפּט אין דער בלאָטע. נאָר גערעדט

האָט ער מיט איר צאַרט און גוט, ווי פֿריער, און זי פֿלעגט אָפֿט וויינען, קוקנדיק אויף אים, ווי אַלץ, וואָס זי האָט אָפּגעטאָן, וואָלט איר שטאַרק פֿאַרדראָסן, און זי האָט געליטן דערפֿון, זעענדיק, אַז זיינע טעג זענען געציילטע.

עס איז געקומען עפּעס אַ יום־טובֿ, אין דער צייט, ווען מען האָט שוין דאָס צווייטע מאָל אָראָפּגעשניטן דאָס גראָז פֿון די פֿעלדער. נאָך ערבֿ דעם טאָג זענען אָנגעפֿאָרן פֿיל מענער צו זייערע פֿרויען און ביי קיילינען אויף דער פֿאַרם איז געווען טומלדיק און פֿריילעך. ביז פֿאַרנאַכט איז דער קראַנקער ניט אַרויס פֿון זיין חדר און דער הונט פּרינץ פֿלעגט אַלע ווייל אַריין צו אים, זיך אַביסל דרייען אַרום זיין בעט און ווידער אַרויס מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און פֿאַרטרערטע אויגן, הינקענדיק אויף זיין לאַפּע.

קיילין איז דעם גאַנצן טאָג געלעגן אין אַ שווערן, האַלבן שלאָף און דאָס זשומען אין קאָפּ און דער טונקל־רויטער קלאַנג אין די אויערן האָט אויף אַ מינוט ניט אויפֿגעהערט, נאָר ער האָט אַלץ געטראַכט וועגן זיין פֿאַרם, פֿאַרוואָס זענען כּמעט אַלע ציפּלאַטעס אויסגעפֿאַלן און פֿון אַ פּאָר הונדערט קאַטשקעלעך זענען נאָר געבליבן צוויי און פֿון די אַלע גרינסן, וואָס מען האָט פֿאַרפֿלאַנצט, איז גאָרניט אַרויס געראָטן און די בולבעס זענען קליין און וואַסערדיק, און די אַרומיקע שכנים האַלטן אין איין רעדן, אַז ביי אים איז שמוציק אויף דער פֿאַרם און אָנגעוואָרפֿן און עס איז אַ חרפּה פֿאַר די גויים, פֿאַרוואָס איז ביי זיי ריין און עס איז דאָ בלומען אונטער די פֿענסטער, כאָטש פֿיל זענען אָרעם און פֿאַרדינען ווייניק. זאָל ער נאָר דערלעבן דעם נאָענטסטן זומער, וועט אַנדערש זיין. און ווער טומלט עס אַזוי אונטן? ווען וועלן זיי שוין אַלע אוועקפֿאָרן און לאָזן אים אַליין? ער איז אַזוי טויט־מיד. און ווען וועט ער שוין געזונט ווערן, האַרציקער טאַטע!

קיילין איז פּאַמעלעך אַראָפּגעקראָכן פֿון בעט און איז אַראָפּ אונטן. דער אָוונט איז שוין צוגעפֿאַלן און פֿון הינטער די בערג האָט זיך באַוויזן אַ פֿולע, זילבערנע לבֿנה. אין גרויסן צימער, וווּ די פּיאַנאָ איז געשטאַנען, איז געווען ליכטיק און די יוגנט האָט זיך געקליבן טאַנצן. אַלע ווייל פֿלעגט אימיצער אַ קלאַפּ טאָן איבער די קלאַווישן און אָפּגעריסענע טענער פֿלעגן זיך דערטראָגן פֿון די אָפֿענע פֿענסטער. קיילין איז אַביסל געשטאַנען ביי דער טיר פֿון

קיך, געקוקט, ווי די ווייבער שטופן זיך ביים אויוון און ווי אסתר זיצט אין א ווינקל, א שווערע און אן אויסגעמאטערטע, און אָטעמט מיט אן אָפן מויל, ווי ווערנדיק דערשטיקט. און ער האָט א טראכט געטאָן, אז זי ארבעט זייער שווער און ביטער. די קינדער זענען גראָב צו איר און פון אים הערט זי זעלטן א גוט וואָרט, און אזוי וועט זי אין א טאָג פאלן ביים אויוון. און זי איז דאָך א גוטע פרוי און האָט אזויפיל געדולד צו אים און צו זיינע קינדער. ער האָט איר געוואָלט עפעס זאָגן, נאָר די ווערטער האָבן זיך פארהאלטן ביי אים אין האלז און די אויגן זענען געוואָרן נאס פון טרערן.

ער איז אוועק איבערן הויף. אָן א זייט, אונטער א בוים, איז געזעסן זיין טאָכטער מיטן ארבעטער און האָבן געלאכט. ער האָט שוין אויך פריער א סך מאָל באמערקט, אז זיי באהאלטן זיך אָפט פון אלעמען און אז אירע אויגן זענען געוואָרן ליכטיקער, ווי אין זיי וואָלט זיך אָנגעצונדן א פייער.

ער איז שטיל צוגעגאנגען און אָנגעשריגן אויפן מיידל, זי זאָל גיין אין קיך העלפן דער מוטער. נאָר זי האָט זיך נישט גערירט פון אָרט און געוואַרט ביז דער פאָטער וועט אוועק, און קיילין איז גאָך א ווײַלע געשטאנען, עפעס געפרעגט ביים ארבעטער און זיך אוועקגעשלעפט ווייטער איבערן הויף.

אין הויז האָט מען שוין געשפּילט און געטאנצט. בחורים און מיידלעך האָבן זיך געטראָגן פלינק אין א קאראהאָד, געטופּעט מיט די פיס און געקוויטשעט פון פרייד, און די ווייבער האָבן זיך געדרייט מיט אומגעלומפּערטע באוועגונגען. זייערע זאטע פּנימער זענען געווען רויט און פארשוויצט און די אויגן האלב־פארמאכט פון פארגעניגן. אביסל שפּעטער האָבן די מענער געבראכט ווײַן און בראָנפן און מען האָט גענומען הוליען און זינגען. איינער פון די געסט, א קליין בחורל מיט לעבעדיקע אויגן, האָט געמאכט אלעמען פריילעך און באוויזן אלערליי קונצן מיט קאָרטן און זיך געמאכט נאריש, ווי א פּאיאץ. דער טומל און די געשרייען פון די קינדער האָבן זיך געהערט ווייט ארום און קיילין איז אלץ ארומגעגאנגען איבערן הויף און זיך נישט געפונען קיין פּלאץ. די לבנה איז שוין געשטאנען הויך אין הימל און די גראָזן אין זומפּ האָבן אויסגעזען ווי באזילבערט און צארט. דאָרט, האָט זיך אים אלץ געדאכט, ליגן באהאלטן די מאָדנע באשעפענישן, וואָס וואַרטן נאָר,

עס זאָל ווערן פינסטער און דאַן וועלן זיי זיך אַ צי טאָן צום הויז, אַנטיילן די צימערן און פאַייניקן אים.

— טאַטע האַרציקער, טאַטע האַרציקער! — פלעגט ער נאָכ־אַנאַנד זיפצן און אַלע ווײַלע זיך צוזעצן אָפּרוען בײַם פּאָמפּ אויף אַ שטיין. ענדלעך איז ער זייער מיד געוואָרן און זיך אַרײַנגעשלעפּט צו זיך אין צימער. זײַן פרוי, אין די קליידער, איז שוין געשלאָפן. דאָ האָט זיך דער טומל פון אונטן נישט געהערט אַזוי שטאַרק. ער האָט זיך, אויך אַן אָנגעטאָענער, אויסגעצויגן נעבן איר און פאַר־מאַכט די אויגן. און ווידער איז אָנגעפאַלן דער האַלבער, שווערער שלאָף, וואָס האָט אים געמאַטערט אַ גאַנצן טאָג, — און זײַן מאַמע האָט פאַרן האַנט אַרײַנגעפירט צו אים זײַן ערשטע פאַרשטאָרבענע פרוי און זי האָט גלײַך גענומען עפּעס זוכן אין צימער און אויס־געזען האָט זי אַזוי ווי אַ פּאָר טעג פאַרן טויט, בלאַס און זייער אויסגעדאַרט, מיט פאַרטרערטע, גוטע אויגן. ער האָט זי געוואָלט פרעגן, ווו איז זי געווען אַזוי לאַנג און דערצײַלן, אַז ער איז קראַנק, דאַרף האָבן רו און דאָ טומלט מען אַזוי, אַז ער קאָן נישט אײַנ־שלאָפן... שפּעט אין דער נאַכט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון אַ שטאַרקן ווייטאָק אונטערן האַרץ. ער האָט גענומען וועקן זײַן פרוי, נאָר זי איז געשלאָפן ווי אַ דערהרגעטע. האָט ער זיך אַראָפּגעשלעפּט פון בעט און לאַנגזאַם, דורכן טונקעלן קאָרידאָר, זיך אַרויסגע־שאַרט אין דרויסן. אַרום איז געווען שטיל און די לבנה האָט העל געלויכטן. אַלע זענען שוין פון לאַנג געשלאָפן מידע פון טאַנצן און זינגען און פאַרשיכורטע פון בראָנפן און ווײַן. ער האָט לײַכ־טער אָפּגעאָטעמט און זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן שטיין בײַם פּאָמפּ. דער ווייטאָק אונטערן האַרץ איז שטילער געוואָרן. ער האָט זיך אויפגעהויבן און געוואָלט אַרײַנגיין צוריק אין הויז. און מיטאַמאָל איז ער געבליבן ווי פאַרגליווערט. אַ פרויען־פיגור אין אײַן העמד איז אַרויסגעשפּרונגען פון אַן אונטערשט פענסטער און זיך אַ לאָז גע־טאָן לויפן אין דער זייט, ווו אַ פּאָר ביידלעך זענען געשטאַנען אונטער בוימער, ווו אייניקע בחורים האָבן זיך געפּונען, ווײַל אין הויז איז נישט געווען קיין פּלאַץ פאַר זיי, ווו צו שלאָפן. קיילין האָט נישט דערקענט, ווער דאָס איז, און איידער ער האָט זיך אַרומגעקוקט, איז די פיגור שוין פאַרשוווּנדן אונטער די בוימער און זיך באַהאַלטן אין אַ ביידל.

ער איז פּאַמעלעך צו צו די בוימער און זיך גענומען צוהערן. עס האָבן זיך געהערט שטילע, אָפּגעריסענע ווערטער אין איינע פון די ביידלעך, וווּ זיין אַרבעטער איז געשלאָפן. מען האָט זיך געקושט און באַלד האָבן זיך דערהערט איינגעהאַלטענע קרעכצן און פאַרשטיקטע קולות, ווי מען וואָלט אימיצן געפּייניקט אין דער נאַכט און נישט געלאָזט אים שרייען. און פּלוצים איז שטיל געוואָרן. קיילין איז אָפּגעטרעטן פון בוים, געטראַכט, ווער עס קאָן עס זיין פון די ווייבער, און איז אַוועק צוריק צום הויז. אַריינגייענדיק אין קאָרידאָר, האָט ער באַמערקט, אַז די טיר פון זיין טאָכטערס צימערל איז אָפן און אין איר בעט איז קיינער נישטאָ. ער האָט זיך גלייך געכאַפּט, וואָס דאָ קומט פאָר, און צוזאַמענגעדריקט דעם קאָפּ מיט ביידע הענט. אַזוי שרעקלעך האָט אים גענומען זשומען און קלינגען אין די אויערן. דאָס איז זיין איינציקע טאָכטער דאָרט אין ביידל מיטן אַרבעטער, און אירע קולות האָבן זיך עס געהערט. ער האָט געוואָלט לויפן אויפוועקן זיין פרוי. נאָר ער איז אַראָפּ פון די טרעפּ און אַרויס אין דרויסן. ביי דער טיר איז ער געבליבן שטיין און נישט געהאַט קיין כּח זיך צו רירן ווייטער. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן שוועל און דערפילט, ווי אַ הייסע כוואַליע שטיקט אים אין האַלז און ער האָט גענומען ברעכן מיט בלוט, און באַלד האָט זיך אים פאַרדרייט דער קאָפּ און אַלץ איז פאַרשוווּנדן אַרום. נאָר אינסטינקטיוו האָט ער זיך געוואָלט אויפהויבן און אַריין צוריק אין הויז, איז ער מיטאַמאָל אַ פאַל געטאָן מיטן פּנים צו דער ערד און איז געבליבן ליגן אָן לעבן.

---

דער אַלטער הונט פּרינץ, וואָס האָט געדרימלט ביים טויער, האָט דערהערט אַ קלאַפּ און צוגעהינקט צום הויז. ער האָט דערקענט זיין באַלעבאָס, אים אַרומגעשמעקט און געלעקט זיין פּנים. און ווען ער האָט דערזען, אַז יענער וויל נישט אויפשטיין און ליגט אָן אַן אָטעם, האָט ער זיך צעבילט מיט אַ געוויין און געיאָמערט אין דער שטילער נאַכט אַריין.

